רחל ווייגשטיין

# דער וועג צוריק

נאָוועלן



אַרויסגעגעבן פון

פרויען ליג פון ישיבה באר שבע



ניו יאָרק • 1972

געדרוקט ביי „בלשן"

# אינהאַלט





# פריינד

## קאַפּיטל איינס
## אין דייטשלאַנד

נישט ווייט פון דער רוישיקער שטאָט ניו־יאָרק ליגט דאָס שטעטעלע מאָונט־קיסקאָ. פאַראַן אין מאָונט־קיסקאָ גאַסן ווי אין ניו־יאָרק, נאָר דאָ זיינען זיי פיל ריינער. יעדער פילט אַז די גאַס, דער דרויסן, איז אַ טייל פון זייערע הייזער. קעכלט מען טאַקע און מען רייניקט די טראָטואַרן און מען האַלט אין אָרדענונג די גערטנדלעך אַרום די הייזער.

פאַראַן אין מאָונט־קיסקאָ אויך רוישיקע גאַסן: די געשעפטן, די שוי־פענסטער — ברייטע, מיט ווייבערישע און מענערישע קליידער; קענדי סטאָרס, וואו מען פאַרקויפט ענגלישע און יידישע צייטונגען. אין די זייטיקע געסלעך שטייען ברוינע הייזער, איינצלנע שילדן פון גראָסערי קראָמען, כינעזישע וועשערייען, און רעסטאָראַנען. אפילו סאַלונען פעלן דאָ אויך ניט. מ'קומט דאָ אַהער מיט קאַרס און טרעינס וועלכע קורסירן פון ניו־יאָרקער „גרענד סענטראַל" סטיישאַן. אַ פינף גאַסן פון דער מאָונט־קיסקאָ באַן סטאַנציע, שטייען איינשטאָקיקע, ברוינלעכע הייזער. יעדער הויז מאַכט דעם איינדרוק ווי אַ ווילע; דאָ זעט מען קלעטער פלאַנצן אויף די הייזער. די דעכער זיינען באַדעקט מיט רויטע שטיינדלעך (דאַכעווקעס). און אָט איז אַ גאַס וואו עס געפינען זיך „בשר־כשר" סטאָרס און כשרע רעסטאָראַנען.

אויבנאויף, דוכט זיך אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך, אָבער דאָ געפינט זיך אַ ישיבה אויך אַנדערש פון אַלע ישיבות אין ניו־יאָרק, מחמת די ישיבה־בחורים וואָס לערנען אין דער ישיבה פאַרנעמען זיך

אויך מיט אַרבעטן אויף דער פֿאַרם, וואָס געהערט צו דער ישיבה, אין זײַער פֿרײַער צײַט.

ווי איז אויפֿגעקומען די דאָזיקע מערקווירדיקע ישיבה פֿון תּורה און אַרבעט? דאָס האָט פּאַסירט גלײַך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען צו די ברעגן פֿון אַמעריקע זײַנען אָנגעקומען די על־פּי נס לעבן־געבליבענע פּליטים נאָכן גרויסן יידישן חורבן אין אייראָפּע, די וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פֿון היטלערן, ימח־שמו. ניו־יאָרק האָט ניט געהאַט גענוג אַרבעט און דירות פֿאַר די ניי־געקומענע. דער „וועד־הצלה" האָט געהאָלפֿן די פּליטים געפֿינען אַ מקום־מנוחה פֿאַר די יידישע פּליטים איבערן לאַנד, זיי צעשפּרייט אין שטעט און שטעטלעך אויסער ניו־יאָרק און אויך אין קאַנאַדע.

צווישן די ניי־געקומענע פּליטים האָט זיך געפֿונען אַ גרופּע יונגע יידישע בחורים און מיידלעך, אויסגעמאַטערטע אין אויסזען, אָבער פֿול מיט ענטוזיאַזם און האָפֿענונג אויף אַ בעסער לעבן. זיי האָבן געבעטן דעם „דזשאָינט" און דעם „וועד־הצלה" זיי צו העלפֿן זיך באַזעצן ערגעץ אויסער דער שטאָט ניו־יאָרק. זיי ווילן לעבן אויף דער פֿרײַער נאַטור, און זיך אָפּגעבן מיט פֿאַרם־אַרבעט. די יונגע בחורים און מיידלעך האָבן ביי זיך אָפּגעמאַכט חתונה צו האָבן און וואוינען ניט ווייט איינער פֿון אַנדערן. זיי זײַנען דאָס רוב געבליבן אַליין אָן זייערע עלטערן, פֿון זייערע משפּחות איז קיינער ניט גע־בליבן, און די דאָזיקע גרופּע יונגע בחורים און מיידלעך האָבן זיך איצט געהאַלטן צוזאַמען ווי איין משפּחה. זיי זײַנען געווען מיד פֿון אַרומ־פֿאָרן — וואו גענעכטיקט — ניט געטאָגט. צום שטאָטישן לעבן האָבן זיי קיין חשק ניט געהאַט. געווען ביי זיי אַ געוואַלדיקע ליב־שאַפֿט צו דער נאַטור — דעם פֿרייען דרויסן, פֿילן אויף זיך דעם ווינט, און אַרײַנאָטעמען פֿרישע לופֿט, ניט ווי אין שטאָט, קוקן אויף דעם ענדלאָזן בלויען הימל, און זען דעם וואונדערבאַרן אויפֿגאַנג און אונטערגאַנג פֿון דער זון.

מיט דער הילף פֿונעם „דזשאָינט" האָט מען די דאָזיקע יונגע לייט און מיידלעך אַלעמען איינגעאָרדענט אין מאָונט־קיסקאָ, ניו־יאָרק, וואו מען האָט פֿאַר זיי אויפֿגעבויט אַ פֿאַרם־ישיבה. זיי האָבן זיך

געהאַלטן צוזאַמען. געפּראַוועט שטילע חתונות ביים רב, כאָטש אָן מחותנים. ווי יונג זיי זיינען געווען, האָבן זיי שוין געהאַט די דער־פאַרונג ווי פון גאַר גרויסע העלדן און גבורים. דאָס זיינען געווען קינדער געראַטעוועטע פון די גאַז קאַמערן אין טרעבלינקע און אויש־וויץ. אַ טייל פון זיי זיינען געווען פּאַרטיזאַנער, דער גרעסטער העלד און גבור צווישן זיי איז געווען הערשעלע. אַ בחור מיט ווייס־פלאַקסענע האָר און הימל־בלויע אויגן מיט שפּרענקעלעך אויפן פּנים, ווי אַ קינד. הערשעלע איז דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. אַ בלאָנדער, אַ ניט דערוואַקסענער, דאַרער, מיט לאַנגע ניט געשוירענע האָר, האָט ער אויסגעזען ווי אַ קליין דאָרפיש שיקסעלע. ער האָט דורכגעמאַכט דעם היטלער־גיהנום אין וואַרשעווער געטאָ. יעדער האָט געוואוסט אַז הערשעלע האָט פלינקע פיס און אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. ווער עס האָט אים דערקענט האָט אים ליב באַקומען. ער איז געווען דער אָנפירער פון זיין גרופּע, כאָטש ער אַליין האָט דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט צוגעבן. ער איז אַלעמאָל געווען גרייט זיך מקריב זיין פאַר יענעם, פאַר זיינע פריינט. אַלעמאָל מיט אַ שמייכל, מיט אַ גוט וואָרט. שפּעטער צו 18־19 יאָר איז ער מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן ניט נאָר אין דער הויך, נאָר אויך ווי אַ העלד פון אַ לעגענדאַרער געשיכטע. הויך געוואַקסן מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ קוק אין זיינע הימל־בלויע אויגן וואָס האָבן געקוקט אַמאָל אויך טיגעריש בייז, און יעדער שונא ישראל האָט פאַר אים געציטערט. עס האָט אויסגעזען ווי דער צאָרן פון הימל פאַרן פאַרפאָלגטן אומגליקליכן פאָלק ישראל קוקט אַרויס פון זיינע אויגן. זיין קאָפּ איז פון די נאַציס געשעצט געוואָרן זייער טייער, ניט קוקענדיק אויף זיינע יונגע יאָרן.

גאָר אַן אַנדערער איז אָבער הערשעלע געווען צווישן זיינע אייגענע יידישע קעמפער אין געטאָ. זיינע אויגן מילד און גוט האָבן געקוקט אויף יעדן ווי אַ געטלעכער פונק פון גוטסקייט האָט זיך אין זיי געפונען. די חברים האָבן אים ליב געהאַט און געוואַרעמט זיך אין זיין געטריישאַפט און איבערגעגעבנהייט צו זיין פאָלק.

ר׳ נחום ערלעך, הערשעלעס פאָטער, איז געווען אַ ייד אין די 50־ער יאָרן. אין וואַרשע, וואו ער האָט געוואוינט ביז דער צווייטער

וועלט-מלחמה, איז ער געווען אַ סוחר, האָט געהאַט אַ שניט קראָם, וואו עס פלעגן אים אַרויסהעלפן צוויי פון זיינע זין און אויך אַ פּאָר אָנגעשטעלטע. זיין פרוי עטעלע, מיט מילדע שוואַרצע אויגן, איז געווען דער שטאָלץ פון נחום ערלעך. אַ געלערנטע, האָט זי געפירט אַלע ביכער פון זייער געשעפט. ר׳ נחום האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען, געווען באַוואוסט ניט נאָר אין וואַרשע, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. מען האָט געשעצט אומעטום די דאָזיקע נאָבעלע, פרום-יידישע משפחה. זעקס קינדער האָבן זיי געהאַט. דער עלטסטער זון — יעקב, אַ פאַרברענטער ציוניסט, אַ שרייבער אין דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע — איז געווען גערעכט אין זיין פאָטער. פול מיט ענערגיע, און געהאַט אַ חוש פון הומאָר. אין זיין געזעלשאַפט איז קיינער אומעטיק ניט געווען. עס איז מיט אים גרינג געווען צו ווערן פריינד. נאָך אים זיינען געווען נאָך צוויי זין — ערלעכע, שטילע, גוטע קינדער און גוטע יידן. איין טאָכטער טאַמאַרע, האָט חתונה געהאַט צו 16 יאָר — איין יאָר פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה. נאָך טאַמאַרען, יינגער מיט 6 יאָר איז געווען איר ברודער הערשעלע, און נאָך הערשעלען קומט פריידעלע. די צוויי יינגערע קינדער, הערשעלע און פריידעלע, זיינען געוואַקסן צוזאַמען, זיך געשפּילט צוזאַמען און געגאַנגען אין שולע צוזאַמען. אין אויסזען זיינען געווען ביידע זייער ענלעך. די עלטערע קינדער, ווידער, אַחוץ דער עלטסטער זון, זיינען געווען גערעכט אין דער מאַמען: מיטל-וואוקסיק, מיט שוואַרצע האָר און שוואַרץ-חנעוודיקע אויגן. די איידל-קייט האָט זיך אָנגעזען אי אויף זייערע פּנימער אי אין זייער אויפ-פירן זיך צווישן מענטשן. דער עלטסטער זון יעקב — אַ הויכער בלאָנדער בחור, האָט פאַרמאָגט פאַרשייטע פייערלעך אין זיינע בלויע אויגן. אַזוי אויך הערשעלע און פריידעלע. זיי זיינען געווען גערעכט אין זייער פאָטער נחום.

אַלץ איז געגאַנגען בסדר. די פריינט, די טאָגטעגלעכע טעטי-קייט, די וואוילטעטיקע אַרבעט, ביז עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט-מלחמה. ווי אַלע זייערע יידישע פריינט האָבן זיי זיך דערזען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע לאַגערן. אַ חוץ יעקב, וואָס איז אין דער צייט געווען אין פראַנקרייך. עס איז געווען אין אַ פרייטאָג

צונאַכט, אַלע זיינען געזעסן ביים שבתדיקן טיש, אויך טאַמאַרע מיט איר מאַן. אין שטאָט איז געווען אַן איבערקערעניש. עס איז געווען שווער זיך צו באַשליסן. לויפן זיך אויסבאַהאַלטן? אפשר וועט מען אויף זיי רחמנות האָבן און מען וועט זיי לאָזן צורו? אַ קלאַפּ אין טיר, די טיר איז שוין אויפגעבראָכן. אַ פולע שטוב מיט דייטשע מערדערליכע פּנימער, דער טיש מיטן לייכטער איבערגעקערט, אויס־געלאָשן די ברענענדיקע ליכט. עס פליען פּעטש און שמיץ מיט אַ נאַראַפּניק. מען שטויסט און שלעפּט די געחלשטע מאַמען, מען רייסט אָפּ די וויינענדיקע טאַמאַרע. מען האָט אַלעמען געטריבן צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע אומגליקליכע, הונדערטער און טויזנטער יידישע ברידער און שוועסטער. די נאַצים האָבן אפילו ניט געשוינט ברעקלעך קינדער. איבערנאַכט זיינען אויסגעוואַקסן לאַגערן, אַרומגעצוימטע מיט דראָטן. עס האָבן די יידן געהיט די באַשטיוועלטע טייוולאָנים. וואו איז אַהינגעקומען די העלדישקייט פון יידישן פאָלק? טויזנטער יידן זיינען אומגעקומען, קיינער האָט ניט געהאַט קיין כוח זיך אַנטקעגן שטעלן. הונגער, יידישער צער פון אַ געפּאַלענעם זון, טאָכ־טער אָדער ליבע טאַטע־מאַמע, האָבן צוגענומען דעם מוט פון העלדישן פאָלק.

די ערשטע צייט איז די פאַמיליע ערלעך געווען צוזאַמען. אָבער גאָר אין גיכן האָט מען צוגענומען די צוויי עלטערע זין צו דער אַרבעט. ערגעץ האָט מען זיי געפירט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. יוסף — דער עלטסטער, האָט זיך נאָך געהאַלטן, דער יינגערער — פייוויש, האָט אַלץ געשוויצט, און אַלעמאָל גע־חלשט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער ליידט שוין אַ לאַנגע צייט פון שווינדזוכט. ער שפּייט מיט בלוט און ליידט שטילערהייט אין זיך נישט וועלנדיק פאַרשאַפן דער משפחה עגמת נפש. ווען איינער פון די דייטשן האָט באַמערקט ווי ער האָט אויסגעשפּיגן מיט בלוט האָט ער אים דערשאָסן. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין טרערן פון דעם עלטערן יוסף, וואָס האָט זיך געוואָרפן אויף דעם מערדערליך־דערשאָ־סענעם ברודער, געוויינט און געבעטן הילף, קיינער פון זיינע פריינט האָט זיך ניט גערירט. ער האָט געהערט צוויי ווערטער: היט אָפּ די טאַטע־מאַמע, און ער האָט אויסגעהויכט די נשמה. לאַנג און שווער

האָט מען יוספֿן געשלאָגן ביז בלוט, און פֿאַרנאַכט געלאָזן אים אַ צעביילטן אין אָנמאַכט לעבן דעם קערפּער פֿון זײַן טויטן ברודער פּייוויש. מען האָט דעם טאַטן דערציילט וואָס עס איז געשען. די קני זײַנע האָבן זיך אונטערגעבויגן. ער איז געבליבן זיצן אויף דער ערד, וואו מענטשן זײַנען געבראַכט געוואָרן פֿון דער אַרבעט, אָבער קיינער האָט ניט געזען קיין טרערן. הערשעלע געדענקט, ער איז צוגעקומען צום פֿאָטער, געגלעט זײַן האַנט, טרערן זײַנען ביים קינד גערונען פֿון די אויגן און ער האָט געפֿרעגט: וואָס זאָגן דער מאַמען? — דער מאַמען? — האָט דער פֿאָטער איבערגעחזרט. אָ, יאָ, דער מאַמען... ער האָט אויסגעווישט אַ טרער. מען וועט מוזן זאָגן דעם אמת. בעסער פֿון מיר מיט דיר ווי פֿון פֿרעמדע. ווי קען מען זי אָפּנאַרן ווען אַלע רעדן און דערציילן? אויך עסן וועט מען פֿאַר זיי ניט געבן. זי, דײַן מאַמע, גייט דאָך קריגן דאָס עסן. ר׳ נחום ערלעך האָט שטאַרק געקוועטשט דאָס הענטעלע פֿון הערשעלען. העלף מיר ג־ט איבערטראָגן די יסורים! אַ פֿײַערל פֿון נקמה האָט זיך דעמאָלט אָנגעצונדן אין די אויגעלעך פֿון הערשעלען, אָבער ער איז דאָך געווען אַ קינד.

צו הערשעלעס וואונדערן זיך איז גאָר די מאַמע געווען די שטאַרקע. זי האָט געגלעט איר מאַנס קאָפּ און געבעטן זיך האַלטן שטאַרק — זיי האָבן אַ חוב צו די לעבעדיקע קינדער. דער טאַטע האָט געזאָגט קדיש נאָך זײַנע זין פּייוויש און יוסף. אַ שוואַרצער וואָלקן האָט באַדעקט די הימלען פֿון דער ליבער משפּחה.

זיצענדיק מיט נאָך אַ פּאָר יינגלעך אין דרויסן ביי אַ שטיין, האָט הערשעלע זיי דערציילט וועגן טויט פֿון זײַנע צוויי ברידער אין איין טאָג. איין יינגל פֿרעגט: „הערשעלע, פֿון וואַנען ווייסטו אַז יוסף איז אויך טויט?" און הערשעלע ענטפֿערט, אַז זײַן פֿאָטער האָט זיך אײַנגעבעטן דעם זעלבן אויפֿדערנאַכט ביי אַ יידישן אויפֿזעער אַז ער וויל זען די דערשאָסענע פּייווישן און יוספֿן. מיט גרויס שוועריקייט איז געלונגען די צוויי דערשאָסענע ברידער ברענגען אין לאַגער. דער פֿאָטער איינער אַליין האָט פֿאַרמאַכט זייערע אויגן, און הערשעלע האָט געזען ווי מען האָט זיי מקבר געווען. יעצט זאָגט דער טאַטע קדיש... אַלע קינדער שווייגן, ביי יעדן רייסט זיך אַרויס

א קרעכץ. הערשעלע מאַכט אַ קולאַק: אַ! ווען ער איז גרעסער, ווען ער קען... ער וואָלט זיי... אַלע שרייען, שאַ...!

עס קומט צו אַ דייטש, און פרעגט: וואָס „וואָלסטו״? קום! אַלע קינדער ווערן פאַרציטערט. הערשעלע גייט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ. זע נאָר דעם העלד מיט וועמען ער פאַרמעסט זיך? דער דייטש קוקט ניט צום קינד, נאָר ער זאָגט שטיל: „איך האָב פאַר דיר אַ געררום פון יעקבן, קוק ניט אויף מיר. ער דאַרף דיך זען. פון איצט אָן וועט ער הייסן זשעראַר. דאָס איז אַ פראַנצויזישער נאָמען. דו זעסט דיביידל אין דער הויך וואו אַ זעלנער גייט אַרום און היט דעם פּלאַץ? דאָרטן זיינען אויך פּראָזשעקטאָרס צו באַלויכטן דעם הויף און זען וואָס יעדער פון די יידישע קרבנות טוט. איז לעבן פאַרקן ליגט פון האָלץ געמאַכט ווי אַ גרויסער שטיין, אָפּגעפאַרבט. עס איז גרינג אים צונעמען און שטעלן צוריק אויפן אָרט. אונטער דעם שטיין קען מען אַראָפּ טיף אונטער דער ערד. דאָרטן זיינען פאַראַן ברייטע רערן וואָס פירן אין שטאָט אריין. אין די רערן קען אַ גרויסער מענטש זיך שטעלן אויף די פיס. עס זיינען אויך פאַראַן לאַנגע שטעקנס ביי דער וואַנט אויף זיך אָנצוהאַלטן. דאָס איז אויב עס ווערט אָנגעפילט מיט וואַסער, אָדער אויב מען וויל זיך אָפּרוען. מאָרגן ביינאַכט, זאָג דיינע עלטערן אַז דו גייסט זען דיין ברודער. קלייב אויס נאָך אַ אינגל, אָבער מיט ווייסע האָר, ווען דו וועסט אַרויס פון דער רער, וועט אימעצער צוקומען און זאָגן: זשעראַר וואַרט אויף דיר, און יעצט טראָג זיך אָפּ״.

ווי אַ נייגעבוירענער האָט הערשעלע זיך אָפּגעטראָגן. אין לאַגער האָט מען געמאַכט יעדן שווער אַרבעטן, אפילו אַזעלכע קינדער ווי הערשעלע. מען האָט געדאַרפט צונויפפאָרן שיך פון די טויטע יידישע קרבנות, סאָרטירן קליידער. די קינדער, מיט פאַרקריצטע ציינער פלעגן ניט איינמאָל געפינען אין אַ קעשענע פון אַ מאַנטל אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס ווייזט די ליבע פנים׳לעך פון קליינע קינדער. דאָס זיינען געווען בילדער פון די דערמאָרדעטע יידישע קינדער. יעצט האָט דאָס קיין ווערט ניט געהאַט. די קינדער אַרבעטענדיק, פלעגן הוסטן פונעם שוויים און שטויב. מען האָט אויף זיי קיין רחמנות ניט געהאַט,

מען מוז אַרבעטן, אַניט וועט מען ניט געבן עסן, אָדער גאָר אַוועקשיקן בײַ אַ סעלעקציע.

ווי נאָר דער אַוונט פֿלעגט צופֿאַלן, איז שוין הערשעלע, מיט אַ גרופּע קינדער, וואָס האָבן געשוואוירן בעסער שטאַרבן אָבער ניט דערציילן זייער סוד — געקראָכן אין די רערן, וואָס האָבן געפֿירט אין שטאָט אַרײַן. דאָס ערשטע מאָל איז הערשעלע אַליין געקראָכן. ער האָט זיך געמאַכט הארץ, כאָטש ער האָט טאַקע מורא געהאַט. זײַן טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז יעקב זאָל זיך קיינמאָל ניט ווייזן אין לאַגער, ווײַל ער האָט פֿיל שונאים, אַפֿילו יידישע מוסרים, וועלכע זײַנען גרייט אומצובריינגען אַפֿילו אייגענע ברידער, אַבי ראַטעווען זייער אייגן לעבן.

די באַגעגעניש צווישן יעקב׳ן און הערשעלען איז געווען רירנד. יעקב, הויך און שיין, געקליידעט אין אַ דייטשן מונדיר האָט אויס־געזען הערלעך און העלדיש, דאַגעגן הערשעלע אין די צעריסענע קליידער מיט די לאַנגע ניט געשוווירענע וואַקסענע האָר, מיט גרויסע צעריסענע שיך, פֿאַרבונדן מיט שטריקלעך האָט אויסגעזען ווי אַ קינד פֿון דער אָרימער גאַס. מען האָט זיך אַרומגעכאַפּט. יעקב האָט שטאַרק געדריקט זײַן ברודער צום האַרצן. הערשעלע האָט ווי מורא באַקומען פֿאַרן דייטשן מונדיר. ער האָט גערעדט אײַנגעהאַלטן, אָן צוטרוי. דעמאָלט האָט אים יעקב—זשעראַר דערציילט אַז ער אַרבעט מיט דער אונטערערדישער גרופּע, איז פֿאַרבונדן מיט די פּאַרטיזאַנער, פֿאָרט פֿון שטאָט צו שטאָט, אַסאַך מאָל קיין פּאַריז וואו זײַן פֿרוי וואוינט, זי קלייבט זיך ווערן אַ מוטער, מוז זי זײַן דאָרט. יעקב האָט זיך אויסגעפֿרעגט אויף די עלטערן און דעם שוועסטערל, און כּדי מאַכן הערשעלען מער צו גלויבן אים, האָט ער אים דערציילט אַז ער ווייסט ווי אַזוי די צוויי ברידער פֿייוויש און יוסף זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן, און נאָך אַ קרבן איז בײַ זיי געפֿאַלן — טאַמאַרא. יעקב האָט הערשעלען דערציילט אַז טאַמאַרען האָט מען אָפּגעשיקט אין אַ הויז פֿון ליאָלקעס צו פֿאַרווײַלן די דייטשע זעלנער. דו, הערשעלע, ביסט שוין אַ גרויסער, אַריבער 16 יאָר אַלט, וועסטו פֿאַרשטיין אירע געפֿילן. ווען זי האָט מיט אירע אויגן צוגעזען דעם טויט פֿון איר ליבן מאַן,

האָט זי זיך געלאָזט נעמען אין דעם הויז פון די ליאלקעס, אָבער ווען אַ דייטשער אָפיצער האָט איר געוואָלט באַרירן, האָט זי אים צעביסן און אָנגעשפּיגן אַ פולן פּנים. ער איז אין כעס געוואָרן און זי דערשאָסן אויפן אָרט. זי האָט אונזער פאַמיליע נאָמען ניט באַפלעקט. איך האָב געשוואוירן נעמען נקמה פאַר מיינע ברידער און שוועסטער. איך בעט דיך, זאָלן טאַטע — מאַמע ניט וויסן, זיי האָבן גענוג. גיב אַכטונג אויף זיי. איך צאָל גענוג מען זאָל זיי היטן, האַלטן אַן אויג, אָבער, היינט איז קיינער ניט זיכער מיטן לעבן.

הערשעלע פלעגט אָפט קומען אין באַריר מיט די פאַרטיזאַנער. ער פלעגט אויך ברענגען ליטעראַטור, בלעטלעך מיט אויפרופן זיך צו האַלטן שטאַרק, ער פלעגט אָפט זינגען דאָס פאַרטיזאַנער ליד: „זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג”... „הימלען בלויע פאַרשטעלען שוואַרצע טעג”...

אַמאָל פלעגט ער ברענגען עפּעס עסן פאַר זיין משפּחה. ער אַליין איז גאָר דאַרער געוואָרן, בלויז די אויגן האָבן באַ אים געגליט. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער אַרבעטן שווער, און ביינאַכט אָנגיין מיט זיינע שליחותן קעגן די רשעים. יעקבֿ׳ן האָט ער לעצטנס זעלטן געזען, ער פלעגט אַריינברענגען אין לאַגער געווער און איבערגעבן צו פריינט, וועלכע פלעגן שוין וואַרטן אויף אים. ווער האָט געהיט זיין פאָטער און מוטער? ער האָט ניט געוואוסט. עס פלעגן קומען סעלעקציעס, זיי האָט מען ניט גענומען, אים אויך ניט. זיין קלענערע שוועסטערל איז זייער קראַנק. זי האָט הויכע פיבער, זי איז זייער דאַר, כמעט ווי אַ קליין מיידעלע. עס איז איר די גאַנצע צייט קאַלט, אָבער די טעמפּעראַטור ווערט אַלץ מער. טאַטע—מאַמע ווייסן ניט וואָס צו טאָן, שיקן איר אין אַ שפּיטאָל איז אַ זיכערער טויט, אויך דאָ לויערט דער טויט. ווען זיי קענען באַקומען אַ ביסעלע מילך, זי קען גאָרניט עסן, אָדער עפּעס אַ רפואה. דער טאַטע רעדט מיט ג־ט, ער זאָגט תהלים. די מאַמע לייגט נאַסע טיכער צום קינדס קאָפּ, זי דעקט זי מיט צעריסענע שמאַטעס און זינגט איר אַ לידעלע פון אַמאָליקע צייטן, ווען פריידעלע איז נאָך אַ קליין קינד געווען:

שלאָף מיין קינד, מיין טרייסט, מיין שיינע
איי לו—ליו, ליו, ליו...

אָדער:

אונטער פריידעלעס וויגעלע,
שטייט אַ קלאָר ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געגאַנגען האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
דאָס איז די בעסטע סחורה,
פריידעלע וועט לערנען תורה...

די מאַמע ווישט אַ טרער, דער טאַטע גייט צום קינדס בעט, ער טאַפּט אָן איר שטערן און די בעקעלעך — וואָס טוט מען? און ביידע באַשליסן מאָרגן וועט מען רופן דעם דאָקטער. עס הערט זיך אַ שוואַך קול וואָס גליטשט זיך אַראָפּ פון געשוואָלענע פאַרטריקענטע ליפּעלעך, איך וויל אַ ביסעלע מילך, דאָס קינד שלאָפט איין מיט אַ שמייכל, זי ווערט אַלץ קעלטער און קעלטער. די מאַמע ווישט דעם שוויים און איז צופרידן דאָס קינד פילט בעסער. באַלד דערהערט זיך אַ האַרצרייסענדיק געשריי. ביידע טאַטע—מאַמע קושן דאָס שטיל געוואָרענע קינד — פריידעלע איז טויט, די מאַמע שרייט — פריידעלע! שטאַרב ניט, איך קען אָן דיר ניט לעבן. ג-ט! ווי דיין שטראָף איז גרויס... זי פאַלט אויפן קינד, חלשט. דער פאָטער באַגיסט איר מיט וואַסער, ער בעט זיך ביי איר אַז מען דאַרף דאָס קינד צוגרייטן, ביז עס ווערט ליכטיק. מען וועט פריידעלען צונעמען ביי זיי און ניט ברענגען צו קבר ישראל. די מאַמע ווערט באַשעפטיקט, זי פאַרוויקלט דאָס קינד אין שמאַטעס. הערשעלע האָט שוין געלאָזט וויסן אַ פּאָר פריינט, ווען דער טאַטע האָט געבעטן העלפן ברענגען דאָס קינד צו קבורה. ווידער איז אַ גרוב צוגעדעקט געוואָרן, און דער ליבער טאַטע זאָגט קדיש. די מאַמע שווייגט, זי וויינט ניט מער. זי האַלט הערשעלען פאַר דער האַנט. ער, הערשעלע, איז שוין אַ בחור פון אַ יאָר 16-17, אָבער די מאַמע האַלט אים שטאַרק, ווי זי וואָלט געהאַלטן איר לעצטן קינד. עס זיינען אַוועק טעג. וואַרשעווער געטאָ האָט זיך געגרייט צום אויפשטאַנד, הערשעלע זיצט מיט זיין מוטער אויף אַ שטיין, אַרום — קליינע קינדער, די מאַמע דערציילט זיי עפּעס, אַלע זיצן מיט פאַרכמורעטע פּנימלעך און הערן זיך צו. עס קומט אָן ר׳

נחום ערלעך — דער פּאָטער, ער שטייט הינטער דער פּלייצע פון אַ קינד, אַ מיידעלע פון אַ יאָר 6, מיט צוויי קליינע צעפּעלעך, איר מאַמע איז קראַנק, זיצט דאָס קינד פאַרזאָרגט. פּלוצלינג דערהערט דאָס קינד אַ זשומען פון אַ פליג לעבן אויער — זי טוט אַ מאַך מיטן הענטעלע, די פליג איז שוין ביים צווייטן אויערל, זי טרייבט אַוועק די פליג, און זי איז שוין אויף אַ דריטן אָרט — אַלע קינדער שיסן אויס אין אַ געלעכטער, דאָס מיידעלע קערט אויס דעם קאָפּ און דערזעט ר׳ נחום׳ן, אויך זי צעלאַכט זיך, נחומען טוט הנאה, אויך זיין ווייב שמייכלט. הערשעלע ווישט שטילערהייט אַ טרער: מיט וואָס מען קען דאָס דערפרייען זיינע ליבע טאַטע—מאַמע.

הערשעלע זיצט מיט זיין מוטער. ער קוקט אויף איר מיט אַזויפיל ליבע. ווי שטאַרק זי ליידט, זי פרעגט מער ניט צי ער האָט פאַר איר אַ געווּס פון אַ לעבן געבליבענעם קינד. זי האָט אים ליב, הערשעלען, זי האָט מורא אויך אים צו פאַרלירן, אָבער דאָס לייענט ער אַרויס פון אירע ווייך־סאַמעטענע אויגן. אָבער רעדן, ניין, נאָר אַ שמייכל, אַ גלעט מיט דער האַנט, אַ זיי־געזונט ברכה. דער ליבער טאַטע מיט זיין שטאָלצן קאָפּ, ער איז מער ניט בלאָנד, נאָר ווייס ווי שניי. עס איז ניטאָ מער דער ליבער שטיפערישער שמייכל אין די אויגן, נאָר רואיקע, פאַרטראַכטע אומעטיקע אויגן. וואָס אויגן קענען רעדן אָן ווערטער. מיט שטילע טריט קומט דער טאַטע הינטער דער מאַמעס פּלייצע, ער לייגט אַרויף זיין האַנט און זאָגט: „דערצייל... דערצייל מיין טייערע״, די קינדערלעך ווארטן. מיט אַ פינגער גיט ער הערשעלען אַ צייכן, ער וויל מיט אים רעדן. דער ערשטער גייט דער טאַטע, אַביסעלע ווייטער הערשעלע. זיי קומען צום אָרט וואו ר׳ נחום׳ס קינדער זיינען באַערדיקט, דער פּאָטער שפּאַרט זיך אָן אין אַ בוימעלע, הערשעלע שטייט אַ בלאַסער און וואַרט. דער פּאָטער רעדט שטיל און טרערן רינען פון זיינע אויגן. מיין זון איך ווייס אַלעס, פון דיינע ביינאַכטיקע איינשטעלעניש, פון טאַמאַרען. ער שווייגט אַ ווײַלע, אַ ליכטיקע נשמה געווען, וואָס מיט יעקב׳ן איז געשען ווייס איך ניט, איך ווייס אַז עס גרייט זיך אָן אויפשטאַנד, און איך וואָלט אפשר געדאַרפט אָנפירן מיטן עולם, איך בין אָבער זייער מיד און קען

קײן נקמה ניט נעמען. הײנט בײַנאַכט גײסטו אַוועק, און אפשר וועט פֿאַר אונדז, חלילה, קײן מאָרגן ניט זײַן, וויל איך דיך בענטשן, און אויך יעקבֿ'ן אויב ער לעבט. אויך אַ ברכה פֿון דײַן ליבער מאַמען, זי ווײסט אַלעס, זי זעט אַלץ, זי גלויבט אַז אַזוי איז ג־ט'ס ווילן, דערפֿאַר רעדט זי ניט. קום מײַן קינד, לאָמיר זיך צעקושן ווי בײַ אַ ייִדישער שמחה, ווען אַ טאַטע קושט זײַן קלײן אײנגעלע. טאַטע און זון קוקן זיך לאַנג אין די אויגן — בײדע פֿול מיט טרערן. הערשעלע בויגט אַראָפּ זײַן קאָפּ, דער טאַטע לײגט אַרויף זײַן ווײסע צאַרטע האַנט און בענטשט: יברכך...

זײ זעען אַז אימעצער האָט זײ נאָכשפּיאָנירט און אַנטלאָפֿן. זײ צעשײדן זיך שנעל, דער טאַטע בעט מחילה פֿאַר די סענטימענטן. הערשעלע איז נישט געגאַנגען אויפֿזוכן זײַן מוטער. ער האָט שעמט ווי אַ קלײן קינד, ניט ווײַל דער טאַטע האָט אים געקושט און געבענטשט, נאָר ווײַל אַ שלעכטער פֿאַרגעפֿיל האָט זיך אַרײַנגעגנבֿ'ט אין זײַנע געדאַנקען. ער הויבט זיך אויף, ער איז אַ סאָלדאַט, דאָס לעבן פֿון טאַטע־מאַמעס און קינדער איז אין זײַנע הענט.

ער גײט דורך די אונטערערדישע רערן מיט אַ גרופּע בחורים און מײדלעך. זײ קערן זיך אום אַ פּאָר מאָל דורך דער נאַכט, זײ ברענגען גראַנאַטן, געווער און מוט. זײ זײַנען ניט אַלײן, די אומגליקלעכע אין די לאַגערן, אויך די אונטערגרונט מענטשן און פֿאַרטײזאַנער פֿון פֿרײַען הימל זײַנען מיט זײ, מיט ראָט און טאַט. מען וועט העלפֿן.

עס איז שוין געווען פֿאַרטאָג, ווען הערשעלע מיט געשוואָלענע פֿיס, און נאָך אים זײַן גרופּע, האָבן זיך צוגעשלעפּט צום אַרויסגאַנג, צו דער גאַס. די רער איז געווען פֿאַררוקט, אַ פּאָר דײַטשן מיט ביקסן זײַנען געשטאַנען גרײט זײ אויפֿצונעמען. זײ האָבן זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. עס איז געווען פֿײַכט און שטיקענדיק. עטלעכע מינוט האָבן די פֿרײַנט געכאַפּט אַ דרעמל. אין דרוימען איז אויפֿגעגאַנגען אַ זון, אַ רויטע, אַ בײזע, צוזאָגענדיק אַ ווינטיקן טאָג. אײנער פֿון זײַנע פֿרײַנט האָט געזאָגט אַז די זון זעט אויס ווי מיט בלוט באַשמירט. לאַנגזאַם האָבן די פֿרײַנט זיך געררוקט צוריק אין געטאָ, זײ האָבן

געוואוסט אַז בייטאָג קען מען ניט אַרויס פון געטאָ, ווייל מען וועט זיי דערזען וועלן זיי שוין קיינמאָל ניט קענען נוצן דעם רער, אויך קענען זיי זייער לעבן פאַרלירן. וואָס נענטער זיי זיינען געקומען צום אַרויסגאַנג האָבן זיי מער דערפילט רויך אין דער לופט, מען האָט געהערט אַ שיסעריי, עפּעס האָט אויפגעריסן — זעט אויס, עס האָט זיך אָנגעהויבן, און זיי זיינען ניט מיט זייערע נאָענטע. — הערשעלע גיט אַ באַפעל! מען מוז לעבן, וועלן זיי קענען בעסער העלפן — דעם געפאַרבטן שטיין האָט מען שוין לאַנג צוגענומען, ווייל אימעצער האָט געמסרט. הערן זיי שיסן אין רער אַריין, אַראָפּגיין האָבן די דייטשן מורא, ווער ווייסט וויפל דאָרטן זיינען פאַראַן רעבעלן, און וואָס פאַר אַ געווער זיי האָבן. זיי, די קעמפער, שלעפּן זיך צוריק צום אַרויסגאַנג, מידע, דערשלאָגענע, פאַרטריקענטע, דאָרשטיקע. אין רער פילט זיך גאַז, זיי האָבן אָבער מיט זיך גאַז־מאַסקעס, אַזוי האָט מען זיי באַוואָרנט. זיי קומען צום אַרויסגאַנג אַלעם ציטערט און מען הערט דעם אויפרייס פון באָמבעס, און מען פילט אַלץ מער דעם רויך פון די אויפרייסן, הערשל און זיינע חברים דערזען נאָך אַלץ די צוויי זעלנער וואָס זיצן ביים אַרויסגאַנג און לאַכן. מיט צוויי שאָסן לייגן די קעמפער אַוועק די דייטשן — עס איז שטיל, קיינער קומט ניט צו. אַזוי האָבן זיי געוואָרט ביז פאַרנאַכט. נאָכער מיט גרויס מי, מיט די לעצטע כוחות האָבן די חברה אָפּגעריסן דאָס טירל פון רער און פאַרחלשטע זיך אַרויסגעשלעפּט אויף דער פריי. אַלץ האָט געברענט, די געטאָ, די מענטשן און דער הימל. די קינדער שטייען אויסגעשמירטע, אויס־געמוטשעטע, צוגעדריקט איינער צום אַנדערן און ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער. נישטאָ מער פאַרוואָס צו לעבן, עלענטע, פאַרלאָזענע יתומים, אָן טאַטע־מאַמע, אָן משפחה, אָן אַ שטוב מיט אַ דאַך. שטיל פונקט ווי אַ שבועה זאָגן אַלע נאָך און הערשעלע רעדט: „נקמה, ביזן לעצטן טאָג פונם לעבן שווערן מיר אייך טייערע, הייליקע קדושים — נקמה פאַר אייערע פרי אָפּגעשניטענע יאָרן.

הערשעלע גיט אַ באַפעל, מען זאָל זיך רוקן פאַרזיכטיק צו די פאַרטיזאַנער. לאַנג, זייער לאַנג, האָט זיי גענומען זיך צו פאַראייניקן מיט די פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן אין די

אונטערערדישע שטיבלעך, ביז די דײַטשן װעלן לאָזן דעם װאַלד צורו. די גרופּע קעמפּער, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון הערשעלע, האָט לאַנג ניט געקענט קומען צו זיך. שװאַכע, אױסגעדאַרטע, אָבער מיט אַן אײַזערנעם װילן צו נעמען נקמה, זײַ זײַנען אַלעמאָל אױסגעװאַקסן װאו מען האָט זײ ניט דערװאַרט, דאָ האָבן זײ אַ צוג פון די רעלסן געלאָזן, און נאָכער מיט אַלע פּאַרטיזאַנער צוגענומען געװער, עסנ־װאַרג און קלײדער. זײ האָבן אַלעמאָל געמוזט בײַטן דעם אָרט, װײַל די דײַטשן האָבן די גרופּע שטאַרק פֿאַרפֿאָלגט. די דײַטשן האָבן געװאוסט פון הערשעלען, מען האָט הױכע פּרײַזן צוגעזאָגט פֿאַר זײַן קאָפּ, אָבער ער איז יעצט געװען װי אַ לײב... הױך געװאַקסן מיט ברײטע פּלײצעס, מיט אַזאַ שנאה צו די דײַטשן, אַז עס איז געװען אַ שרעק אים זיך אַקעגן צו שטעלן. עס פֿלעגן דערגײן צו זײ גערוכן אַז אױך יעקב־זשעראַר איז אַ שרעק פֿאַר די דײַטשן. יעקב האָט אױך געהאַט מיט די דײַטשן אַ חשבון, נאָכער איז שטיל געװאָרן. הערשעלע האָט געהערט אַז יעקב׳ס פרוי איז געשטאָרבן בײם געבוירן אַ קינד, אַ מײדעלע, מען האָט ניט געקענט בריענגען איר אַ דאָקטער זי צו ראַטעװען. דאָס קינד האָט יעקב אָװעקגעגעבן צו עלטערן פון זײַנעם אַ פּראָנצװיזישן פרײַנט, װאָס האָט געהאַט אַ פּלאַנטאַציע פון װײַנטרױבן, און פלעגט פּראָדוצירן װײַן. ער, יעקב, איז אַװעק מיטן גאַנצן לײב און לעבן צו די רעבעלן קעגן די דײַטשן. מען האָט אים געכאַפּט, אױסגעשטאָכן די אױגן, זײַער געפּײַניקט ער זאָל אױסגעבן זײַנע פרײַנט. ער איז געשטאָרבן אַ פֿאַרפּײַניקטער, אַ שטאָלצער גוטער ייד מיט אַ שײנעם ײדישן נאָמען — יעקב. ביז דער ענד פון דער צװײטער װעלט־מלחמה, האָבן די אַמאָליקע קינדער־קעמפּער זיך געהאַלטן צוזאַמען, און צוגעזאָגט אײנער דעם צװײטן זיך קײנמאָל ניט צושײדן. זײ האָבן זײער װאָרט געהאַלטן, און יעצט װאױנען זײ אַלע אין דער ישיבה־פֿאַרם מאונט־קיסקאָ, ניט װײט פון ניו־יאָרק, יו־עס־עי.

### קאַפּיטל צוויי

## אין אַמעריקע

א.

ווען נחמה און גיטל זיינען אַרויס אין גאַס איז שוין געווען טונקל, די לופט איז פאַרפרוירן — פייכט, דער הימל פינצטער. ס'האָט זיך געקליבן אויף אַ שניי. אַ ווינט האָט געבלאָזן און באַלד האָט אַ שניי געגומען שפּריצן אין די פּנימער. זיי זיינען אַרויס פון בית־יעקב, און געדאַרפט דורכגיין בלויז אַ פּאָר בלאָק ביז דער סאַבוויי־סטאַנציע, די עלעקטרישע שילדן איבער די געשעפטן האָבן געלויכטן, אַלעס און אַלע זיינען געווען באַדעקט מיט שניי.ביידע מיידלעך זיינען געלאָפן צוהאַלטנדיק די האַנט, מיט ביכער, צוגעפּרעסט צום האַרצן, אין דער אַנדערער האַנט די וואַליזע. זיי פאָרן צום „גרענד סענטראַל" און פון דאָרט קיין מאָנט־קיסקאָ, אַהיים אויף אַ פּאָר טעג חנוכה. זיי קענען זיך שוין ניט דערוואַרטן די פרייד פון דער באַגעגעניש. זיי ווייסן אַז לעבן טרעין־סטיישאָן אין דער היים וועט וואַרטן אויף זיי אַ מאַשין, עס מעג רעגענען און שנייען... אין דער סאַבוויי איז אַ געפּרעסטע ענגשאַפט, ס'איז שוין נאָך פינף, די שעה פון יאָגעניש, מענטשן פאָרן פון דער אַרבעט, פון ביזנעס. די וואַגאָנען זיינען אָנגעשטאָפּט, קעפּ שטויסן זיך אָן אויף קעפּ, אַ פּלייצע רייבט זיך אין אַ פּלייצע. אויפן „גרענד סענטראַל" זיינען נחמה מיט גיטלען אַרויס פונם סאַבוויי, און אַריינגעקומען אין וואַרט זאַל, מיט דער הויכער הימל־סטעליע, מיט די גרויסע ווענט־מאַלערייען, דאָ איז וואַרעם און גערוים. עס געפינען זיך דאָ שטענדיק מענטשן אין די הונדערטער, אָבער די געביידע איז אַזוי גרויס, אַז אַ מענטש זעט זיך ניט אָן. פון דאַנען גייען באַנען איבער גאַר דער וועלט. זיי ווייסן שוין דעם וועג צו דעם פענסטער וואו זיי קריגן אַ „טיקעט" צום פאָרן. ביידע מיידלעך זיינען אויפגעלייגט און פריילעך. זיי פירן מתנות צו די משפחה־מענטשן און פריינט, זיי גיבן נישט אויס צופיל געלט, זיי ווייסן דעם פּרייז פונעם דאָלער, אָבער אפילו אַ קלייניקייט וועט אַלעמען דערפרייען. זיי פאָרן אַרויף מיטן עקסאַלייטער. איבער דער ברייטער פּלאַטפאָרמע וואַרטן אסאך

פאַסאַשירן. די וואָגאָנען זיינען גראַמע — זיי זיצן באַקוועם ביי אַ פענסטער. עס לויפן פאַרביי אייזערנע סלופּעס, אַ נאַכטיקע שטילקייט. די באַלויכטענע געביידעס און וואָלקן־קראַצערס פון ניו־יאָרק רוקן זיך הינטערווייַלעכץ און ווערן איינגעשרומפּן. ביידע מיידלעך האָבן אַסאַך צו רעדן צווישן זיך. זיי ענדיקן היינטיגס יאָר הייסקול פון דער בית־ יעקב מיידלשער ישיבה און קלייבן זיך זומער פאָרן קיין ארץ ישראל פאַרזעצן זייער לערנען. אַ סך תלמידות אין דער בית־יעקב ישיבה קומען פון קליינע שטעטלעך אַרום ניו־יאָרק. עס זיינען אויך דאָ ארץ־ישראל׳דיקע, דאָס זיינען קינדער פון עלטערן וועלכע האָבן זיך ניט געקענט איינאָרדענען אין לאַנד, זיינען זיי געקומען זוכן מזל אינם גאָלדענעם לאַנד. זיי, די עלטערן, שעמען זיך צוצוגעבן, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ טעות, ניט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס הייליקע לאַנד, אָבער צוריק איז זיי שווער צו קומען. אָרדענען זיי זיך איין אויף אַ ווייל, די קינדער שיקט מען אין ישיבות, אינגלעך און מיידלעך. מען לעבט מיט האָפענונג זיך צוריקקערן. אויך פון אַנדערע לענדער קומען קינדער לערנען אין די ישיבות, זיי וואוינען ביי פאַמיליע אָדער גאָר באַקאַנטע.

נחמה ערלעך, די טאָכטער פון הערשעלע און רייזעלע ערלעך, וואוינט אין אַ צימער מיט נאָך אַ מיידל, גיטל וויינבערג. אַן אַמעריקאַ־נער מיידל, אירע אַ פריינדינע. ביידנס עלטערן פון דער פאַרם אין מאָנט־קיסקאָ. זיי וואוינען אין אַ צימער ביי אַ פיינער יידישער משפחה אויף דער איסט־סייד, מען באַהאַנדלט זיי ווי אייגענע קינדער. זיי עסן שבת צוזאַמען מיט דער משפחה גרינפעלד. עס איז אַ שטוב מיט קליינע קינדער, ווי ביי נחמה׳ן אין דער היים, אינגלעך און מיידלעך. דער עלטסטער איז שוין אַ בחור פון אַריבער 20 יאָר, ער איז שוין באַלד 2 יאָר אין ישראל, ער לערנט אין דער פּאָניוועזשער ישיבה, די עלטערן פרייען זיך שטאַרק מיט זיין ערפאָלג אין לערנען, זיי וואָלטן גערן פאָרן אים זען, אָבער זיי זיינען ניט פאַרמעגלעך, באַ־נוגענט מען זיך דערווייל מיט בריוו, אָדער אַ פּערזענליכן גרוס, וואָס אַ באַקאַנטער פאָרט אין ישראל און ברענגט זיי. נחמה האָט שוין געוואוינט ביי דער משפחה גרינפעלד אַרום צוויי יאָר ביז ער — רפאל

איז געפֿאָרן לערנען. ער איז זייער פֿרום, אָבער אָן ווערטער זיינען זיי זיך געפֿעלן, זי ווייסט דאָס, אויך די עלטערן פֿונעם בחור האַלטן אויף איר אָן אויג, זי שעמט זיך צוגעבן צו זיך אַליין, אָבער זי איז צופֿרידן פֿונעם פֿאָרן קיין ישראל. אוודאי איז זי נאָך יונג, זי איז ערשט באַלד 16 יאָר אַלט. אַלעמאָל זאָגט מרס. גרינפֿעלד, וואו זי וואוינט מיט גיטל׳ען: נחמה! אַז דו וועסט זיין אין לאַנד גיב איבער אַ גרוס רפֿאלן, דאַרפֿסט זיך ניט שעמען, דו ביסט דאָך ביי אונדז ווי אַ שטוב מענטש. אויך אירע עלטערן וואָלטן דאָס גערן וועלן אַז זי זאָל ניט פֿאַרפֿרעמדט ווערן.

ביז „הייסקול״ האָט נחמה, ווי אַלע מיידלעך פֿון פֿרומע עלטערן אין מאונט־קיסקאָ, געלערנט אין דער שולע אין דער היים. ווען מען האָט זי געבראַכט אין דער איסט־סייד „הייסקול״ צו נעמען אַ טעסט, האָט איר האַרץ זיך זייער געשראָקן — זי האָט געקענט גוט ניו־יאָרק, זי פֿלעגט אָפֿט פֿאָרן מיט די עלטערן קיין ניו־יאָרק, זי פֿלעגט קומען צו גאַסט אָדער צו אַ חתונה, דאָס איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש.

אין וואַרט־צימער פֿון בית יעקב זיינען געזעסן טאַטע־מאַמע. זי און נאָך מיידלעך האָבן אַ גאַנצן טאָג אָפּגעגעבן טעסטן און געפֿאָרן אַ היים מיט האָפֿענונג אַז זי וועט אַריינגענומען ווערן. אַזוי איז טאַקע געשען. דער פּרינציפּל סיי אין יידיש סיי אין ענגליש — זעלטענע פֿיינע מענטשן. אויך די ראַביים און די לערער האָט נחמה רעספּעקטירט און אַרויפֿגעקוקט צו זיי. דאָס לעבן אין אַ ישיבה איז געווען איר לעבן. זי האָט ליב געהאַט צו לערנען חומש און נ״ך. זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אַז זי איז אַ פּרינצעסין, ווי די טאָכטער פֿון שלמה המלך, מען וועט זי ערגעץ באַהאַלטן, אָבער איר אויסדערוויילטער וועט זי געפֿינען, און נאָר דעמאָלט וועט זי חתונה האָבן, קינדערשע פֿאַנטאַזיעס, ווען איר ליבער פֿאָטער פֿלעגט וועלן מיט איר אַ שטיף טאָן, פֿלעגט ער איר פֿרעגן ווי אַזוי עס זעט אויס איר פּרינץ, זי פֿלעגט ברוגז ווערן נאָר גוטמוטיק לאַכן.

דריי מאָל אין יאָר פֿלעגט די ישיבה בית יעקב מאַכן אַ שבת אין ברוקלין געגנט — קריינהייטס, אין דער איסט־סייד און אין די

בראנקס, ווייל מיידלעך פון אַלע די ערטער פלעגן קומען לערנען. מיידלעך פלעגן שלאָפן דעם שבת איינע ביי דער אַנדערער, אָדער ביי פריינט, אָדער ביי משפחה. מען האָט געדונגען אַ גרויסן זאַל, און אַלע מיידלעך מיט די לערער פלעגן עסן צוזאַמען, זינגען, טאַנצן. שבת ביי נאַכט האָט מען געקענט הערן מוזיק און מען האָט גוט פאַרבראַכט. די מיידלעך האָבן שטאָלצירט וואָס זיי זיינען יונג, שיין און צניעותדיק אָנגעטאָן. איבער די גאַסן פלעגן זיי גיין גרופּעסווייז מיט געהויבענע קעפּ.

דאָס לערנען ביי נחמה'ן איז אַוועק גרינג און מיט אינטערעס. זי האָט געוואָלט ווערן אַ לערערין. עס האָט זיך איר געוואָלט זיין אַ פירערין, ווי איר פאָטער איז אַמאָל געווען. אָבער יעצט איז דאָך קיין מלחמה ניט געווען, האָט זי אויף איר אייגנאַרטיקן אופן געפּראַוועט וואַקסן גרויס.

נחמה איז געווען אַ בלאָנדע, מיט צוויי לאַנגע צעפּ, וועלכע זי פלעגט אַרומדרייען אַרום איר שיינעם קאָפּ, ווי אַ קרוין. זי האָט פאַרמאָגט צוויי בלויע מילדע, שטיפערישע אויגן מיט אַ פּנים פול מיט חן, אָבער איין זאַך האָט זי פון טאַטען ניט איבערגענומען, דעם וואוקס, זי איז געווען מיטל וואוקסיג, מיט אַ שיינער פיגור.

אַ היים, קיין מאונט-קיסקאָ, פלעגן נחמה און גיטל פאָרן ניט אָפט, מען פלעגט זיי קומען באַזוכן אין ניו-יאָרק אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק, אויך אַ פּאָר בריוו פלעגן ניט פעלן. אַ חוץ דעם לערנען איז געווען אַ סך אַנדערע זאַכן צוטאָן אין אַ ישיבה, אַרויסהעלפן אין אָפיס, לערנען זינגען און טאַנצן, נייען, קאָכן, ליינען ביכער און אַנדערע זאַכן. ווען זיי האָבן געהאַט אַ פרייען אויפדערנאַכט פלעגן מיידלעך גיין זען אַ מואווי און קינאָ אָדער גאָר פאַרברענגען ביי איינער פון זיי, הערענדיג מוזיק, אָדער טאַנצן און זינגען. די אַלע מיידלעך האָבן שוין געקענט זיך אַליין פאַרווײלן. אויף אַלע יום-טובים, ווי פסח, סוכות, חנוכה און פורים איז מען געפאָרן אַהיים, אין דער טייערער היים פון מאָנט-קיסקאָ.

נחמה איז געווען אַ בת-יחידה. די עלטערן האָבן געהאַט צוויי

זיך, אַ צווילינג — ישראל און וועלוול.ביידע גוטע, שטילע בחורים, מיט אייזערנע קעפּ צום לערנען, זיי זיינען שוין אויך באַלד צוויי יאָר אין ארץ־ישראל, צוזאַמען געפאָרן אין פּאָניוועזשער ישיבה מיטן בחור — רפאל גרינפעלד. די צוויי זין זיינען שוין באַלד 19 יאָר אַלט, נאָך זיי איז זי — די שטיפערקע נחמה, וועלכע איז שוין 16 יאָר אַלט, און נאָך דריי קינדער אינגלעך, איינס קלענער פון צווייטן, דער מוזיניק איז שוין 8 יאָר אַלט. די טאַטע־מאַמע האָבן ליב קינדער, זיי זאָגן אַז מען האָט אַזוי פיל יידן אומגעבראַכט, זאָלן יידן זיך מערן. עס איז זייער חוב אויפצושטעלן אַ דור ווי אויף דעם שווערן פאַרלוסט.

די מיידלעך און אינגלעך פון די ישיבות, האָבן שטאַרק ליב אהיימצופאָרן קיין מאָנט־קיסקאָ אויף אַ יום טוב און ספּעציעל אויף דעם יום טוב חנוכה. אין שטוב איז וואַרעם, מען שפּילט קוואַרטעט — דאָס זיינען אַזעלכע קאָרטן וואו עס זיינען געשריבן נעמען פון לענדער און שטעט, און די קינדער פאָרן מיט די עלטערן (אין געדאַנק) וויטע רייזעס. עס ווילט זיך די קינדער גיין אין די היסטאָריע פון די עלטערן, די העלדן, אָבער ווי אַזוי? זיי וויסן גענוי יעדנס געשיכטע. אין זייערע אויגן זיינען די עלטערן נאָך גרעסערע העלדן ווי זיי זיינען באמת. עס ווילט זיך די קינדער אויך פאָרן און עפּעס אויפטאָן, אָבער וואָס? פירן מלחמות?

זיי זיצן און דערציילן פון לעבן אין די ישיבות, דאָס לעבן אין ניו־יאָרק, יעדער פּאָליטישער ריר קער זיי אָן. זיי אָטעמען מיט דער לופט פון לאַנד, זיי וואוינען דאָ, דאָס איז זייער היים. יעדער קען גיין דעם דרך וואָס ער קלייבט זיך אויס, ייד און ניט ייד „פּאַראַקיעל סקולס". עס קומען זינגער ווי די ביטלס, האָט מען פון וואָס צו ריידן. אַ מאָווי סטאַר, אַן אויסשטעלונג, ווי די „וואָרלד — פעיר", אָדער אַ נייער מוזעאום, אַ ניי בוך, אַלץ אינטערעסירט זיי. זיי וואוינען בשכנות מיט פעלקער און ראַסן, זיי דאַרפן קענען אָנגיין מיט זייער לעבן זעלבסשטענדיג. חנוכה! עס איז קאַלט, מען לויפט „סקיאינג" — זיך גליטשן, מען עסט גוטע זאַכן, מען פרייט זיך מיט דער היים, און מען פאַרט ווידער פאַרזעצן דאָס לערנען.

נחמה און גיטל זיצן איינע אַקעגן דער אַנדערע, זיי רעדן שטיל,

טײַלן זיך מיט זײערע חלומות און האָפֿענונגען. זײ האָבן ניט באַמערקט ווי די באָן האָט זיך אָפּגעשטעלט, די טירן האָבן זיך אויפֿגעפּראַלט, און דעם געדראַנג פֿון מענטשן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון די פּלאַט־פֿאָרמע טרעפּ צו דער גאַס אַרויס. די ברײטע גאַס איז געלעגן ווי אַ פֿאַרשנײטער דאָרף. ס'איז געווען שטיל, דער שנײ איז ווײטער געפֿאַלן און די לופֿט איז געווען פֿראָסטיק. די הענגלאָמפּן אויף די סלופּעס האָבן שוואַך באַלויכטן די טונקלקייט אַרום. בײדע האָבן זיך אָפּ־געשטעלט און געוואַרט. זײ האָבן דערזען דעם פֿאָטער מר. ערלעך מיט אַ ברודער וואַרטן אויף זײ אין מאַשין; — „וואָס מאַכן עפּעס די ליבע געסט” — האָט הערשל אַרומגענומען זײַן טאָכטער, און געפֿרעגט בײַ איר חברטע; — „איר האָט זיך גוט אָנגעפֿרוירן” ? דערפֿאַר וועט איר זײַן אָנגעלײגטע געסט. יעדער האָט געוואָלט פֿאָרן אײַך באַ־געגענען, איך האָב אויסגעפֿירט. אַלע לאַכן. נחמה קושט איר קלײן ברודערל, פֿרעגט וואָס ער מאַכט, און זאָגט אים צו אַ שײנע מתנה וואָס זי האָט געבראַכט.

בײַ דער פֿאַמיליע הערשעל און רײזעלע ערלעך, זײַנען שוין געווען זעקס קינדער פֿון 8 ביז 19 יאָר אַלט. די קינדער, ווען די עלטערן זײַנען געווען אַמאָל פֿון די נײַ געקומענע, האָבן אַנדערע שוין באַזוכט אַ הויכשול אין ניו־יאָרק, אַנדערע האָבן געאַרבעט מיט זײערע עלטערן אין געשעפֿט צי אויפֿן פֿאַרם, אַנדערע קינדער פֿלעגן קומען אין חדר נאָכמיטאָג קומענדיק פֿון דער אַלגעמײנער שול, מיט די קינדער האָט מען אין חדר פֿאַרבראַכט אַ צוויי־דרײַ שעה מיט יעדער קינד באַזונדער, דער עיקר מיט די אָנפֿאַנגער.

שווער איז געווען צו ערציען די קינדער. די עלטערן האָבן געפֿילט ווי אַ חוב צו די קינדער זײ צושטעלן פֿון אַלעס, וואָס עס האָט זײ אין די יונגע יאָרן געפֿעלט — געזונט, גוט עסן, פֿרײלעכקײט, פֿרײַנט. זײ האָבן אַראַנזשירט אָפֿטע פֿאַרווײלונגען פֿאַר די קינדער, אַסך מאָל געפֿירט זײ קײן ניו־יאָרק, באַקענט מיט אַלע וויכטיקע שײנע פּלעצער — ווי מוזעאומס, קינדער־פֿאַרווײלונגען, צירקן, אָדער נאָר אויף אַ שיף־רײַזע אַרום ניו־יאָרק.

די קינדער האָבן ניט געאַרבעט שווער ווי די עלטערן, אָבער

אַסך געלערנט, ליב געהאַט זייערע עלטערן, אָפּגעגעבן זיי כבוד און וועגן אַלעם זיך באַראַטן מיט זיי, זייער עצה איז געווען הייליק.

* * *

ניט ווייט פון מאָנט-קיסקאָ, דורך אַ זאַמדיקן שלאָך, באַזעצט פון ביידע זייטן מיט בוימער, האָט מען געקענט זען אויף אַ באַרגיקן אָרט אַ גרויסע שטיינערנע הויז, שיין געפּאַרבט, באַזעצט אַרום און אַרום מיט בוימער, קווייטן, גראָז, פאַנטאַנען — ווי אַ פּאַלאַץ — דאָס איז געווען אַ סאַנאַטאָריע פאַר קראַנקע אויף טובערקולאָז.

אין די הונדערטער זיינען זיי געווען, די קראַנקע, גרויס און קליין, יונג און אַלט, אפילו קליינע קינדער זיינען דאָרט געווען. צווישן די קראַנקע זיינען געווען יידן און ניט יידן, דאָקטוירים, לאָיערס, אַלערליי גרויסע געלערענטע, און אויך מענטשן פון המון — וואָס איז די נפקא מינה? — אַלע די קראַנקע זיינען נעבעך געווען זייער אומגליקלעך. זייער קראַנקהייט איז ניט נאָר געווען געפערלעך פון וואָס מען קען שטאַרבן, זיי זיינען אויך געווען אָנשטעקיקע קראַנקע, זיי פלעגן שפּייען מיט בלוט, זייער לחה (פלעגמע) איז געווען פּאָזיטיוו מיט מיקראָבן. מען איז געלאָפן פון זיי ווי פון קרעציקע, מען האָט זיך געהיט ניט קומען מיט זיי אין באַריר. ניט איינער האָט דאָס לעבן פאַרלאָרן, ווייל די מעדיצין האָט אים ניט געהאָלפן. די קראַנקע פלעגן אָפּליגן אַ יאָר אויף דער פּלייצע און זיך ניט רירן, אויב דער מיטל האָט ניט געהאָלפן פלעגט מען נאָכער אָפּערירן. די אָפּעראַציע פלעגט מען מאַכן אין ניו-יאָרק אין „מאָנטעפיאָרי האָספּיטאָל", אַזאַ אָפּע־ראַציע פלעגט אַמאָל געדויערען אַ גאַנצן טאָג, אָדער צעטיילט אויף צוויי-דריי מאָל, מען פלעגט צוקוועטשן די קראַנקע לונג, אָדער אַרויס־נעמען איר, פיל פלעגן נישט אויסהאַלטן די אָפּעראַציע, אויב עס האָט זיך יאָ איינגעגעבן פלעגן די קראַנקע נאָך דער אָפּעראַציע צוריק־קערן צו בעדפאָרד-הילס סאַנאַטאָריע, און פּאַמעלעך זיך ערהאָלן.

צו באַדינען די קראַנקע זיינען געווען דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטער, סאָשעל-וואָרקערס, אַ סך אַרבעטער צו טאָן די שווערע

אַרבעט, שוואַרצע אַרבעט: ווי אויפהויבן אַ קראַנקן, וואַשן אים און אַזוי ווייטער. ווען דעם קראַנקנס משפחה פלעגט אַמאָל קומען באַזוכן זייער קראַנקן, פלעגן זיי דאַרפן אָנטאָן אַ מאַסקע אויפן מויל, זיי זאָלן זיך ניט אָנשטעקן. עס זיינען געווען קראַנקע מענער, וואָס האָבן זיך דערוואוסט וועגן זייער קראַנקהייט ווען זייער פרוי האָט געשוואַנגערט, האָט די פרוי דאָס קינד געבוירן און דער קראַנקער פאָטער האָט דאָס קינד ניט געזען אַ צוויי־דריי יאָר, ביז ער איז געזונט געוואָרן.

עס איז געשען אַז איינער פון ערלעכס פריינט איז קראַנק געוואָרן און האָט אָנגעהויבן שפייען מיט בלוט. דער דאָקטער האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער פריינט האָט טובערקולאָזיס, און מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין בעדפאָרד־הילס.

הערשעל און רייזעל ערלעך זיינען געקומען באַזוכן דעם קראַנקן, מען האָט זיי ניט געוואָלט צולאָזן, ווייל דער קראַנקער איז אָנשטעקיק. ערשט שפּעטער צו, ווען ער האָט ב"ה בעסער געפילט האָט מען זיי ערלויבט קומען, און דאָך האָבן זיי צו אים געמוזט רעדן דורך אַ מאַסקע. זיי פלעגן אים שרייבן אָפטע טרייסט בריוו, ער זאָל ניט זאָרגן פאַר זיין הויזגעזינד, ווייל זיי זיינען אַלע ווי איין פאַמיליע, און דאָס איז דער חוב פון ישוב אַרויסהעלפן דער משפחה. דאָס זעלבע האָט געקענט טרעפן מיט אַ צווייטן און דריטן. הערשל דערמאָנט זיך אין זיין ליבן ברודער פּיוויש, וועלכן די דייטשן האָבן דערשאָסן, ער טוט אַ ציטער. זיין פריינט האָט אים דערציילט אַז מיט אים צוזאַמען אין איין צימער ליגט אַ נעגער פון אַ יאָר 35, ער קומט פון דער סאוט, אַ שטילער, גוטהאַרציקער מענטש, ער איז אַ פרומער און נעמט זיין קראַנקייט ווי ג־ט האָט געוואָלט. אין זעלבן צימער ליגט אַ דאָקטער, אַ פרומער ייד פון יוראָפּ, און איינער אַ לאָיער. די קראַנקע לעבן גוט צווישן זיך, דער נעגער לערנט זיי ווערטער אין ענגליש, די ניי געקומענע באַקענען זיך מיט דער ענגלישער שפּראַך, זיי ווילן קריגן סערט־פיקאַטן פון הייסקול. מען העלפט איינער דעם אַנדערן זיך ניט פאַרלירן, און אונטערהאַלטן מיט אַ גוט וואָרט, צי גאָר מיט אַ וויץ. די גרעסטע טובה פאַרן קראַנקן, איז ווען מען קומט צו אים

אויף א וויזיט, דאַן ווערט יום טוב, דער באַזוכער ברענגט אַריין אַ ביסל לעבן, האָפענונג. פילע פון די קראַנקע זיינען שוין געזונט געוואָרן, געקומען צו זייערע פאַמיליעס, וואו מען האָט זיי מיט ליב־שאַפט דערוואַרט. זיי גייען איצט אָן מיטן נאָרמאַלן לעבן. אַרבעטן, פאַרדינען, פאַרנעמען הויכע פאָסטנס. אויך זייער פריינט איז ב"ה געזונט געוואָרן, אָט זיצט ער מיט מענטשן גלייך. ער וועט זייער טובה קיינמאָל ניט פאַרגעסן, זיי זיינען אים בייגעשטאַנען אין נויט.

ב.

ביי דער פאַמיליע ערלעך אין הויז איז פריילעך. זיי פייערן צוואַנציק יאָר נאָך זייער חתונה, און אויך אַ געזעגנונגס אָוונט מיט עטלעכע בחורים און מיידלעך, וועלכע דאַרפן מאָרגן אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל: ווער אין אַ ישיבה, ווער לערנען אויף אַ יאָר, דאָס זיינען קינדער פון די ליבע פריינט וועלכע האַלטן זיך נאָך אַלץ צו־זאַמען, נאָכן קומען קיין אַמעריקע און זייער באַזעצן זיך אויף דער פאַרם־ישיבה אין מאָנט־קיסקאָ. די קינדער, דער יונגער דור, האָט ניט ליב געהאַט צו אַרבעטן אויפן פאַרם, זיי האָבן אָבער פלייסיק געלערנט אין ישיבות אָדער אַנדערע סקולס. די אַרבעט אויף דער פאַרם ווערט באַצאָלט צו די אַרבעטער פון דער שטאָט מאָנט־קיסקאָ, אָדער פון די אַרומיקע קאַאונטיס.

דער טאָג איז געווען אַ קלאָרער, אַ דורכזיכטיקער, אַ וואַרעמער. אַ רואיקייט איז געלעגן אויף אַלץ אַרום, די זון האָט אַראָפּגעשיינט פון הימל, געוואַרעמט די ערד, גרינע פעלדער האָבן זיך געצויגן ווייט, ווייט... אויף אַרומיקע לאָנקעס, האָבן זיך געפּיטערט סטאַדעס בהמות, שעפּסן און פערד.

די געסט זיינען געווען צוזעצט אויף דער גרויסער וועראַנדע. אַרום הויז האָבן זיך געשפּילט קינדער, געטומלט און געשריען, געגעסן פּירות פונם פּרוכט־גאָרטן. אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן יום־טוב׳דיק. די מיידלעך האָבן באַדינט די געסט, זיי האָבן אונטערגעטראָגן די געריכטן צו די געסט און געשמייכלט איינע צו דער אַנדערער. די פרויען זיינען געזעסן אָן אַ זייט, גערעדט שטיל צווישן זיך.

ווען די פּאַרזאַמלטע זיינען שוין געווען אין אַ פריילעכער שטימונג האָט פרוי ערלעך זיך געווענדעט צום קרייז מענער און פרויען; אויב איר וועט מיר ענטשולדיקן, און דערלויבן — „האָט זי געזאָגט" — וויל איך זאָגן אַ פּאָר ווערטער; — „אדרבא! ביטע!" האָבן די פאַרזאַמלטע באַרואיקט דעם עולם: — „מרס ערלעך איז אַ געלערנטע און אַ קלוגע, לאָמיר הערן וואָס זי האָט צו זאָגן".

מרס. ערלעך האָט באַדאַנקט די געסט פאַר די גוטע וואונטשן און מתנות וואָס מען האָט זיי, די ערלעכס, געשאָנקען. דערנאָך, אין אַ קלאָרער ניט הויכער שטימע, האָט זי צום ערשט דערמאָנט ווען ארץ ישראל איז נאָך געווען אַ קאָלאָניע, די ענגלישע מאַכט האָט ניט דערלויבט קיין אימיגראַציע און אויך דעם אויפבוי פון דער מדינה. דער גרויסער חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אַזוי פאַריתומט דאָס יידישע פאָלק, האָט געעפנט דעם פאַר־שטאַנד פון די רעשטעלעך פון אונזערע ברידער, אַז אונזער ווייטער־ריקער קיום קען זיין פאַרזיכערט נאָר אין אונזער אַלטער היים. מיטן אויפקום פון אַן אייגענער מלוכה האָט אויך אויפגעלעבט דער רעליגי־עזער און נאַציאָנאַלער געפיל פון יעדן יידן איבער גאָר דער וועלט. ביים רודער פון דער מלוכה שטייען היינט און וועלן שטענדיק שטיין אונזערע אייגענע יידישע מענטשן — צווייפלט מען דען אין זייער פירערשאַפט, אין זייער פאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַלן געפיל? געוויס ניט! מיר דאַרפן צוריק געווינען אַלץ וואָס מיר האָבן אָנגעוואוירן, עס דאַרף אָבער נעמען צייט. מיר וועלן צוריק געווינען מיט פראָצענט, דער פראָצענט באַשטייט אין דערפאָרונג. מיר וואַקסן צוזאַמען מיטן פאָלק — עקאָנאָמיש, גייסטיק, קולטורעל, דאָס לאַנד איז שטאַרקער געוואָרן, אויף אונז ליגט דער חוב צו זאָרגן, העלפן מיט וואָס מיר קענען. עס איז אונזער לאַנד, אונזער שטאָלץ — ווען אפילו מיר זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, פילן מיר דעם הייליקן גייסט און ליכטיקע שטראַלן פון הייליקן לאַנד. מיינע ליבע פריינט! מיר אַלע דאָ, ווייסן אַז די צייט איז געקומען אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם טרויער און פעסימיזם, וואָס די מלחמה האָט אויף אונז אַרויפגעוואָרפן. לאָמיר גיין אַקעגן דער צוקונפט מיט מוט און גלויבן,

די צוקונפט געהערט דער יוגנט, אַ צוקונפט מיט פאַראַנטוואָרטליכ־קייט און גרויסע מעגליכקייטן. זאָל אונזער יוגנט, וועלכע פאָרט, מיט ג־ט׳ס הילף, מאָרגן אין אונזער הייליק לאַנד, זאָלן זיי — אונזערע קינדער גיין דער צוקונפט אַ קעגן מיט פרייד און געזאַנג, איך האָב געענדיקט. די פרויען האָבן שטילערהייט אַפּלאָדירט, די מענער האָבן שמייכלענדיק געשאָקלט מיט די קעפּ.

אַלעמענס אויגן זיינען איצט געווענדעט צו איר מאַן — הערשעל ערלעך. הערשעל שטעלט זיך אויף, ער דאַנקט זיין ליבער פרוי רייזעלע פאַר די גוטע מוטיקע רייד, ער דאַנקט דעם עולם פאַרן כבוד וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט. אַזעלכע טייערע און חשובע געסט וואָס זיינען געקומען אונדז משמח זיין, און אויך מיטגעבן די קינדער די בעסטע ברכות. ער שטייט אַ ווײַלע מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, נאָכער באַמערקט הערשל שטיל: — „אויב איר מיינע טייערע פריינט וועט מיר ערלויבן, וועל איך פרובירן מאַכן אַ קליינעם סך הכל פון אונזער לעבן דאָ אויפן פאַרם מיט אייך אַלעמען פאַר די לעצטע 20 יאָר. — דאָס הייסט, פונם טאָג וואָס מיר האָבן זיך דאָ באַזעצט אַן אָנגעהויבן טראַכטן פון דעם פלאַץ ווי אַן אייגענע היים. — „ווען מיר זיינען געקומען אַהער אין מאונט־קיסקאָ די גאַנצע גרופּע, וואָס איז געפאָרן מיט מיר, זיינען מיר געווען אויסגעדאַרטע, אויסגעמוטשעטע, אָבער פול מיט האָפענונג אויף אַ בעסרן מאָרגן. גאָר אינגיכן האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז ישראל, דאָס אויסגעבענקטע לאַנד פון מיין ברודער יעקב, און אַלע יידישע קינדער, איז אנערקענט געוואָרן פאַר אַ זעלבסט־שטענדיק לאַנד. יעדער ייד אויף דער וועלט האָט זיך געפרייט, און מיר צוזאַמען מיטן פאָלק ישראל. אָבער מיר זיינען פאַרפאָרן קיין אַמעריקע, מען האָט אונז געגעבן אַ היים און אַ פלאַץ צו אַרבעטן און לערנען תורה. מיר האָבן געדאַנקט ג־ט און דאָס לאַנד פאַרן חסד, און געלעבט מיט דער האָפענונג נאָך דערלעבן זען ישראל. ווי מיר האָבן אפגערעדט צווישן זיך נאָך אויפן וועג אַהער, האָבן מיר געשטעלט שטילע חתונות מיט אונזערע אויסדערוויילטע, טייערע און ליבע שוועסטער פון קאַמף, און אָנגעהויבן זיך איינאָרדענען און צוגעוואוינט זיך צום נייעם לעבן. די פרויען האָבן זיך זייער שנעל

צוזאַמענגעלעבט מיט די אַמעריקאַנער פרויען, וועלכע האָבן שטאַרק מיטגעפילט די ליידן וואָס מיר זיינען אויסגעשטאַנען. די פרויען האָבן צוגעזען דאָס באַלעבאַטישקייט און געהאָלפן די מענער מיט וואָס זיי האָבן געקענט. אויך די מענער האָבן אַרויסגעהאָלפן די פּליטים, ייִד און ניט ייִד האָבן רעספּעקטירט די ניי געקומענע פאַר זייער פרומקייט, ערליכקייט, און וואָס עס איז זיי, די אַמעריקאַנער באַזונדערס געפעלן — וואָס מיר זיינען ניט קיין פוילע, און וואָס פאַר אונדז איז גאָר ניט צו שווער און מיר לערנען זיך זייער שנעל אויס די מלאכה. מען האָט צוזאַמען געבויט הייזער, אַ בית מדרש, אַ ישיבה. מען האָט געאַרבעט אַ האַלבן טאָג און שפּעטער האָט מען געלערנט ג־טס תורה, מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און ווען לערנען האָבן קיינמאָל קיינער ניט געלערנט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. עס זיינען געגאַנגען יאָרן, די פעמיליעס האָבן זיך געמערט, יעדענס שמחה איז געווען אַן אַלגעמיינע.

הערשעל שווייגט אַ ווײַלע. ער ווישט אָפּ דעם שווייס פון שטערן און קוקט זיך אַרום ווי אַ פרעמדער. ער האָט פאַר די פאָר מינוט רעדן דורכגעלעבט די יאָרן פון ליידן און פיין. פון שווערער אַרבעט און ערציאונג פון קינדער. — אַט זיצן זיי די יונגע, און קוקן אים אין מויל אַריין, אפשר וועט ער דערציילן עפּעס, וואָס זיי וויסן נאָך ניט.

הערשעל דערציילט ווייטער אַז ער האָט אין דעם לאַנד שוין באַייגעוואוינט שמחות ביי פריינט, באַקאַנטע און ביי זיך, ווי אַ בר מצוה, אויך פאַר־קיין־מענטשן־געדאַכט, געזען לויות פון נאָענטע, פרומע און ניט פרומע מענטשן. ער האָט אַ סך דורכגעמאַכט, אָבער אַלעמאָל פילט ער אַז ער האָט אַ חוב, און האָט נאָך ניט באַצאָלט. ער מיינט ניט ווי אַ פאָטער צו קינדער, ניין, דאָס איז אַ חוב פאַר אַלע עלטערן. דער חוב איז אויפצוזוכן דאָס קינד פונם אומגעקומענעם ברודער יעקב, ערגעץ אין פראַנקרייך געפינט זיך יעקבס קינד. הערשל האָט שוין באַלד פאַרלאָרן די האָפענונג, ווייל קיינער קען אים ניט העלפן, מען ווייסט ניט דעם נאָמען פון דעם פראַנצויז און ניט די שטאָ... ער איז שוין געפאָרן קיין ישראל, אויך דורך יד־ושם. אַלע זיינע פריינט פון די אַמאָליקע לעבן געבליבענע, פאַרטיזאַנער, אָדער אַנדערע

קמעפער, אַלע באַמיען זיך אין אַלע לענדער — ניטאָ קיין שום ידיעה.

הערשעל ווישט אוים אַ טרער... מען האָט אים שוין אַ פּאָר מאָל גערופן דערקענען דעם אָדער יענעם דייטש, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פיינעם מענטשן. ער פאָרט אַלעמאָל מיט זיין פרוי — רויזעלע, דאָס איז זייער נקמה פאַר די אומגליקליכע קדושים. די דערקענטע דייטשן ציטערן אויף ביים דערמאָנען דעם נאָמען: „הער־שעלע ערלעך". וועגן רייזעלען קען ער זאָגן, אַז זי, די העלדישע קעמפערין פון זיין יוגנט איז געבילדעט און נאָבל, ער איז שטאָלץ מיט איר, זי איז קיינמאָל ניט מיד, אַלעמאָל מיט אַ שמייכל. מען קען זי אין ישראל, אין הסתדרות, אין הדסה שפּיטאָל און אויך אין די ישיבות. זי זאַמלט געלט, האָט אַ גוטן שמייכל, אַ פּאָר וואַרימע ווערטער, און טוט אויף גרויסע זאַכן.

הערשל שטייט אַ ווייל און באַטראַכט דעם עולם, וועלכער קוקט אים אין מויל אַריין, יעדער צו הערער פילט מיט זיינע רייד און מעשים. זיי לעבן דורך יעדער זאַך וואָס ער דערמאָנט.

ער צעגעמט זיינע הענט און זאָגט: — „זאָלן אונדז די ליבע טייערע קינדער מוחל זיין, אָבער עס איז געשען, אַז ניט ווילענדיק האָבן מיר מיט אונזערע דערציילונגען וועגן אונזער לעבן געמאַכט די קינדער פילן ווי זיי וואָלטן עפּעס פאַרפעלט טאָן. עס איז ניט אַזוי. מיר האָבן געלעבט אין די מלחמה יאָרן, איז אונז אויסגעקומען דורכגיין אַ שווער לעבן, וואַנדערן און אָנהויבן אַ ניי לעבן. איר, מיינע טייערע, לערנט ווייטער פלייסיק און האָט דרך ארץ פאַר אייערע עלטערן. גייט אָן מיט אייער געזעלשאַפטליכן לעבן נאָרמאַל, און אַזוי דאַרף זיין, איר זייט גוטע יידן, גוטע מענטשן, גוטע מיט־מענטשן. ווען עס וועט קומען די צייט וועט איר זיין גוטע יידישע מאַמעס און טאַטעס, לערערס אין שולעס, ווי מיין ליבע טאָכטער נחמה ווינטשט צו זיין. עס איז געשען אַז איך מיט מיין ווייב זיינען אַרויס אויף אַ שפּאַציר אין הויף, מיר זעען דער עס־זאַל איז באַלויכטן, די פענסטער אָפן, מיר קומען צו נענטער און הערן ווי אונדזער טאָכטער נחמה רעדט: מיינע טייערע! מיר האָבן זיך היינט פאַרזאַמלט זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון ווי אונזער לעבן גייט אָן. זיינען מיר ווערט

זיך רופן קינדער פון אונזערע הויכגעשעצטע עלטערן? גייען מיר אין זייערע פוסטריט? מיר לערנען, אָבער מיר האָבן קיינמאָל ניט גע־אַרבעט אויפן פאַרם. פיל פון אונז, איך מיין די בחורים די ישיבה לייט, לערנען ערנסט און אַ סך, פיל ווילן לערנען אַ פאַך, דאָס איז אויך גוט, מיר פאָרן פאַרזעצן אונזער לערנען אין הייליקן לאַנד. לאָמיר ניט פאַרשעמען אונזערע עלטערן. לאָמיר בעטן די וואָס בלייבן דאָ, אין מאָנט־קיסקאָ מיט אונזערע עלטערן און משפחות; זאָלן זיי אונז פאַרבייטן און פאָרזעצן אונזער אַרבעט ביז עס וועט קומען זייער ריי צופאָרן זיך באַקענען מיטן לעבן אין אונזער הייליקן לאַנד. ווען מיר וועלן קומען צוריק, וועלן מיר האָבן געלערנט אַ סך און האָבן פיל צו דערציילן.

אַלע האָבן אַפּלאָדירט נחמה׳ס רייד, איצט — זאָגט הערשעלע, וועלן מיר איר אַפּלאָדירן. מיר ביידע, איך און מיין ווייב, האָבן געוויינט און געווישט די טרערן פון פרייד, וואָס ג־ט האָט אונז גע־בענטשט מיט אַזעלכע גוטע געטרייע קינדער״. און הערשעלע הויבט אויף דעם בעכער און טרינקט לחיים, צום עולם, און ער פאַרענדיקט זיינע רייד מיט די ווערטער: — „איך בין שוין אַן אַלטער ייד, מיין אָרט פאַרנעמען נייע העלדן — אונזערע קינדער, און ווי מיין ליבע פרוי האָט יעצט געזאָגט — דער מאָרגן באַלאַנגט צו ג־ט און צו די יונגע קינדער. זאָל זיי ג־ט באַשיצן״.

נאָך הערשעלעס רייד, האָבן אַלע געטאַנצט אַ ריקודל אַרום די טישן. פרויען האָבן צוגעקוקט און זיך דורכגעוואָרפן מיט וואַרימע בליקן.

מען האָט נאָך געטרונקען טיי מיט קיכלעך, זיך געזעגנט און צוגעזאָגט מיטפאָרן צום לופט־פעלד אין ניו יאָרק, וואו די קינדער פאָרן מאָרגן ביינאַכט אָפּ מיטן אעראָפּלאַן „אל־על״ קיין ישראל.

## קאַפּיטל דריי

# דער וועג קיין ישראל

אין מאַשין וואָס איז געפאָרן צום לופט־פעלד איז געזעסן די גאַנצע פאַמיליע ערלעך. אין פראָנט ביים רודער פון מאַשין —

הערשעל, לעבן אים נחמה און רייזעלע. אויפן צווייטן זיץ־פּלאַץ — די קלענערע דריי אינגלעך. די גרעסערע צווײ דער צווילינג איז אין ישראל שוין באַלד צוויי יאָר. יעצט פאָרט נחמה, זייער ליבלינג און שטיפערקע. זי פאָרט ווי אַן אויסטויש־סטודענט לערנען אויף אַ יאָר אין סעמינאַר. עס פאָרט אַ גאַנצע גרופּע יונגוואַרג, יעדער מיט זיין פאַמיליע און זיין קאַר. אַלע קארס פאָרן צוזאַמען איינע הינטער דער אַנדערער, מען זאָל זיך ניט פאַרלירן.

זיי פלעגן אַרויספאָרן קיין ניו־יאָרק, די פריינט פון מאָונט־קיסקאָ, אַ סך מאָל, צו אַ פאַרברענגעניש, אָדער צו אַ חתונה. זיי פלעגן פאָרן גרופּנווייז, געהיט זיך ניט צו פאַרלירן, געהאַט אָפּגערעדט ווי צו ווייזן אין דער פינסטער מיט פייערלעך־סיגנאַלן, און מען האָט זיך ניט פאַרלוירן. אָבער יעצט פאָרן כמעט אַלע פריינט, אַחוץ די קראַנקע, וועלכע עס האָט ניט געקענט פאָרן. פאַר די פענסטער פון די מאַשינס לויפן פאַרביי אייזערנע סלופּעס, דראָטן־געפלעכטן, די באַלויכטענע געביידעס און וואָלקן־קראַצערס פון ניו־יאָרק רוקן זיך הינטערווייַלעכץ, שטאָקיקע געביידעס צאַנקענדיקע ליכטלעך. עס צינדן זיך און לעשן זיך עלעקטרישע רעקלאַמע־שילדן. רייזעלע האַלט שטאַרק נחמה׳ס האַנט. דער געשפּערעך קלעפּט זיך ניט, עס ווילט זיך אַזויפיל זאָגן, אָבער אַלע שווייגן. אַלע פילן שוער דאָס געזעגענען זיך. נחמה פרעגט צי די עלטערן וועלן איר אָפט שרייבן. ביידע, טאַטע־מאַמע, ענטפערן מיט איין מאָל — אַוודאי. מיר וועלן בענקען נאָך דיר. נחמה זאָגט צו שרייבן אָפט, שיקן שיינע מתנות צו די ברידערלעך. די קינדער הויבן אָן טומלען, וואָס וועט זי שיקן? און ווער מען אַ בעסערע מתנה. אַלע לאַכן, מען קוקט אויפן זייגער מען זאָל נישט פאַרשפּעטיקן. דער וועג איז אַ באַקאַנטער. הערשל און רייזעלע זיינען שוין געווען אין ארץ ישראל עטליכע מאָל, אויך זייערע צוויי זין האָבן זיי באַגלייט צום „עירפּאָרט”. אָבער יעצט איז עפּעס אַנדערש. די קינדער פאָרן ניט גלייך קיין ישראל, זיי וועלן זיך אָפּשטעלן אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און אין דער שווייץ, ערשט נאָכדעם וועלן זיי זיך צוריקקערן קיין ענגלאַנד און פאָרן קיין ישראל. אויך דאָרט וועלן זיי האָבן צייט זיך צו באַקענען מיטן לאַנד, זיך איינאָרדענען, לערנען אַ יאָר און קומען

צוריק מיט מער לעבן און פרייד זיך צו טיילן מיט זייערע נאָענטסטע. זאָל זיי ג־ט היטן, טייערע קינדער, זיי האָבן אַלע מאָל מקנא געווען די עלטערן פאַרן אַרומפאָרן אין אייראָפּע. עס ווילט זיך זיי עפּעס אויפטאָן, זאָלן זיי פאָרן געזונט, רייזעלע האָט דאָך געזאָגט — טראַכט הערשל — אַז די צוקונפט באַלאַנגט צו די יונגע.

אָט זיינען זיי שוין אויפן „קענעדי־עירפּאָרט". עלעקטרישע לאָמפּן צינדן און לעשן זיך, הונדערטער און טויזנטער קאַרס. אין וואַרט־זאָל איז פול מיט מענטשן; ווער עס פאָרט, ווער עס באַגעגנט באַקאַנטע, ווער עס איז געקומען זיך זעגענען. עס רוקט זיך דער עסקאַלייטער אַרויף און אַראָפּ, פּנימער באַקאַנטע און ניט באַקאַנטע. עס שטרעקן זיך הענט, מען באַגריסט זיך, באַקענט זיך, מען נעמט בילדער איינער פון אַנדערן, עס פאָרן אַ סך גרופּעס. אָט זיצט אַ גרופּע פון בני עקיבא, זיי זינגען אַלע צוזאַמען יידישע און העברייאישע לידער. נחמה כאַפּט אַ זייטיקן קוק אויף די עלטערן, וואָס זיינען זיי אַזוי אומעטיק, וואָס שווייגן זיי אַזוי? — איז עס דאָס ערשטע מאָל אַז זי פאָרט אַוועק? זי האָט דאָך פיר יאָר געלערנט אין ניו־יאָרק, און פלעגט נאָר קומען צוויי מאָל אין יאָר אַהיים אויף וואַקאַציע. און אפשר זיינען זיי אומעטיק ווייל זיי האָבן געקענט קומען צו איר ווען זיי האָבן זיך פאַרבענקט? נחמה גייט צו צו זיי מיט אַ שמייכל, די ברידערלעך לויפן אויך צו, זי גיט אַ קניפּ, אַ קיצל יעדן פון די אינגלעך, יעדער לאַכט, אויך טאַטע־מאַמע מאַכן זיך הארץ אויך גיטל קומט צו מיט אירע עלטערן. זי זעט אויס פאַרוויינט, די עלטערן טרייסטן איר. זיי בעטן נחמה׳ן זיך האַלטן מיט זייער טאָכטער, זי היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ, זיי האָבן מער ניט ווי זי און טאָמער געשעהט מיט איר עפּעס, וועלן זיי, חלילה, ניט אויסהאַלטן. נחמה כאַפּט אַרום גיטלען און זאָגט: — דו האָסט געהערט, זאָלסט מיך פאָלגן, זאָלסט זיין געהאָכזאַם. אַלע צעלאַכן זיך, אויך גיטלס עלטערן. נאַרישקייטן — זאָגט הערשל ערלעך, פאַרוואָס פאַרסמען די לעצטע מינוטן פאַרן פאָרן? עס געדויערט איין מינוט. נחמה נעמט אַ בילד פון גיטל מיט די עלטערן, און גיטל נעמט אַ בילד פון נחמה׳ן מיט דער משפחה. מען לויפט שוין אויפן „עסקאַ־לייטער", מען קושט זיך,

נאָך אַ מאָך מיט דער האַנט, דער עראָפּלאַן פּלאַצט אַרויס מיט אַ פולן מויל רויך. צום ערשטן זעען נאָך די מיידלעך, די ליבע פּנימער וועלכע זיינען געקומען זיי באַגלייטן, נאָכער אַ פּאָר איבער דער ערד. אַ הויב זיך אויף ווי אויף אַ סווינג (אַ קאַטשעלע) און ניו־יאָרק טוט אַקוועטש מיטן אויגל, נאָך אַ ליכט און זיי זיינען שוין ווייט, ווייט אין די וואָלקנס פון הימל.

ביידע מיידלעך זיצן אויף איין באַנק, צוגעקניפּטע מיט רימענס. זיי פאָרן צום ערשטן מאָל אין אַ עראָפּלאַן. זיי מאַכן זיך האַרץ ניט צו ווייזן איינער דער צווייטער אַז עס איז זיי זייער שווער דאָס צעשיידן זיך מיט די עלטערן. מען פרעגט זיי ווי זיי פילן, מען שמייכלט צו זיי, דאָס זיינען די סטוארדיסט, טייערע יידישע מיידלעך, אַלעמאָל מיט אַ שמייכל, זיי פרעגן: — „אפשר ווילט איר עפּעס עסן, טרינקען? — הינטער זייער פּלייצע טומלט די יונגוואַרג, ווער עס פאָרט גלאַט אַזוי זען ישראל; און ווער עס פאָרט ווי זיי, לערנען אויף אַ יאָר, עס הערט זיך געזאַנג, געלעכטער, מען רופט איינער דעם אַנדערן. עס הערט זיך אַ קול דורך אַ „רופער" — עס ווערט שטיל, אַלע הערן אַז דער עראָפּלאַן וועט זיך אָפּשטעלן אין לאנדאָן. נחמה׳ס גרופּע וועט זיך פאַרהאַלטן איין טאָג אין לאנדאָן און געפירט ווערן פון אַ וועגווייזער זיך באַקענען מיט די שענסטע פּלעצער. נאָכער וועלן זיי אָפּפאָרן מיט אַ שיף קיין פראַנקרייך, אויך דאָרט וועלן זיי זיך פאַרהאַלטן ניט מער ווי צוויי־דריי טעג. אויך אין דער שווייץ וועלן זיי זיך פאַרהאַלטן איין טאָג. נאָכער קומען זיי צוריק מיט דער שיף קיין לאנדאָן, און פאָרן מיט דעם עראָפּלאַן קיין ישראל. אַלע זיינען צופרידן. די פּאַסאַזשירן טומלען ווידער. נחמה נעמט גיטלען פאַר דער האַנט און זאָגט: עס איז גוט וואָס מיר זיינען צוזאַמען. איך האָב אַלעמאָל געוואָלט האָבן אַ שוועסטער. פאַר די פיר יאָר אין בית יעקב, פיל איך ווי מיר וואָלטן טאַקע געווען שוועסטער. ביידע צעקושן זיך.

דער עראָפּלאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין לאנדאָן. ווי אַלע מאָל איז דער „לופט־פעלד" פאַרנעפּלט. עס קאַפּעט אַ רעגענדל. דער באַגאַזש בלייבט אויפן וואָקזאַל פונם לופט־פעלד. יעדער האָט אַ קליין

רענצעלע־וואַליזע מיט נויטיקע זאַכן אויף עטליכע טעג. זיי קריגן אַ טיקעט פון דעם אָנגעשטעלטן, אַז זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע וואַליזעס און פאָרן מיטן וועגווייזער אין אַ האָטעל איבערנעכטיקן, און באַקענען זיך מיט דער גרויסער שטאָט לאָנדאָן. ניט אַלע האָבן דאָס געפיל זיך לאַנג פאַרהאַלטן אין ענגלאַנד. זיי גייען איבער די גאַסן. די זעלבע גאַסן וואָס ניו־יאָרק האָט. נחמה און גיטל דערמאָנען ענגלאַנדס באַציאונג צו יידן: זייער גלייכגילטיקייט צו די אומרוען אין ארץ ישראל, ווי דער חברונער פּאָגראָם; מיט זייער פאַרשפּאַרן די טויערן פון ארץ ישראל אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי געהאָלפן דאָס פאַרגאַזן פון צענדליקער טויזנטער יידן. אויך די באַוואוסטע „עקזאָדוס” דראַמע נאָך דער מלחמה, איז ענגלאַנד צו פאַרדאַנקען.

ווען נחמה און גיטל זיינען אַרויף אויף דער שיף פאָרן קיין פראַנקרייך, האָט דער שווערער ענגלאַנדער דאַמפּער זיך געגליטשט אין דער טונקלניש. אַ פלינק מאַטאָר שיפל האָט געשניטן דאָס וואַסער מיט אַ פלעסקעריי ווי עס וואָלט זיך געשניטן אייז. לאַנגזאַם האָט די שיף זיך דערווייטערט פון די ברעגן, איבערלאָזענדיק די לעצטע פינקעלדיקע לעמפּלעך פון שטאָט און פּאָרט. אַ שטילע, רואיקע נאַכט. דאָ און דאָרט זעען זיך שטערן. די יוגנט, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער דעק פון דער שיף, צעגייט זיך צוביסלעך: ווער אין זיין קאַבינע, וואו דאָס בעט שטייט, ווער אין וואָרט־זאַל, וואו מוזיק שפּילט, עס טאַנצן פּאָרלעך, ווער עס לייענט אַ זשורנאַל אָדער אַ צייטונג, ווער עס כאַפּט איבער דאָס האַרץ מיט אַ ביים אָדער אַ טרונק. דאָ קען מען זייער שנעל מאַכן באַקאַנטשאַפט, אַלע זיינען ווי איין משפחה.

לעבן שטריק אויפן דאַך, ניט ווייט פון דעם קאַפּיטאַן, שטייען ביידע מיידלעך, נחמה און גיטל. זיי זיינען ביידע גאַרניט ענלעך איינע אויף דער צווייטער. נחמה — מיט בלאָנדע לאַנגע צעפּ, אַרום איר שטאָלצן שיינעם קאָפּ, אַ פּנים פול מיט לעבן פון אַ שטיפערקע, אמערסטן זעט מען פון אירע בלויע לאַכענדיקע אויגן, איר גאַנצער פּנים מיט די חן־גריבלעך שרייט — האָב מיך ליב.

גיטל דאַגעגן איז העכער פון נחמה׳ן כמעט אויף אַ קאָפּ. אויך

זי האָט לאַנגע צעפּ אַרומגעוויקלט אַרום קאָפּ — אָבער שוואַרצע, פּאַרקעמט גלאַט מיט אַ שרונט אין מיטן קאָפּ. אויך די אויגן זיינען ברוין־שוואַרץ, און אַלעמאָל פאַרטראַכטע מיט אַ גוטן שמייכל, איר הויט איז ווייס — זיי זיינען ביידע שיינהייטן, נאָר ניט געראָטן איינע אויף דער צווייטער. איין זאַך איז זיכער, יעדע פון זיי פאַר־געטערט איר חברטע, און געפינט אַלעמאָל מער מעלות אין איר. יעצט שטייען זיי ביידע אויף דעם דעק פון דער שיף. דאָס וואַסער באַשפּריצט זיי צוביסלעך, זיי באַמערקן אָבער ניט. נחמה פרעגט גיטלען: ווילסט אַריינגיין אינעווייניק עפּעס עסן, טרינקען אָדער גאָר הערן אַ ביסל מוזיק? גיטל שווייגט. נחמה פאַרשטייט אָן ווערטער, אַז גיטל וויינט. זי נעמט אַרום איר פריינדין און פרעגט שטיל — בענקסט? איך אויך. גיטל פרעגט: וואָלסטו וועלן לעבן אין די יאָרן ווען דיינע העלדישע עלטערן האָבן געלעבט? נחמה שווייגט אַ ווייל, נאָכער זאָגט זי — ניין. דו ווייסט גיטל, אַז מיין טאַטע איז געווען גערעכט, ווען ער האָט מיר געזאָגט, ווען ער זאָל דאַרפן אָנהויבן אַ ניי לעבן פון דער צייט וואָס ער איז אין אַמעריקע, וואָלט ער וועלן פאַריכטן איין זייער וויכטיקן פעלער, און דאָס איז וואָס ער האָט ניט באַדאַרפט דערציילן זיינע קינדער וועגן די יאָרן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. די קינדער פילן ווי זיי האָבן עפּעס פאַרפעלט. עס ציט זיי אין דער וועלט אַריין, זען אייראָפּע, עפּעס אויפטאָן צו זיין אַ העלד, אָדער העלדין. איך טראַכט ניט אַזוי, מיר וואַקסן אין אונדזער דור, דאַרפן מיר זען וואָס מיר קענען אויפטאָן.

אָט האָבן מיר נאָר וואָס פאַרלאָזן ענגלאַנד, מיר פאָרן אין אַנדערע לענדער, אָבער מער ווי אַלעם ווילט זיך מיר זיין אין ישראל, אונדזער הייליק לאַנד, וואו יעדער ייד פילט זיך שטאָלץ. יעדער איז פאַרנומען מיטן בויען דאָס לאַנד. דאָס לאַנד וואַקסט און אַנטוויקלט זיך.

גיטל טוט אַ גלעט איר פריינדין און זאָגט: אָ ווי איך האָב דיך ליב, דו ביסט אַזוי העלדיש און פריילעך. איך בין צופרידן וואָס דו האָסט מיך אויסדערוויילט פאַר דיין חברטע.

נחמה פרעגט: זאָג מיר גיטל, דו האָסט נאָך אַלס ליב מיין ברודער ישראל? דערצייל, דו ווייסט איך האָב פאַר דיר ניט קיין סודות.

גיטל ענטפֿערט: יאָ, ער געפֿעלט מיר, נאָך פֿון די יאָרן ווען מיר האָבן אַלע געוואוינט אין פּאַרם, אָבער רעדן האָב איך מיט אים קײנמאָל ניט גערעדט וועגן דעם. די עלטערן מײַנע גיבן אַמאָל מיר אָנצוהערן, אָבער איך מאַך זיך ניט וויסנדיק. צוויי יאָר אין אונדזער עלטער איז אַ סך. אפֿשר ער אָדער איך וועלן זיך ניט געפֿעלן. נעכטן האָב איך געהערט ווי מײַנע עלטערן האָבן גערעדט מיט דײַנע עלטערן וועגן דעם, זיי ווינטשן זיך ניט קײן בעסערס, אָבער זיי וועלן דאָס לאָזן צו אונדז אַליין. מיר האָבן אַליין וואָס צו זאָגן. ניט אַזוי? און גיטל דערציילט נחמה'ן אַז איר פֿאָטער הערשל האָט דערמאָנט אַ פֿאַמיליע אין ישׂראל, וואו ער שטייט איין מיט זײַן פֿרוי, ווען זיי באַזוכן ישׂראל. דאָס איז אויך אײנער פֿון די אַמאָליקע פֿרײַנט. בײַ זיי זײַנען פֿאַראַן צוויי קינדער, אַ זון אויך אין פּאָניוועזשער ישיבה און אַ 16־יאָריקע טאָכטער, זייער אַ שײנע, אַ סאַברע. צו זיי פֿאָרן זיי דאָך צו אין ישׂראל; איז האָט זי, גיטל, אַליין געהערט ווי הערשל ערלעך האָט געפּלאַנט, נחמה וועט חתונה האָבן מיט רפֿאל'ן, „איך", דאָ שווײַגט גיטל אַ ווײַלע, איך מיט ישׂראל'ן און זי, פֿאַני הײסט דאָס מײדל פֿון אײערע פֿרײַנט, זי וועט חתונה האָבן מיט וועלוועלען.

נחמה צעלאַכט זיך, דער עכאָ ברײַנגט צוריק דורך די כוואַליעס דעם געלעכטער, מזל טוב אונדז שוועסטער. זיי רעדן אַ סך וועגן די חלומות, וועגן די בחורים, און אפֿשר זעען זיי אויס אַנדערש. גוט טוען די עלטערן, זיי לאָזן זיי באַשליסן און זאָגן דאָס לעצטע וואָרט. אין שיף איז ליכטיק און פֿריילעך. זיי קענען שוין באַלד אַלע מײדלעך פֿון אַלערלײ ישיבות וואָס פֿאָרן מיט זיי לערנען אַ יאָר. אין זײערע אויגן זײַנען אַלע מײדלעך גוטע, ערלעכע און שײנע, ווײַל ווען מען איז יונג און ערלעך, זעט מען אין יעדן דאָס זעלבע. זיי האָבן די זעלבע שטרעבונג און האָפֿענונג — פּאָר אַ בעסרן מאָרגן.

אָט איז מען שוין אין פּאַריז, אין פֿראַנקרײַך — דאָס לאַנד פֿון היסטאָרישע געשעענישן. זיי מאַרשירן איבער די פּאַריזער גאַסן, זיי זעען די זעלבע מענטשן ווי אין ניו־יאָרק, אָבער ניט מיט פּאַרטראַגענע פּאַרזאָגטע געזיכטער. זיי, די פֿראַנצויזן, נעמען דאָס לעבן גרינג, אַפֿילו אין אָרעמקייט. וואו מען גייט און וואו מען שטייט שפּילט מען מוזיק,

פריילעכע פּאַרלעך, אַפּילו די דעפּאַרטמענט סטאָרס ווי לאַפאַיעט, זעט אויס ווי מייסים אָדער גימבלס. דאָ באַגעגענט מען מער קינסט־לערס, מען האָט מער געדולד צו זיי, מער קאַפּעטעריעס וואו באַקאַנטע באַגעגענען זיך און שליסן געשעפטן. אָט איז דער אייפעל טורעם, קאָנ־קאָרד. דאָ, ערגעץ אין דעם פראַנקרייך, האָט איר אָנקל יעקב איבער־געלאָזן אַ קינד, וואָס איר פאָטער ווייסט אַפילו ניט דעם נאָמען פונם קינד, אָדער די שטאָט וואו דאָס קינד צו זוכן.ביידע מיידלעך שטייען פאַרטראַכטע. דער וועג־ווייזער דערציילט, און פאַר זייערע אויגן לויפן בילדער: נאָטערדאַם, דאָס מיידעלע אין ווייסן מיטן שעפּסעלע, דיומא, דער גרויסער שרייבער, דריי מוסקאַטיאָרן — דאַרטאַניאַן, פּאַרטאַס, אַראַמיר. אָט איז דער גבור אין קייטן — זשאַן־וואַלשאַן, גיוגאָ, ער גייט דורך די אונטערערדישע וועגן און טראָגט פון די באַריקאַדעס דעם חתן פון זיין קאַזעטאַ, ער איז פאַרוואונדעט געפאַלן אויף די באַריקאַדן. זשאַווער דער פּאָליסמען וואָס פאַרפאָלגט דעם אומגליקליכן „פּאַדער־מאַדלען", אָדער זשאַן־וואַלשאַן. אָט לויפט איבער די באַרי־קאַדעס דער קליינער גאַווראָש... עס שוועבן פאַר די אויגן בילדער פון קעניגן מאַריאַ סטואַרט, און אַפילו דער קליינגעוואַקסיקער העלד — נאַפּאָלעאָן. די מיידלעך האָבן אַ סך ביכער געלייענט און יעצט זייענדיק אין דער היסטאָרישער שטאָט פּאַריז זוכן זיי שפּורן פון אַלעם. זיי קומען צום אָפּערע־טעאַטער, און באַוואונדערן די פיל פייערן אַרום. אחוץ די הונדערטער אויטאָמאָבילס קומען נאָך יעצט אויך ווי אַמאָל קאַרעטעס מיט פלינקע פערד, באַפּוצטע מיט גלעקלעך. עס איז טאַקע אָן איבערבלייבעכץ, אָבער ווי שיין. עס קומען אַרויס מענער מיט טאַקסידאָס, פרויען אין לאַנגע שיינע אָוונט־קליידער. די מיידלעך זיינען אַנציקט.

אָט פירט מען זיי צום וואַקזאַל „סענט־לאַזאַר", פּאַרלעך שטייען צוגעפּרעסט איינער צום אַנדערן, מען קושט זיך און מען שעמט זיך ניט פאַר קיינעם — וואָס גייט זיי אָן די גאַנצע וועלט? נחמה ווייזט גיטלען אויף די פּאַרלעך און זאָגט, אַז פּאַריז איז דער מאָדע זאָגער, אַזוי מיט די מיני־סקוירט, און אַזוי מיטן קושן זיך אין דער עפנטלעכקייט.

דער וועג פֿון פּאַריז ביז ווערסייל איז גאָרניט אַזוי שיין. אַ סך רעלסן, וואו טרעינס צעפּאָרן זיך אויף אַלע זייטן. עס לויפֿן גרויסע און קליינע הייזער, שמוציקע, פֿאַררויכערטע, פֿאַבריקן און זאַוואָדן. אַלערליי מענטשן פֿאָרן מיט אין די וואַגאָנעס.

וואָס נענטער צו ווערסייל אַלץ שענער און ברייטער איז דער וועג. יעדער הויז איז אַ באַזונדערע ווילע — אַ שאַטאָ. אין יעדער הויף אַ סך צעוואָרפֿענע הייזקעלעך מיט וועראַנדעס, בלומענטעפּ, פֿאָנטאַנען וואָס באַשפּריצן די גראָזן. די אויגן בלאָנדזשען אין די פֿיל קאָלירן פֿון פֿלאַנצן. ווערסייל איז ניט קיין גרויסע שטאָט ווי פּאַריז, אָבער ווי ריין און שיין, זיי קומען צום פּאַלאַץ פֿון די קעניגען, עס זעט אויס ניט ווינציקער מאַיסטעטיש ווי דער „לוּווער״. יעדער צימער איז אַ באַזונדערע וועלט — אַ רייכטום. מעבל, קליידער, צירונג.

פֿאַרמאַטערטע, פֿול מיט טיפֿע איבערלעבונגען קערן זיך אום די מיידלעך פֿון זייער עקסקורסיע. נאָך איין קוק אויפֿן באַלויכטענעם פּאַריז, אויף די פֿריילעכע פּנימער, און ווייטער טראָגט זיי די באַן צו דער גרענעץ פֿון דער שווייץ, דעם באַוואוסטן קוראָרט, וואו די לופֿט און דער פּייזאַזש פֿאַרכישופֿט רייך און אָרעם, געזונטן און קראַנקן. בערגיקע שיינע פּייזאַזשן פֿול מיט לעבן און פֿרייד.

די מיידלעך דערמאָנען זיך אין בעדפֿאָרד־הילס, וואָס איז ניט ווייט פֿון מאונט־קיסקאָ. אויך דאָרט האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ ארומגערינגלט מיט בוימער, קווייטן און גראָז, אָבער וויפֿל אומגליקליכע קראַנקע שמאַכטן דאָרט.

עס ווילט זיך זיי גיכער קומען צום ערראָפּלאַן, און שנעלער אָנקוקן דאָס אייגענע לאַנד ישראל מיט די אייגענע אויגן. ווידער שוועבט דער ערראָפּלאַן צווישן הימל און ערד.

די מיידלעך פֿאַרשרייבן די זאַכן וואָס זיי האָבן געזען. זיי האָבן געקויפֿט קליינע סואווענירן און פֿאָרן זעצן זיך אויפֿן ערראָפּלאַן, שיקן זיי אָפּ צו זייערע עלטערן מיט לאַנגע באַגייסטערטע בריוו, פֿול מיט ליבשאַפֿט און איבערגעגעבנקייט.

## קאַפּיטל פיר

# אין ישראל

### א

ארץ זבת חלב ודבש — ענדלעך זיינען מיר אין דעם אויס־געחלומטן לאַנד. נחמה און גיטל זיינען אויסגעשטיגן פון עראָפּלאַן מיט לאַנגזאַמע טריט. שטופּנדיק איינער דעם אַנדערן, זיינען די ערשטע אַרויס די גרופּע פון בני עקיבא. פריינט און באַקאַנטע האָבן זיי באַגעגנט. אַ סך פון זיי זיינען שוין נישט דאָס ערשטע מאָל אין ישראל. נאָך די ערשטע באַגריסונגען איז די יוגנט אַריין אין עקסטאַז, זיך גענומען פאַר די הענט, פאַרוואָרפן די קעפּ אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזן אין אַ הורא־טאַנץ. מען האָט געזונגען און געטאַנצט לאַנגזאַם און ריטמיש, דערנאָך שנעלער און שנעלער און שנעלער...

פאַרסאַפּעטע, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם קוקן נחמה און גיטל איינע אויף דער אַנדערער און לאַכן. ווי קומען זיי צום טאַנץ? ווער האָט זיי און אַלעמען אַריינגעצויגן אין טאַנץ? זיי ווייסן ניט, אָבער זיי פילן זיך גליקלעך. מיט אַן אימפּעט האָבן זיי זיך געטראָגן איבערן לופט־פּלאַץ. ביידע ווישן דעם שוויים, גלעטן זייערע האָר, און אוי! וואו זיינען אונדזערע הענט־בייטלס, זיי קוקן זיך אַרום. צו זיי קומען צו צוויי בחורים און האַלטן זייערע הענט־בייטלען. איין מינוט און נחמה פאַלט אויפן האַלז איינעם און דעם צווייטן, זי וויינט און לאַכט — מיין ג־ט! ווי איר האָט דאָס זיך געביטן — חתנים, דזשענטלמענס, איך וואָלט דאָך אייך קיינמאָל נישט דערקענט, נאָר וועיל מיין האַנט בייטל... זי באַמערקט גיטל שטייט איינע אַליין אין אַ זייט. ביי ישראל׳ן הענגט נאָך אַלץ גיטלס האַנט־בייטל, און נאָך אַ ביסעלע ווייטער שטייט אַ הויכער יונגער — גרויער מאַן, שיין געקליידעט און רעדט עפּעס צו אַ מיידל, ביידע שמייכלען און קוקן צו זיי. ישראל! וואָס גיסטו ניט צוריק דעם האַנט־בייטל צו גיטל? דו מיינסט עס באַלאַנגט צו דיר? אַלע צעלאַכן זיך. גיטל נעמט צו

איר ביטל און זאָגט פאַרשעמט — אַ דאַנק; אַלע פּאַסאַזשירן פון אַרום זײַנען שוין לאַנג זיך צעגאַנגען, נאָר זיי שטייען פאַרלוירן און עס פעלן זיי אויס די רייד. נחמה פרעגט: „אין ישראל מאַכט מען אַלע־מאָל אַזעלכע קונצן? ווער האָט ביי אונדז צוגענומען די ביטלען?" די ברידער לאַכן — זי! ווייזן זיי אויף דער שיינער מיידל, וואָס שטייט לעבן עלטערן מאַן — זעט אויס איר פֿאָטער. דאָס איז דעם טאַטנס פריינט — מר רייכמאַן, און דאָס איז זייער טאָכטער — פאַני. די מיידלעך גיבן זיך די הענט, מען באַגריסט זיך מיט שלום! און דאָס איז רפאל. נחמה טוט אַ דריי אויס דעם קאָפּ — אַ הויכער, אַ שלאַנקער יונגערמאַן מיט גוטע שוואַרצע אויגן שמייכלט — שלום נחמה! שלום! — ענטפערט נחמה, און זי פילט ווי די גאַנצע בלוט איז איר געקומען אין פּנים... מר. רייכמאַן בעט אַלע געסט אין זיין מאַשין, ער וואוינט אין בני־ברק. אַלעס איז גרייט זיי אויפצונעמען.

ווי אַנדערש זעט אויס בני ברק ווי די אַלע שטעט, וואָס זיי האָבן באַזוכט. די ברייטע גאַסן, באַזעצט מיט בוימער און קווייטן, געראַמע צימערן, אַרום יעדן צימער אַ גרויסע וועראַנדע. די מענטשן אַלע היימיש און פריינדלעך. ווי ערשטווינט זיינען געוועזן די מיידלעך, ווען פרייטאָג האָט אַ גלאָק געקלונגען מען זאָל זיך גרייטן צום שבת. די קראָמען ווערן פאַרמאַכט, ווער עס כאַפּט זיך צו צום ים־התיכן זיך אויסבאָדן. ווי הייליק, ווי וואונדערלעך שיין, אַלעס זעט אויס אין די אויגן פון די מיידלעך. דאָס קען מען ניט באַשרייבן — דאָס מוז מען זען.

ביזן נייעם לערן־יאָר איז נאָך ווייט. די מיידלעך האָבן אַ סך זאַכן צו ערליידיקן. די ערשטע זאַך איז זיך איינאָרדענען אין דאָר־מיטאָרי מיט אַלע מיידלעך וועלכע זיינען געקומען לערנען אַ יאָר אין סעמינאַר. מיט דער הילף פון אַ וועג־ווייזער פאָרן זיי פון שטאָט צו שטאָט, די שטעט וואָס זיינען זיי אַזוי באַקאַנט פון תנ"ך — עס לעבן אויף בילדער און העלדן, קעניגען, פרינצעסינס, דער וואונדערליכער גליל, צפת, די הייליקע שטאָט ירושלים... די מיידלעך פאַרשרייבן צוביסלעך, בײַנאַכט שרייבט מען איבער, מען וועט קומען אַהיים קיין אַמעריקע, וועט מען קענען בעסער דערציילן.

אמערסטן האָבן די מיידלעך ליב די הייליקע פלעצער. די פנימער ווערן שטרענג. מען דערמאָנט זיך ווער עס ליגט דאָ. וואָס דער אָדער יענער האָט אויפגעטאָן. עס שוועבט אַ הייליקער גייסט אַרום זיי. מען ווערט פאַרחלומט און עס טראָגט אַוועק צוריק צו די אַמאָליקע דורות, צו די צייטן פון די געשעענישן.

ווי שיין זיינען די ימים־טובים אין ישראל. דאָס בלאָזן שופר, דאָס וועקן צו סליחות, ראש השנה, יום כיפור און סוכות. זייערע עלטערן זיינען פרום, זיי היטן אָפּ אַלע ימים־טובים ווי אַ הייליגקייט, זיי אַליין זיינען דאָך מיידלעך פון די בית־יעקב שולן, אָבער ווי קומען די ימים־טובים אין אַמעריקע צו די וואָס אין ישראל? דאָ פייערט ניט נאָר דער יחיד, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק ישראל. אַלע און אַלעם פרייען זיך. עס האָט אַ גאַנצע שטאָט ארויסגעצויגן זיך פון די הייזער און אריין אין די סוכות. דאָס גאַנצע לאַנד זינגט און טאַנצט. יעדער אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע קליידער מיטן לולב און אתרוג אין האַנט און נאָכער מיט די ספרי־תורה׳ס.

די ימים־טובים זיינען פאַרביי. נחמה מיט גיטלען לערנען פיל, מען לערנט אַ סך העברעאיש — דאָס איז דאָך די שפּראַך פון פאָלק און לאַנד, און ווי אַלע מיידלעך אין ישראל, לערנען זיי אויך ווי צו געבן די ערשטע הילף, אין פאַל פון מלחמה. זיי שרייבן אָפטע בריוו אַהיים, און קריגן צוריק פאַרזיכערונגען פון ליבע און בענקשאַפט צוזאַמען מיט פעקלעך עסן און קליינקייטן. זיי זעען זיך אָפט מיטן טאַטנס פריינט רייכמאַן, זייער טאָכטער פאַני איז אַ שטאָלצע סאַברע און גוטע מיידל, זיי זיינען פריינט. זיי זעען זיך אויך פון צייט צו צייט מיט די ברידער ישראל און וועלוול, און אויך רפאל קומט מיט די פריינט באַזוכן די פאַמיליע רייכמאַן, די האַרציקע מענטשן מיט דער אָפענער טיר פאַר פריינט און באַקאַנטע. נחמה שרייבט אַז זי האָט זיך אַזוי געפרייט צו זען דאָס לויפן מיטן פאַקל פון די יונגען, וואָס זיינען געלאָפן צום באַרג אין דאָרף פקיעין כדי אָנצינדן די חנוכה־מנורה. זי האָט דערמאָנט דעם נס פון חנוכה, די מכבים, דאָס ביסל אויל, וואָס האָט געברענט אַכט טעג. זי האָט אויך געהאַט אַ פּאָר פרייע טעג און זייער פיין פאַרבראַכט ביי די ליבע רייכמאַנס.

אויך דיברידער און רפאל זײַנען געקומען, און דאָך, זי שעמט זיך צו דערציילן — זי און גיטל האָבן שטאַרק געבענקט קיין מאונט־קיסקאָ — אַהיים, ניט אַזוי נאָך דער שטאָט, ווי נאָך דער ליבער טייערער משפּחה. זיי האָבן אַרויסגעשיקט אַ פּעקל מיט קלייניקייטן — חנוכּה־מתּנות. די צייט לויפט שנעל, און האָפן אין גיכן זיך זען. דער ווינטער אין ישׂראל איז ניט ווי אין אַמעריקע. עס פאַלן ניט קיין געדיכטע שנייען — עס קומען אָבער רעגענס און ווינטן, אָבער ווער באַמערקט דעם וועטער, מען איז יונג און פאַרנומען.

נחמה מיט גיטלען ווילן אַלעס זען. זאָל דאָס זײַן אַן אידישער טעאַטער, אַ מוזיי, און אויסשטעלונג. זיי באַזוכן ישיבות, בית־יעקבס, הדסה שפּיטאָל, וואו נחמה׳ס מוטער איז אַזוי באַקאַנט. אויך דעם פּאָטער הערשל קענען אַ סך מענטשן, נחמה איז שטאָלץ מיט אירע עלטערן. אָט איז געקומען דער יום־טוב ראש השנה פאַר די בוימער — חמשה עשר בשבט, ווען דאָס לאַנד, יונג און אַלט נעמען אָנטייל אין פלאַנצן נײַע בוימער. אַלע שולעס, די לערער מיט די תּלמידים און תּלמידות מאַרשירן מיט לאָפּאַטעס אויף די פּלייצעס מיט געזאַנג און מאַרשן. דאָ אין לאַנד קען קיינער ניט זײַן אַ צושויער — עס ווילט זיך נאָכגיין, מיטזינגען, בויען צוזאַמען מיטן פאָלק, דאָס לאַנד.

פּורים איז אַ יום־טוב פון קאַרנאַוואַלן. מען מאַכט פּאַראַדן, מען גייט גרימירט מיט מאַסקעס, מיט שיינע קליידער פון אסתּר המלכּה, מרדכי הצדיק, המן הרשע און אחשורוש דער טיפּש. מען טשעפּעט איינער דעם אַנדערן, מען לאַכט אין פּנים אַריין, יעדער וויל זיך אויספּיינען מיט אַ בעסערן וויץ, ווערטל אָדער חכמה. עס איז אויך דער יום־טוב פון פרילינג — די לופט איז ניט הייס און ניט קאַלט. אַלעס וויגט זיך, אַלעס טאַנצט. עס איז פּורים — מען בעט פּורים־געלט און מען טראָגט שלח־מנות. נחמה און גיטל באַשרייבן מיט באַגייסטערונג זייערע איבערלעבונגען, זייערע פרייד און דער־גרייכונגען. די עלטערן זײַנען שטאָלץ מיט די קינדער. זיי שיקן זיי זייערע ברכות און וואַרעמע גערוסן. די צייט לויפט שנעל, זיי דאַרפן שוין באַלד אַהיימפאָרן. זיי קלייבן זיך אין גיכן באַזוכן דעם קבר פון

רבי שמעון בן יוחאי. זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט בייגעוואוינט דאָס אָפּשערן פון די קליינע אינגעלעך.

אַלעס איז געגאַנגען בסדר, ווען פּלוצלונג האָט זיך אַ שוואַרצער וואָלקן פאַרשפּרייט איבער דעם הימל פון פאָלק ישראל. אַ מלחמה האָט אויסגעבראָכן מיט די אַראַבער אויף לעבן און טויט. די וועלט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. יעדער איד אין ישוב, פרומער און ניט פרומער ייד האָט אַ ציטער געטאָן — אונדזער לאַנד איז אין אַ סכנה! ג־ט'ניו באַשיץ דיין פאָלק ישראל. פון אַלע לענדער קומען וואָלונטירן, געלט, עסנוואַרג, הילף. מען פאַסט, מען זאָגט תהילים אין די שולן און בעטן ג־ט פאַר הילף.

ישראל איז אַרומגערינגלט פון שונאים. דאָס גאַנצע לאַנד איז מאָביליזירט. דאָס לאַנד איז פול מיט העלדן — יונג און אַלט, מאַן און פרוי, געזונטע און אפילו קראַנקע, זיינען גרייט דאָס לעבן געבן פאַרן לאַנד. אויך די קינדער פון דער פאַמיליע ערלעך, מיט זייערע פריינט רפאל און גיטל, האָבן זיך געשטעלט צום דינסט פון זייער לאַנד.

די געזינטערע וועלכע האָבן געקענט נוצן געווער — זיינען געגאַנגען אויף די שלאַכט־פעלדער. אַנדערע האָבן געהאָלפן גראָבן שוץ־גריבער. די מיידלעך ווי נחמה, גיטל און פאַני — זיי זיינען באַשעפטיקט אין הדסה־שפּיטאָל. ניט איינמאָל זיינען זיי געפאָרן מיטן אַמבולאַנס צו די פּלעצער וואו עס ליגן די פאַרוואונדעטע, צוקריפּלטע, מען נעמט אַראָפּ קליידער פון די קראַנקע, מען וואַשט אַרום די וואונדן, מען דערלאַנגט זיי אַ טרונק. נחמה און גיטל זיינען זייער ערנסט, זיי פאַרשטייען יעצט וואָס עס מיינט מלחמה. זיי שלאָפן ווייניק, האָבן מורא פאַרשפּעטיקן מיט דער הילף. עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר די בעטלעך. מען ליגט אין די קאָרידאָרן, אַ בעט צו אַ בעט צוגערוקט. אַ קורץ־געשווירענע קראַנקן־שוועסטער אין יוני־פאָרם — זעט אויס ווי אַ העלדין, זי באַוועגט זיך שטיל און שנעל. צו יעדן אַ גוט וואָרט. אירע סאַמעטענע אויגן גלעטן. אונטער איר פירערשאַפט אַרבעטן די אַמעריקאַנער מיידלעך. זי קען אַ סך שפּראַכן, אויך ענגליש. זי קען איר אַרבעט גוט. קיינער דרייט זיך ניט אונטער די פיס. יעדער האָט זיין אַרבעט, זיין צימער, זיינע קראַנקע. זי

באַפּעלט ניט, נאָר בעט טאָן די אָדער אַנדערע זאַך. די מײדלעך זײַנען גליקלעך צו זײַן בײַהילפיק מיט וואָס זײ קענען.

דער רויש פון עראָפּלאַנען, דער דונער פון האַרמאַטן און קאַנאָנען, דאָס סווישטשען און שרײַען פון די באָמבעס האָט זיך אָפּגעשטעלט, מענטשן האָבן אויפגעהערט שטאַרבן, צעשאָסן און צעריסן ווערן אויף די שלאַכט־פעלדער. דער 6־טאָגיקער בלוטיקער מבול האָט זיך אָפּגעשטעלט. די בית־עולם'ס פון די מלחמה קרבנות האָט מען אַרומגעצאַמט. די לעבנגעבליבענע זײַנען זיך צעפאָרן צו זײערע הײמען — נערוועזע, אויפגערעגטע און צעקאַליעטשעטע.

אין הונדערטער הײזער האָט מען באַוויינט און געטרויערט נאָך יענע וועלכע זײַנען ניט געקומען צוריק. ג־ט האָט געטאָן אַ נס, דאָס ייִדישע פאָלק האָט באַזיגט די שונאים. מען פרייט זיך מיטן נצחון פונם לאַנד, אָבער די פרייד איז ניט קײן פולע, אַזוי פיל ייִדיש בלוט פאַרגאָסן. יעדענס טרויער איז דאָס טרויער פונם לאַנד.

גרויס איז די פרייד פון נצחון אויף דער גאַנצער וועלט און אויך אין מאונט־קיסקאָ, ווען דאָס ייִדישע פאָלק האָט געזיגט, און נאָך מער ווען די פאַמיליע ערלעך האָט זיך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיט דער משפחה רײַכמאַן און געהערט אַז די קינדער זײַנען ב"ה גאַנץ און געזונט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן — מר. און מרס. ערלעך פליען אַרויס קײן ישראל. זײ לאָזן זײערע קלענערע קינדער בײַ פרײַנט — זײ דאַרפן ענדיקן דאָס לערניאָר. אפשר גאָר אַ שידוך פאַר די דרײַ דערוואַקסענע קינדער, וועלכע זײַנען אין ישראל, און אויך האָט זײַן פרײַנט אים געגעבן אַן אָנצוהערעניש אַז ער וועט אפשר קענען געפינען דאָס פאַרלוירענע קינד פון יעקב זײַן ברודער.

ב

גרויס איז דער נס וואָס האָט פּאַסירט מיטן ייִדישן פאָלק, וואָס ג־ט האָט געטאָן צו די ייִדן אין ישראל. יעצט פאָרן קײן ישראל ייִד און ניט־ייִד, יעדער וויל זען מיט זײַנע אײגענע אויגן דאָס העלדישע לאַנד און פאָלק, די באַפרײַטע טעריטאָריע און געווער. מען קען קײן

„טיקעט" ניט קריגן אויפן עראָפּלאַן, מען דאַרף זיך פאַרשרייבן אין אַ ריי (נעקסט).

ווען הערשל און רייזל ערלעך זיינען געקומען אויפן לופט פעלד פון ישראל, אין לוד, האָבן אַלע זייערע קינדער, פאַמיליע רייכמאַן, רפאל און גיטל זיי באַגעגנט. ווי אַנדערש אַלע זעען אויס, די קינדער אויסגעוואַקסענע, דאַרע מיט אַ טרויער אין די אויגן. מען האָט זיך געפרייט און געקושט ווי מען וואָלט זיך אַן אייביקייט ניט געזען. עס איז דאָ אַזוי פיל צו פרעגן און דערציילן, אָבער מער פון אַלעם קוקן איינער אויפן אַנדערן און זיך פרייען וואָס מען איז צוזאַמען. מען פרעגט אויף די משפחות און פריינט פון אַמעריקע — ניו־יאָרק און מאונט־קיסקאָ. ווי האָט מען אויפגענומען די 6־טאָגיקע מלחמה?

נאָך עטליכע טעג זיך אויסרוען, זיינען די משפחה און פריינט ארויסגעפאָרן מיט אַ מאַשין איבערן לאַנד. עס איז אַ שיינער זוניקער טאָג. די קאַר פאָרט לאַנגזאַם איבער הייליקן לאַנד. זיי דאַרפן ניט קיין וועג־ווייזער, די קינדער ווייסן וואוהין צו פירן די עלטערן. זיי אַליין ווילן אויך זען די באַפרייטע ערטער, און דאָס געוווער. טאַטע־מאַמע קוקן אויף נחמה'ן, וועלכע זיצט יעצט צווישן זיי, ווי אין דעם טאָג ווען זי איז פון מאָונט־קיסקאָ צום אעראדראָם געפאָרן. ווי אַנדערש זי זעט איצט אויס. זי איז נאָך שענער געוואָרן, אָבער דער טרויער אין פּנים און אין די אויגן — זעט אויס זי איז דאָ אַ סך אויסגעשטאַנען, זי דערציילט פון די ליידן, וואָס די פאַרוואונדעטע האָבן דורכגעמאַכט, און וויפיל פריינט זיי האָבן פאַרלוירן. זי ווישט אַ טרער, אַלע אין מאַשין שווייגן. זי פאַרפאָרן אין אַ זייט אין מיטן וועג — זיך אָפּרוען, עפּעס עסן. יעדער דערציילט עפּעס פון זיינע איבערלעבונגען.

גיטל זעט אויס בלייך. זי פרעגט זיך נאָך אויף אירע עלטערן. זי בענקט נאָך זיי. זי וואָלט וועלן זיי זאָלן קומען וואוינען דאָ אין לאַנד. זי שטעלט זיך ניט פאָר קיין אַנדער לעבן. דאָ, פילט זי האָט זי אַ סך צוטאָן, מען דאַרף איר. דאָס לאַנד וואַקסט — מען דאַרף יונגע מענטשן. די ברידער ישראל און וועלוול, אויך רפאל גיבן צו — זיי וואָלטן זייער גערן בלייבן אין ישראל, ווען זייערע עלטערן זאָלן וועלן.

הערשל און רייזל זאָגן צו, מען וועט זען, מען וועט באַשליסן ווען מיר וועלן זיך צורקקערן.

ירושלים איז פול מיט באַזוכער, אַלע שטופּן זיך צום כותל מערבי — יעדער וויל אויסגיסן זיין ביטער אָנגעווייטיקט האַרץ — עס פילט זיך אַ הייליקייט. דאָ קענסטו ג־ט און זיך ניט נאַרן, ער ווייסט וואָס דו טראַכסט. אפילו ביי די ניט פרומע גייט דורך אַ ציטער. מען איז זיך מתוודה און מען בעט ג־ט. יעדער וויל אָנרירן די הייליקע וואַנט, אַנדערע קושן די וואַנט, אייניקע טענה׳ן זיך אוים מיט׳ן רבונו של עולם שטילערהייט, אַנדערע וויינען און שרייען ווי יום כיפור אין שול.

די מאַשין פאָרט ווייטער. נחמה ווענדט זיך צום פאָטער: — „דו זעסט טאַטע, דו האָסט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ווען דו זאָלסט קענען אָנהויבן דיין לעבן און דערציאונג פון דיינע קינדער פון דאָס ניי, וואָלסטו זיי ניט דערציילט וועגן דיינע יאָרן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווייל די קינדער ווילן גיין אין אייערע פיסטריט. איך האָב דיינע ווערטער איבערגעחזרט צו גיטל אויפן וועג קיין ישראל, און האָב געזאָגט, אַז יעדער מענטש אין יעדער צייט מאַכט היסטאָריע, און זעט אוים אַז איך בין געווען גערעכט. די 6־טאָגיקע מלחמה האָבן מיר, אין ישראל, ניט געוואָלט. איר האָט אָבער אַ גרויסן זכות ביי ג־ט, ווייל מיר אַלע זיינען געבליבן לעבן און אומבאַשעדיקט, מיר האָבן אָבער געפילט אַ חוב צו זיך אַליין — וואָס מיר קענען העלפן דאָס לאַנד. מיר האָבן געפילט אַז דאָס לאַנד איז אין אַ סכנה, איז געקומען די צייט אַז מיר זאָלן ניט שטיין אין אַ זייט.

די מאַמע נעמט אַרום נחמה׳ן און גיט איר אַ קוש — דו ביסט אַ קלוגע, און מיר זיינען שטאָלץ מיט דיר. אויך דער טאַטע גלעט דער טאָכטער נחמה׳ס האַנט. אָט קומען זיי אָן אין גליל, אין צפון פון לאַנד. — ווי וואונדערליך שיין עס איז דאָ. — אַלע זיינען באַ־גייסטערט, דאָ איז די גרענעץ מיט לבנון. אַלע שטייגן אוים, מען קוקט זיך אַרום. מען מעסט די גרויסקייט פון דער נאַטור. צפת — דער ווינקל פון נחמה׳ס חלומות. אין דעם ווינקל פון גליל האָט זי באַשלאָסן

בויען דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ פון אירע חלומות. אַהער וועט קומען איר באַשערטער וואוינען מיט איר. זי נעמט די עלטערן אונטער די הענט — זי פירט זיי פּאַראויס, אַלע גייען זיי נאָך. זי קומט מיט זיי צו צו דער אַלטער שטאָט מיט די שמאָלע געסלעך און בלוי געפּאַרבטע הייזקעס, די וועראַנדעס הענגען נידעריק. זיי גייען איבער די ליידיקע געסלעך — אַנטקעגן קומט אָן אַ גרופּע טוריסטן. איין ווײַלע און מען דערקענט זיך — דאָס זײַנען דאָך די בני עקיבא, וועלכע זײַנען געפאָרן מיט זיי צוזאַמען קיין ישראל. דאָס האָבן זיי דאָך זיי אַריינגעצויגן אינם ריטמישן טאַנץ פון דער הוירא. מען איז צופרידן זאָגן איינער דעם אַנדערן שלום! ווי לאַנג בלייבט מען נאָך אין לאַנד? זײַנען אַלע פון אייערע — משפּחה און פריינט געזונט און אומבאַשעדיקט נאָכן קריג? טאָ וואו איז די שמחה? יעדער האָט אַ נס צו דערציילן. אַ מעשה פון אַ לעגענדאַרן פריינט, וואָס איז געוואָרן אַזאַ העלד. די גרויסקייט פון די יונגע מענטשן, וועלכע האָבן בייגעוואוינט די 6־טאָגיקע מלחמה ניט ווי צושויער, ניין, זיי אַלע האָבן זיך באַמיט זיין נוצלעך צום לאַנד. אפילו פאַרלוירן אַ פּאָר פון די נאָענטע פריינט — מען איז טאַקע שטאָלץ, אָבער מען קען ניט לאַכן און זינגען ווי פריער — דער צער נאָכן פאַרלוירענעם דערלאָזט עס ניט.

די פאַמיליע ערלעך און די פריינד גייען ווייטער — די הייזקעס זײַנען פאַרלאָזט, האַלב־אײַנגעפאַלענע. זיי קומען צום טאָל, וואו אונטן אין טאָל איז דער בית עלמין. נחמה מיט גיטלען שלאָגן איבער איינע דער אַנדערער, ביי זייער עקסקורסיע צום ערשטן מאָל האָט מען זיי דערציילט, אַז דער בית עלמין איז אַ היסטאָרישער — דאָ ליגט דער אר״י הקדוש — דער מחבר פון שלחן ערוך ר׳ יוסף קארו און נאָך גרויסע צדיקים. פון יענער זייט בית עלמין הויבט זיך דער מירון־באַרג מיטן קבר פון רבי שמעון בן יוחאי.

זיי זײַנען געשטאַנען פאַרטראַכטע, פאַרחלומטע — אַלע קברים בלוי געקאַלכט. אפילו די נעפלען וועלכע האָבן טיף אַרומגערינגלט די באַרג אַרום זיי — אויך זיי זײַנען בלוי, אָבער מען קען זען אַרום זיך ווייט... ווייט...

די פֿאַמיליע ערלעך מיט זייערע פֿרײַנט גייען לאַנגזאַם פֿון געסל צו געסל. נחמה פֿרעגט: פֿאַרוואָס קומען ניט קיין עולים זיך באַזעצן אין דער אַלטער שטאָט — צפֿת? מען דאַרף באַנײַען די אַלטע היסטאָרישע שטאָט, אויפֿבויען נײַע קוואַרטאַלן, אַרײַנברענגען לעבן און פֿרייד — פֿאַרצעזן לערנען ווי אין דער צײַט פֿון די גרויסע גאונים און צדיקים, וועלכע רוען אויף דעם בית עלמין. גאָר אַנדערש זעט אויס די נײַע שטאָט, דאָ וואוינען אַ סך עולים — זיי באַשעפֿטיקן זיך מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן, ווי אין אַלע שטעט פֿון הייליקן לאַנד. גאַנץ צפֿת איז אַרומגערינגלט מיט סאַמעט־ווייכע בערג, פֿון וואַנען עס בלאָזן די ווינטלעך פֿון גליל. נחמה וויל אַרויפֿקלעטערן אויף אַ באַרג — דאָ וועט זי ווײַטער קענען זען. און פּלוצלונג — אוי גוואַלד! אַלע זײַנען פֿאַרציטערט — זי טרעט אַרויף אויף אַ ניט־אויפֿגעריסענע מינע — עס פֿליען שטיקער, רויך... געוויין און געשריי — ניטאָ מער נחמה. נחמה איז טויט.

עס קומען וועכטער פֿון גרענעץ, עס קומען מענטשן פֿון עקס־קווירשנס, עס קומען מענטשן פֿון אומעטום. וואָס טוט זיך מיט דער פֿריידליכער פֿאַמיליע ערליך? ווער שלעפּט זיי? ווער פֿירט זיי? ווער חלש׳ט? אַלעם איז אַ מישמאַש. אָט האַלט מען דעם אָרון ביים אָפֿענעם קבר. הערשל זעט זײַן פֿרוי האַלט מען אונטער די הענט — ער הערט ווי זי שרײַט מיט אַ פֿרעמדן קול — לאָזט מיך, מײַן קינד! נחמהלע שטאַרב ניט — איך קען אָן דיר ניט לעבן — עס איז אַ טעות — זי לעבט! נחמה! טרייסט מײַנע, לעבן מײַנס! רפֿאל! וואָס שווײַגסטו? זי איז דאָך דײַן כלה! די מוטער חלש׳ט — מען שלעפּט זי אַוועק...

ווער זאָגט דאָס? זײַן מאַמע אין וואַרשעווער געטאָ? ער קוועטשט זײַן שטערן, פֿאַרמאַכט די אויגן און פֿרעגט זיך אַליין: — איז דאָס פֿריידעלע דאָס שוועסטערל פֿאַרוויקלט אין שמאַטעס באַג־ראָבן, און זײַן שטאָלצער טאַטע זאָגט קדיש נאָך זײַן דריטן קינד? פֿריער צוויי זין און יעצט פֿריידעלע? עס ווײַזט זיך אים אויס, אַז זײַן מאַמע האַלט אים שטאַרק פֿאַר די האַנט — זי וויל אים ניט פֿאַרלירן — זי וויינט ניט. הערשל עפֿענט ברייט די אויגן: וואו איז

ער? זיינע זין האַלטן אים שטאַרק ער זאָל ניט פאַלן, ער זעט די צעריסענע קליידער אויף זיך און זיין משפחה — געריסן קריעה. עס איז פינסטער אין דרויסן? אָדער אין זיינע אויגן? די לבנה באַשיינט דאָס בערגל פון קבר.

ער וויל וויינען און שרייען — ג־טניו — דיין שטראָף איז אַזוי גרוים— איך האָב פאַר דיר געבראַכט דאָס בעסטע און שענסטע פאַר אַ קרבן. ווער בין איך וואָס דו זעסט מיך אַזוי צו? אימעצער זאָגט — הערשל! זאָג קדיש!

נאָך וועמען? ווער זיינען די מענטשן, עס איז ניט אמת! ניט זיין נחמה — זי איז זיין נחת, זיין קרוין, זיין חלום — צוויי גרויסע טרערן רינען פון זיינע האַלב פאַרמאַכטע אויגן. אַ סך מענטשן אַרום אים — פרום און ניט פרום, יונג און אַלט — ער זעט ניט קיינעם, ער דערקענט ניט זיין קול — יתגדל... ויתקדש...

מען מאַכט זיי גיין אין רייען — די פאַרשעמטע, מען פירט זיי אַהיים, נישטאָ מער קיין פרייד, אַלעס איז צעבראָכן, אַלעס צעשטערט. עס זיינען דאָך געפאַלן, נעבעך הונדערטער קרבנות, אָבער דאָ האָט דער מלאך־המות אַנגעקלאַפּט אין זייער הויז, געזונגט און פריילעך און ניטאָ.

זיי זיצן שבעה. עס קומען אַזוי פיל מענטשן זיי מנחם־אבל זיין. ווער זיינען זיי? וואָס רעדן זיי? אין שטוב איז שטיל — מען קען ניט רעדן. מען וויינט שטילערהייט. אויך רפאל און גיטל גייען ניט אַוועק. קיינער האָט זיי ניט געריסן קיין קריעה — זיי זיצן אויך מיט זיי. אויך אַ יונגע קראַנקן־שוועסטער פון הדסה־שפּיטאָל זיצט מיט זיי. אויך אירע אויגן זיינען רויט פון וויינען. זי דערציילט אַ סך פון נחמה אין דער 6־טאָגיקער מלחמה. די עלטערן רעדן אינגאַנצן ניט — זיי קרעכצן און ווישן די טרערן. מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין פון שבעה. די טעג וועלן זיך ציען לאַנג אין חדשים און יאָרן — וויפיל עס איז זיי באַשערט לעבן. אין שטוב איז כמעט פינסטער. לעבן רייזלען מיט דער משפחה זיצן גיטל, די מרס. רייכמאַן — ניט ווייט פון זיי זיצט די שיינע נוירס, מיס. ראַניי. מען האָט ערשט געענדיקט

דאַוונען — עס קלינגט נאָך אין די אויערן הערשל׳ס וויינענדיקער קול, זיין קדיש זאָגן נאָכן קינד. זיי זיצן אַלע אויף דער ערד — אַלע שטאַרק פאַרענדערט. הערשל זעט אויס אַלט און גרוי — ער איז דאָך נאָך אַ יונגער מענטש. אויך רייזעלע — די שיינע, ליבע רייזעלע — זיין שטאָלץ, זיין קרוין — זי איז אינגאַנצן קראַנק. זי זעט קיינעם. מען רעדט צו איר — זי ענטפערט ניט. הערשל קומט צו צו רייזל, ער שווייגט אַ ווײַלע, ער רעדט שטיל מיט אַ געבראָכן קול פול מיט טרערן: — „רייזעלע! נעם זיך אין די הענט. מיר האָבן דאָך געזאָגט — ברוך דיין אמת — ג־ט נעמט צו זיך די בעסטע. ער גלעט אירע האָר און וויינט שטיל, ער זאָגט, מיר האָבן ב״ה נאָך קינדער און מיר האָבן אַ חוב צו זיי. לאָמיר דאַנקען ג־ט פאַרן חסד, וואָס די קינדער זיינען נאָענט צו אונדז און גייען אין ג־טס דרכים״.

עס רוקט זיך צו די נוירם מים. ראַניי, זי נעמט רייזלען פאַר אַ האַנט און זאָגט שטיל מיט אַ געבראָכענעם קול פול מיט טרערן — מאַמע! זיי מיין מאַמע! זי שפּאַרט אָן איר קורץ־געשוירענעם קאָפּ אויף רייזלס אַקסל און וויינט שלוכצענדיק. אַלע באַוואונדערן די נאָבעלע און געטרייע קראַנקן שוועסטער. הערשלס פריינט מר. רייכמאַן שפּאַנט איבערן צימער, ער איז זייער נערוועז. ער שטעלט זיך אָפּ, עפנט דאָס מויל ווי עפּעס צו זאָגן און ווידער שפּאַנט ער אַהין און צוריק. ער הויבט אָן לאַנגזאַם מיט אַ ציטערדיקע שטים: — דו געדענקסט הערשל, אַז איך האָב דיר געשריבן, איך וועל דיר קענען העלפן געפינען דיין ברודער יעקב׳ס קינד? ער ציט אויס זיין האַנט און ווייזט — זי איז דאָס דיין ברודערס קינד. אַלעמענס אויגן זיינען געווענדעט צו דער מיידל, וועלכע איז זיי די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען. איר קאָפּ אָבער איז באַהאַלטן אין אירע דורכזיכטיקע ווייסע הענט, אָנגעשפּאַרט אין רייזלס אַקסל, איר קערפּער ציטערט פון געוויין. רייזל האָט זיך ווי אויפגעוועקט — זי וויינט שטיל און גלעט דער מיידלס קאָפּ.

רייכמאַן דערציילט: „דאָס מיידל איז געוואַקסן אין הויז פון אַ יידישן פראַנצויז מר. ראַניי, זיין זון איז געווען אַ פּאַרטיזאַן צוזאַמען מיט יעקב ערלעך, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט זיין בת־

יחידה. זי איז געשטאָרבן ביים געבוירן דאָס קינד — זשענעוויעוו. יעקב און ראַניי׳ס זון, זשאַן מאַרק, זיינען געפאַלן אין קאַמף קעגן שונא, דאָס קינד איז געבליבן וואוינען מיטן זיידן אויף אַ פּלאַנטאַציע פון וויינטרויבן. זיין פרוי, די באָבע, איז געשטאָרבן. אין גיכן האָבן די דייטשן זיך דערוואוסט אַז מר. ראַניי איז אַ ייד. פריינט האָבן אים געוואָרנט וועגן דער געפאַר, איז אים מיט זיין אייניקל געלונגען זיך ראַטעווען. זיין רייכטום איז פאַרלוירן געגעאַנגען. מר. ראַניי האָט גענומען זיין אייניקל זשענעוויעוו, וועמען ער האָט געגעבן זיין צווייטן נאָמען און האָט זיך באַזעצט אין אַ פראַנצויזישן דאָרף. מר. ראַניי האָט געאַרבעט, געגעבן דעם קינד אַהיים און דערציאונג. ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן 12 יאָר, און דער זיידע האָט דערפילט אַז זיין געזונט האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, האָט ער זיין אייניקל דערציילט פון וואָס פאַר אַ העלדישן פאָלק זי שטאַמט, און ווי אַזוי אירע העלדישע עלטערן האָבן זייער לעבן פאַרלוירן, זיי האָבן זיך באַזעצט אין ישראל, און גאָרניט געטראַכט אַז אימעצער פון דער פאַמיליע ערלעך איז לעבן געבליבן. הערשלס פריינט האָבן אים אויפגעזוכט און דערציילט וועגן אייך — טייערע און ליבע הערשל און רייזל. דער זיידע אירער לעבט, אָבער ער איז קראַנק און וואוינט אין אַ מושב־זקנים, — זי איז יונג, אָבער זייער אַ סך דורכגעמאַכט, זי איז אַ דערפאַלגרייכע נוירס, זי העלפט איר זיידן מיט געלט און אַ גוט וואָרט. זי האָט געוואָרט אויף אייער קומען זיך זען מיט אייך, זי איז עלענד. ווער עס קען זי, האָט זי ליב — אָבער קיין פאַמיליע האָט זי ניט. זשענעוויעוו האָט געקענט און ליב באַקומען נחמה׳ן. זי האָט געוואוסט אַז זי איז איר קוזינע, אָבער זי האָט ניט געוואוסט ווי איר וועט זי אויפנעמען, האָט זי זיך ניט געמאַכט דערקענען צו איר, נאָר געוואַכט איבער איר ווי אַן עלטערע „שוועסטער״. יעצט זיצט דאָס קינד פון אייער ברודער דעם העלד, זייט ביי זייט מיט אייך. זי ווינט מיט אייך אויף אייער פאַרלוסט — זי בעט אייך — זייט איר טאַטע־מאַמע״.

הערשל שפרינגט אויף, און אין אַן אויפגערעגטער שטימע, געמישט פון פרייד און צער, זאָגט ער: — „הויב אויף דיין קאָפּ, מיין קינד — לאָז מיר דיך אָנקוקן! אוודאי וועסטו זיין אונדזער טאָכטער,

לאַנגע יאָרן האָבן מיר דיך געזוכט און געטרוימט דיך צו געפינען. דו ביסט אַלעמאָל געווען אונדזער קינד, ווען מיר האָבן אַרומ־געזוכט".

רייזל ווישט אירע אויגן און טראַכט: — איז דאָס אַ מיראַזש? זי פאַרמאַכט די אויגן און שווייגט. אַלע קוקן אויף איר מיט דער־וואַרטונג — זי רעדט שטיל: — „מיט יאָרן צוריק אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען אַ ייִנגל — הערשעלע ערלעך פון אַ יאָר 16 — אַ קליינגעוואוקסיקער מיט ווייסע פלאַקסענע האָר מיט ברענענדיקע בלויע אויגן — פאַר ווען ווארעמע, גוטע, פאַר ווען אויגן פון אַ טיגער, ער האָט אויסגעזען ווי אַ שיקסעלע, מיט די ניט געשוירענע האָר. אָט אַזאַ האָט אים זיין ברודער יעקב געזען דעם לעצטן מאָל, און אַזאַ האָב איך זיין קאַמפּס־פריינדין, דערקענט און ליב באַקומען. הערשל איז אויסגעוואַקסן פּונקט ווי זיין ברודער יעקב, אַ הויכער, שטאַרקער מאַן, מיט ברייטע פּלייצעס און כוח פון אַ לייב — די דייטשן האָבן פאַר אים געציטערט, פאַר זיין דורשט נאָך נקמה, פאַר זיינע אומגעקומענע משפחה און פריינט. אָט זיצט די טאָכטער פונעם לעגענדאַרן העלד יעקב־זשעראַר ערלעך. אירע עלטערן זיינען אומ־געקומען פון די נאַציס, זאָל זי ג־ט באַשיצן. מיר האָבן זי אַרומ־געזוכט פון טאָג פון דער חתונה, מיר האָבן ניט געקענט רוען, און פלוצלונג... און אַזוי ענלעך צו נחמה'ן..."

אַלע פאַרזאַמלטע קוקן יעצט אויף זשענעוויעוו מיט ליבשאַפט און געשטריישאַפט. אַלע גיבן צו — זי זעט אויס ענלעך צו נחמה. בלאָנד־ווייסע האָר, קורץ געשוירן. נחמה האָט געטראָגן צוויי לאַנגע ווייסע צעפּ אַרומגעוויקלט ווי אַ קרוין אויפן קאָפּ. זשענעוויעוו'ס פּנים איז ליכטיק שיין מיט שטריכן פון אַ יידישער שיינהייט, די אויגן שוואַרצע, ניט בלויע־סאַמעטענע, טרויעריקע פאַרטראַכטע, ביי נחמה זיינען די אויגן געווען אַלעמאָל מיט פריילעכע פייערלעך פון אַ שטיפערקע. זשענעוויעוו זעט אויס ווי אַ מאָדעל־מיידל מיט איר מיטל וואוקס און פיגור, און כאָטש אין יאָרן איז זי עלטער פון נחמה'ן — זעט זי אָבער אויס יינגער צוליב איר שלאַנקער פיגור און קורץ־געשוירענעם קאָפּ. אַלע גיבן צו — זי קוקט אויס פרעכטיק, שיין און

גוט. גיטל גייט צו צו זשענעוויעוו — זי נעמט זי אַרום און קושט זי, ביידע וויינען. דאָס איז ווי אַ בונד פון פריינטשאַפט געשלאָסן. אויך רייזעלע קושט זי. הערשל שטייט לאַנג פאַרטראַכט, נאָכער קומט ער אויך צו, ער טוט איר אַ גלעט איבערן קאָפּ און שעפּטשעט — טאָכטער... טאָכטער... טאָכטער... מיר דאַנקען דיר ג־ט פאַר דעם חסד.

גאַרניט גרינג איז אָנגעקומען דער פאַמיליע ערלעך זיך אומ־קערן צום רעגעלע לעבן, נאָכן שאָק — דעם טויט פון באַליבטער טאָכטער, שוועסטער און פריינט. דאָס געוויין האָט זיך לאַנגזאַם איינגעשטילט. מענטשן קומען פון גאָר דער וועלט. ווי אַן ענטפער צום שונא — שיקט די וועלט געלט און אַרבעטער צו בויען דאָס לאַנד, פאַרהיילן די וואונדן. עס קומען יידן פון אלזשיר, אפריקא, פון אַראַבישע לענדער, פון אַמעריקע, קאַנאַדע, פון אומעטום — זיי קומען זיך באַזעצן אין הייליקן לאַנד — אין נגב, גליל, אין נאָר וואָס באַפרייטע פלעצער, וואָס האָבן ניט לאַנג צוריק באַלאַנגט צום שונא.

ניט לאַנג האָבן די פריינט פון הערשל און רייזל געלאָזן זיי זיצן און טרויערן. קיינער האָט ביי זיי ניט צגענומען דאָס געפיל פון טרויער נאָכן זייער שווערן פאַרלוסט. אָבער דאָס לאַנד האָט זיי געדאַרפט. פאַמעלעך ווי מען רירט אָן אַ וואונד, האָט מען זיי גע־בראַכט צו באַשעפטיקונג. הערשל האָט געבויט אַ הויז מיט זיינע זין און פריינט רפאל — אין דער שטאָט צפת, וואו נחמה האָט אירע חלומות געוועבט. דאָ האָבן זיי באַשלאָסן זיך באַזעצן און העלפן בויען דאָס לאַנד. זשענעוויעוו, וועלכע האָט געאַרבעט אין הדסה־שפּיטאָל — האָט אריינגעצויגן איר נייע מוטער — רייזעלע אין דער אַרבעט פונם שפּיטאָל, מיט אירע פעאיקייטן האָט זי פאַרבעסערט די אַרבעט פון דער אַדמיניסטראַציע. זי האָט אויך אָנגעהאַלטן איר בונד מיט די פריינט און אָרגאַניזאַציעס פון אַמעריקע. זי דאַנקט פאַר די וואַרימע טרייסט־בריוו. עס שטראָמט געלט פאַרן שפּיטאָל — דאָס ווילן די פריינט פאַראייביקן דעם נאָמען פון איר ליבלינג־טאָכטער נחמה, ע"ה.

די שיינע גיטל איז זייער פאַרנומען — זי זעצט פאַר די אַרבעט

— דאָס לערנען אין סעמינאַר. זי וויל פאַרעפנטליכן די נאָטיצן, וואָס זי און נחמה האָבן געמאַכט פאַרענדיק קיין ישראל און אויך דאָ אין לאַנד. זי זעט זיך יעצט אָפּט מיט ישראל'ן — זיי רעדן וועגן זייער צוקונפט, וועגן זייער הויז אין גליל, וועגן זייער חוב צום פאָלק ישראל. זיי פילן אַז דאָס איז זייער לאַנד און זיי איז גאָרניט צו שווער, ווייל זיי טוען דאָס פאַר זיך.

אויך וועלוול מיט פאַניַן זיינען פאַרנומען — זיי פּלאַנען זייער לעבן אין בני־ברק, וואָס איז פאַר פאַנין זייער טייער. דאָ וואוינען די עלטערן אירע. דאָ איז זי געוואַקסן צוזאַמען מיט דער שטאָט. דאָ זיינען די שולעס וואו זי האָט געלערנט און זיי האָפןביידע לערנען קינדער און העלפן ערציען אַ געזונטן און שטאָלצן דור — צו ג־ט און צו מענטש.

רפאל גייט אַרום אַ טרויעריקער, ער רעדט ניט קיין סך. ביי יעדער באַגעגעניש מיט זשענעוויעוו'ן, פרעגט ער אַלץ וואָס זי געדענקט וועגן נחמה'ן. עס זעט אויס ווי ער לעבט איבער ווידער און נאָכאַמאָל די קינדער־יאָרן אין ניו־יאָרק, וואו נחמה האָט געוואוינט ביי זיי אין שטוב. זיין שטילע באַהאַלטענע ליבע, זייער ערשטע באַגעגעניש אויפן עראָדראָם — ווי שיין און פרעכטיק זי האָט אויסגעזען אין זיינע אויגן. ביי יעדער באַגעגעניש האָבן זיי אַלע מאָל געהאַט אַ סאַך צו רעדן. רפאל טראַכט, ער וועט שוין קיינמאָל ניט חתונה האָבן, ער וועט זיך אַריינוואַרפן אין קעסל פון לעבן און בויען דאָס לאַנד. ווען מען איז יונג, טאָר מען די ענערגיע ניט פּטר'ן אומזיסט. זשענעוויעוו דערציילט אָסך פון איר לעבן — אירע קינדער יאָרן אין פראַנקרייך אָן אַ פאָטער און אָן אַ מוטער. ווען זי דערמאָנט זייערע נעמען, טראַכט זי, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווי לעגאַנדאַרע געשטאַלטן. ווי ליב זי האָט יעצט אירע נייע עלטערן און ברידער, זי פילט ווי באַרואיקט — זי האָט געפונען וואָס זי האָט געזוכט. זשענעוויעוו טרייסט רפאל'ן מיט גוטע רייד, ווי אַ קראַנקען־שוועסטער. ער איז יונג, ער מוז זיך באַרואיקן, מען קען דאָך ניט נאָכשטאַרבן. ער וועט געפינען אַ מיידל, וואָס וועט אים ווערט זיין, וועט ער חתונה האָבן און ברענגען זיין משפחה קיין ישראל. עס איז זיי געווען גוט, די יונגע מענטשן צו

שפּאַצירן צוזאַמען, זיי האָבן זיך רעספּעקטירט, און אַלעמאַל איז געבליבן עפּעס ניט דערזעט. ביידע האָבן געטרויערט נאָך דעם פאַר־לוסט — נחמה. רפאל נאָך זיין כלה, זשענעוויעוו נאָך איר שוועסטער־קוזינע. די צייט איז געגאַנגען. די צוויי יונגע מענטשן האָבן באַמערקט — זיי בענקען איינער נאָכן אַנדערן. צי דען בין איך פאַרליבט? — האָט רפאל זיך געפרעגט, איז דאָס ווייל זי דערמאָנט מיר נחמה׳ן?

ניין! זיי זיינען באַזונדערע וועלטן, און דאָך זייער ענלעך. זשענעוויעוו רעדט אַ פליסיקן העברעאיש, אָבער מיט אַ פראַנצויזישן אַקצענט, זי פילט אַז ישראל איז איר לאַנד, זי האָט אַ חוב צו באַצאָלן, עס ווילט זיך איר גיין אין די פיסטריט פון אירע לעגאַנדאַרע עלטערן — זי העלפט בויען דאָס לאַנד אויף איר אופן מיט וואָס זי קען.

אויך רפאל חלומט צו בלייבן אין ישראל. יאָ, ער איז יעצט זיכער מיט זיך ער ליבט, און ליבט נחמה׳ס שוועסטער — זשענעוויעוו, אָבער ער ווייסט ניט צי זי וועט וועלן טראַכטן פון אים — זי איז דאָך אַזוי וואונדערלעך שיין — ווי אַ מלאך, און געבילדעט. ווער איז ער? אַ ישיבה־בחור, קען און וויל לערנען תורה. ער איז אויך פול מיט ליבע צום הייליקן לאַנד. רפאל טראַכט, ער וועט אויך קענען העלפן בויען און באַשיצן זיין לאַנד, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין די טעג פון דער 6־טאָגיקער מלחמה.

אויך זשענעוויעוו, די אַלעמאַל רואיקע און פליסיקע קראַנקן־שוועסטער איז די לעצטע צייט צעטראָגן. צו וואָס זי נעמט זיך טאָן — אַלעמאַל טראַכט זי פון רפאל׳ן. זי האָט אים ליב באַקומען מיטן ברען פון איר ערשטער ליבע. זי איז אָבער זיכער — ער טראַכט ניט פון איר. זי האָט שוין אפילו געגעבן אים אָנצוהערעניש, אַז ער רפאל וועט געפינען אַ מיידל וואָס וועט אים ווערט זיין — ווי איידל, נאָבל און שיין ער איז דער אויסדערוויילטער פרינץ פון נחמה׳ס חלומות. זשענעוויעוו איז ערשט אַרויס פון שפּיטאָל און דערזען — רפאל שפּאַצירט איינער אַליין אַ פאַרטראַכטער. עס ווילט זיך איר צולויפן אים זאָגן ווי זי האָט אים ליב, אַז זי בענקט נאָך אים — אָבער זי שטייט און קען פון אָרט זיך ניט רירן. רפאל באַמערקט זי, ער קומט צו, באַגריסט איר מיטן שלום און ביידע גייען שווייגענדיק.

זשענעוויעוו! ביסטו מיד פון דער אַרבעט? וואָלסטו ווען מיטפאָרן מיט מיר צום גליל קיין צפת? איך בין נים מיד — ענטפערט זי, און איך וואָלט גערן געפאָרן מיט דיר. מיר וועלן נאָר זאָגן מיינע עלטערן, זאָלן זיי וויסן וואו איך פאָר.

דער וועג איז באַקאַנט פאַר רפאל'ן און אויך נחמה'ס חלומות. איר וואונטש איז הייליק פאַר אים. ער דערציילט דאָס זיין באַגלייטערין. אָט קומען זיי צום באַרג, נים ווייט פון טאָל, וואו אונטן זעט מען דעם הייליקן בית עלמין. רפאל און זשענעוויעוו שטייען פאַרחלומטע, פאַרטראַכטע, די הייזקעס אין די שמאָלע געסלאַך אין דער אַלטער שטאָט צפת זיינען בלוי געקאַלכט, אויך די קברים און די בערג אַרום און אַרום זיינען בלוי. מען קען זען ווייט... ווייט. עס צינדן זיך און לעשן זיך ליכטלעך אויף די שפיצן פון די בערג.

ביידע גייען צוריק צו דער נייער שטאָט פול מיט לעבן און געזאַנג. רפאל רעדט, און דאָס געזאַנג פון דער שטאָט גיט אים מוט און האָפענונג. ער דערציילט פאַר זשענעוויעוו וועגן זיין ליבע צו איר, אַזאַ ריינע און הייליקע ווי אין שיר השירים: — „איך האָב געהאַט אַ כלה, אַ וואונדערליך מיידל, וועלכע איך וועל מיין גאַנצן לעבן נים פאַרגעסן. איך האָב איר קיינמאָל נים געקושט, און דאָך פאַרגעטערט. גאָר אַנדערש איז די ליבע צו דיר, איך טראַכט אַלעמאָל פון דיר, דו ביסט מיין חלום, מיין שולמית. עס שטערט מיר צום לערנען און טאָג-טעגליכן לעבן. האָסטו מיך ליב זשענעוויעוו? נים רחמנות, מען דאַרף נים. איך וועל אַוועק און דיך קיינמאָל נים זען. אויב דו האָסט מיך ליב — לאָמיר חתונה האָבן. איך בין באַרופן לערנען ג-טס תורה. איך וויל בויען ישיבות און בית יעקב'ס, ווי נחמה האָט געוואָלט, דערפאַר האָב איך דיר געפירט קיין צפת".

זשענעוויעוו שטייט און קוקט צו אים מיט אַזוי פיל ליבע און פרייד. דער ווינט גלעט אירע צעשויבערטע האָר: — „אוי, רפאל ווי איך האָב געוואַרט אויף דער גליקלעכער מינוט. איך בין אַזוי גליקלעך, איך ליב דיך מיט מיין ברען פון ערשטער ליבע. איך האָב מורא געהאַט אַז דו זעסט אין מיר נאָר מיין שוועסטער נחמה — דיין כלה. איך גלויב דיר רפאל אַז דו האָסט מיך ליב ווייל איך ליב דיך

מער ווי מיין לעבן— לערן תורה, דאָס איז די בעסטע סחורה. איך וועל זיין דיין בענקלעך. מיר וועלן גיין אין די פיס-טריט פון אונדזערע עלטערן און זיין שטאָלצע יידן". זיי האָבן באַשלאָסן בעטן די עלטערן ערלויבעניש חתונה צו האָבן.

## עפּילאָג

אין ישראל, נאָך שלושים האָט מען געשטעלט אַ מצבה אויפן קבר פון דער ליבער און טייערער ניט פאַרגעסלעכער נחמה ערלעך.

זי, ווי אַלע קינדער פונם נייעם דור, האָט געשפּאַנט אין די פיס-טריט פון די העלדישע עלטערן, נאָר אויף זייער אופן. ווי זי האָט געזאָגט : — „אין יעדער צייט, יעדער מענטש מאַכט היסטאָריע, און העלדן ווערן געבוירן ניט נאָר אין מלחמה, נאָר אויך ביים בויען און לערנען". אַ ליכטיקער שטערן געווען — ערע איר אָנדענק.

הערשל און רייזל ערלעך זיינען ניט לאַנג געקומען פון ישראל. — זיי זיינען געפאָרן אהיים קיין מאונט-קיסקא אין אַמעריקע. טרויעריק איז געווען די באַגעגעניש פון זייערע פריינט און קליינע קינדער. זיי האָבן אויפגעגעבן זייער היים. צעטיילט פאַר פריינט און אָרימע זייער גוטס פון הויז, געשענקט דעם יונגן דור אַ בוך מיט באַשרייבונגען פון דער רייזע קיין ישראל און אין לאַנד — דאָס זיינען נאָטיצן פון זייער פאַרשטאָרבענער טאָכטער, נחמה, ע"ה. הערשל האָט באַצאָלט אין דער ישיבה מען זאָל אויסקריצן נחמה'ס נאָמען, לערנען משניות און אָפּהיטן קדיש. ער ווישט אַ טרער — דאָס זיינען ג-טס דרכים. אַלע פרייען זיך מיט זיי, וואָס זיי האָבן געפונען דאָס פאַרלוירענע קינד פון יעקב זייער ברודער.

זיי זעגענען זיך האַרציק און זאָגן צו, זיך דורכשרייבן און קומען איינער צום אַנדערן. די עלטערן דערציילן די קינדער וועגן דעם פאַרלוסט פון זייער שוועסטער. מען וויינט צוזאַמען און מען טוט אַ נדר זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אויך דערציילן די עלטערן וועגן זשענעוויעוו — די וואונדערליכע קוזינע-שוועסטער, ווי זי בענקט און וויל זיי זען.

# דאס חנוכה לעמפּל

## קאַפּיטל איינס

צוויי חברים זיינען זיי געווען: אברהם שאפּירא און נחמן רעזניק.ביידע יידישע בחורים פון פּוילן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, על פּי־נס, אין סאָוועט רוסלאַנד ווען די נאַציס זיינען באַפאַלן זייער שטעטל אין פּוילן. שפּעטער ווען די מלחמה איז אויך אויסגעבראָכן צווישן רוסלאַנד און נאַצי־דייטשלאַנד, זיינען אברהם און נחמן מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי, און שפּעטער האָט מען זיי גאָר פאַרשיקט ווי פּאָליטישע געפאַנגענע אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין קויבישעוו ביי דער וואָלגאַ.

די צוויי פריינד האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען. צווישן די פאַרשיקטע האָבן זיך געפונען רוסישע און פּוילישע יידן, וואָס האָבן זיך געהאָלפן איינער דעם אַנדערן, און געהאָפט אַז ג־ט וועט זיי ניט פאַרלאָזן.

אין קויבישעוו האָבן די צוויי חברים, אברהם און נחמן, זיך באַקענט מיט אַ יונגערמאַן מרדכי ליבערמאַן. מרדכי איז אַמאָל, פאַרן צווייטן וועלט־קריג, געווען אַ מיטגליד אין אַ געהיימע ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און ווען די סאָוועטישע פּאָליציי האָט געפונען ביי אים פאַרבאָטענע ציוניסטישע ליטעראַטור, ווערט ער אַרעסטירט און פאַרשיקט אויף געצוואונגענער קאַטאָרשנע אַרבעט. מרדכי'ס פאָטער, סענדער ליבערמאַן, האָט געוואוינט מיט זיין משפּחה; דריי זין און צוויי טעכטער, אין אַ קליין שטעטעלע, פּיקאָוו, ניט ווייט פון דער שטאָט ווייניצע, אין אוקרייאינע.

אין לאַגער, אין קויבישעוו, האָט מען שטענדיק געזען די דריי — אברהם, נחמן און דעם צוגעקומענעם חבר, מרדכי. די דריי יידישע

יונגעלייט האָבן זיך געפילט פרעמד צווישן די איבעריקע, ניט־יידישע לאַגערניקעס. יעדער פון די דריי יידישע בחורים האָבן געבענקט אַהיים, ווער קיין פוילן, ווער אין שטעטעלע פיקאָוו, און געחלומט אַמאָל ווערן פרייע מענטשן. מרדכי איז געווען פול מיט ליבע און געטריישאַפט צו יעדן איינעם אין לאַגער, בפרט צו די יידישע צוויי חברים אברהם און נחמן.

מרדכי האָט אין זיין יונגן לעבן זייער פיל דורכגעמאַכט. אין יעדע פרייע מינוט, בייטאָג אָדער אויפדערנאַכט, פירט ער מיט זיינע חברים לאַנגע שמועסן, דערציילט זיי פון זיין לעבן, און די צוויי — אברהם און נחמן הערן זיך איין מיט גרויס אינטערעס, און פילן מיט אין אַלץ וואָס ער דערציילט און וואָס ער האָט דורכגעלעבט אין זיין יונגן לעבן. מרדכי'ס רייד פילן אָן מיט מוט ניט צו פאַרלירן די האָ־פענונג אין גיכן אויסגעלייזט צו ווערן פונעם לאַגער.

מרדכי חלומט פון ארץ־ישראל, ער רעדט מיט פיל באַגייסטערונג וועגן הייליקן לאַנד, ווי ער וואָלט דאָרט שוין געווען. מרדכי דערציילט:

„איך בין אויסגעוואַקסן אין אַ קליין שטעטל, פיקאָוו, אין אַ רעליגיעזער משפחה. מיין פאָטער איז געווען אַ שוחט און אַ מלמד. געווען צוויי ברידער יינגערע פון מיר און אויך צוויי יינגערע שוועס־טער. דאָס שטעטל פיקאָוו איז געווען רייך אין נאַטור־לאַנדשאַפטן אַרום, געווען אַ נישקשה־דיקער יידישער ישוב מיט אַ גרויסער צאָל יידן. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט איין גרויסע שוהל צום דאַווענען. און אויך אַ פאָלקס־שולע. צוויי מאָל אין וואָך איז פאָרגעקומען אַ יאַריד. געווען אַן אַלטער טייל אין שטעטל און אַ נייער טייל. ביידע טיילן האָט פאַראייניקט אַ בריק, וואָס איז געהאַנגען אין מיטן פון אַ טייך. אויף איין זייט בריק האָט זיך געפונען אַ באַסיין פול מיט פיש וואָס פלעגן ניט מיד ווערן אַרומצושווימען הין און צוריק. די זון און די לבנה פלעגט שיינען איבערן שטעטל פיקאָוו און מיט זייערע שטראַלן באַלויכטן די מענטשן און די פיר־פיסיקע גאַ־טס באַשעפע־נישן. אויף יענער זייט בריק, אין דעם אַלטן טייל פון שטעטל, פלעגן די יידן און די גויים זומערצייט זיך באָדן אין טייך. אויך סאָלדאַטן

וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין שטעטל פלעגן קומען צום טייך זיך אָפּקילן אין דעם קאַלטן וואַסער.

די פּויערים אין דעם נייעם טייל שטעטל פלעגן זייער פרי אויפשטיין און זיך לאָזן צו די פעלדער און סעדער און דערביי זיך לאָזן הערן מיט זייער פריילעכן געזאַנג אויפן וועג. סוף זומער ווען די תבואה און די פרוכטן זיינען געוואָרן צייטיק איז ביי די פּויערים געווען די פריילעכסטע צייט. נאָכן אַראָפּנעמען די תבואה, דעם קאָרן און דעם ווייץ, די פרוכטן פון די סעדער האָבן זיך אָנגעהויבן די חתונה׳ס צווישן דעם פּויערים־פאָלק. צו די חתונה׳ס פלעגן קומען די פּויערים פון די אַרומיגע שטעטלעך און דערפער, מען האָט געגעסן אַ סך און נאָך מער געטרונקען. דאָס געזאַנג און די טענץ האָבן געדויערט וואָכן לאַנג.

איינמאָל זיינען אין שטעטל אָנגעקומען ציגיינער. אפשר 10—12 לאַנגע בוידן. זיי זיינען פאַרפאָרן צו די פעלדער, אַרויס פון שטעטל, און זיך באַזעצט ווי באַ זיך אין דערהיים. דאָס גאַנצע שטעטל פּיקאָוו איז געגאַנגען אָנקוקן די ציגיינער, ווי אויפן בייז וואונדער. די ציגיינער האָבן אויפגעשטעלט געצעלטן פון קאָלירטע ליילעכער, צעלייגט פייערן, געקאָכט און געפּרעגלט, געוואַשן און גערעדט אויף אַ מאָדנעם לשון וואָס מיר אין שטעטל האָבן ניט פאַרשטאַנען. דאָ און דאָרט האָט אַ גיטאַר אָדער אַ פידל געשפּילט. די פרויען האָבן געוואַשן זייערע לאַנגע האָר ביז די אַקסלען און זיך געקעמט איינע דער אַנדערער די צעפּ. ביינאַכט, ווען מען פלעגט זיך אויסשטעלן אַרום די ציגיינער און קוקן אויף זיי, האָט מען געקענט פאַר געלט הערן זינגען, אָדער זען זיי טאַנצן. יידן און גויים אין שטעטל האָבן זיך באַקלאָגט אַז מען האָט זיי באַגנב׳עט: ביי וועמען וועש, ביי וועמען עסן, אָדער גאָר אַ פאָר הינער. קיינער האָט די ציגיינער ניט געכאַפּט באַ דער האַנט האָט מען זיי ניט געקענט אַרעסטירן און באַשטראָפן. איינע, אַ ציגיינערין, איז געווען אַ טרעפערין און געלייענט דעם מזל פון מענטשן אויף דער האַנט. יידן און גויים אין שטעטל, האָבן זיך שטילער־הייט, קיינער זאָל ניט זען, אַריין צו דער ציגיינערין זי זאָל זיי פאָרויסזאָגן וואָס עס דערוואַרט זיי אין לעבן. מיינע צוויי שוועס־

טערלעך, מלכה און לאה׳קע, האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן גענומען זייער אָפּגעשפּאָרט חנוכה-געלט און זיינען געלאָפן צו דער ציגיינערין פרעגן וואָס זיי דערוואַרט. איך האָב געלאַכט פון זיי. די ציגיינערין האָט זיי צוגעזאָגט אַז צוויי פּרינצן וועלן קומען און זיי צונעמען אין ווייטע... ווייטע לענדער״.

מרדכי האָט צוגעזאָגט זיינע פריינט, אברהמ׳ען און נחמנ׳ען אַז אי״ה ווען מיר וועלן ווערן פריי פון דער צוואַנגס-אַרבעט וועל איך אייך באַקענען מיט מיינע שוועסטער. ווער ווייסט ג-טס דרכים. די ציגיינערין האָט מיינע שוועסטערלעך ניט געזאָגט ווי אַזוי די פּרינצן וועלן אויסזען. מרדכי רעדט פון דער ציגיינערין און אירע פּאָרוים טרעפעניש, גיט אַ זיפץ, און הויבט אָן ווייטער צו דערציילן פון זיין לעבן.

„מיין טאַטנס שחיטה און מלמדות האָבן געבראַכט ווייניק פּרנסה, האָבן מיר, די קינדער, צוגעאַרבעט בײַ פאַרשידענע אַרבעטן. ווער בײַ וועבעריי, ווער אין אַ בעקעריי. איך פלעג אַ סך מאָל פאָרן אין דער שכנותדיקער שטאָט וויניצע, אָדער גאָר אין דער גרויסער שטאָט קיעוו, ברענגען באוול אָדער אַנדערע סחורות פאַר די וועבער אין די פאַבריקן״.

מרדכי טוט אַ שמייכל און זיינע פריינט דערזעען אַ ליכטיק פלעמל אין זיינע אויגן. ער פילט אין זיך אַזאַ ענערגיע, ער איז אַן אמתער רעוואָלוציאָנער. אוי, ווען ער קען זיין כוח אויסנוצן פאַר זיין אידייע, פאַר זיינע פריינט;

„ווען איך פלעג קומען קיין קיעוו — דערציילט ווייטער מרדכי — פלעג איך באַגעגענען מיינע פריינט, קריגען ליטעראַטור, דערוואַרעמען זיך מיט אַ גרוס פון הייליקן לאַנד, פון משפּחות. איך האָב אַזוי ליב קיעוו מיט די בערגיגע גאַסן, דעם גרויסן שטראָמענדיקן טייך דניפּער. איך פלעג אויסמאַרקירען צו בלייבן אין קיעוו איבער שבת, אָדער יום-טוב. דאָס זיינען געווען זעלטענע טעג אין מיין לעבן. יעדער שפּאַציר איבער די פּאַרקן, וואו דו קענסט רעדן פריי — קיינער הערט זיך ניט אונטער — גייסט מיט אַ גרופּע פריינט און קיינעם פאַלט

ניט איין אַז מיר רעדן פאַרבאָטענע רייד, רייד פון ריינע פאַנטאַסטישע געדאַנקען און חלומות פון אַ פרייער וועלט אין אַן אייגן לאַנד".

איין מאָל האָט מרדכי זיי דערציילט וועגן ל"ג בעומר: יענעם יאָר איז דער טאָג פון ל"ג בעומר זיך צוזאַמענגעפאַלן מיט די טעג פון ערשטן מאַי. דאָס איז אַ יום־טוב פון פרילינג און פרייהייט פאַר אַרבעטער. מיט מיינע פריינט, בחורים און מיידלעך, זיינען מיר אַוועק־געפאָרן מיט אַ באָס צו אַ גרויסן פאַרק לענגאויס דעם דניעפּער. ווען מען איז אַריין אין וואַלד, האָט מען גענומען אַ ליילעך צוגעבונדען די פיר עקן צו פיר בוימער, יעדער האָט אַהין אַריינגעוואָרפן דעם עסן וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר גע־זונגען און דערציילט זיך מעשיות אָדער אנעקדאָטן. מען האָט געלאַכט פון אנעקדאָטן, מען האָט געלאַכט פון חכמות און פון נאַרישקייטן ווייל מען איז געווען יונג, צווישן פריינט, און עס האָט געשפּראָצט פון אונדז מיט האָפענונג און דערוואַרטונג. איבערן גאַנצן וואַלד האָט מען געהערט געזאַנג. ס'זיינען געזעסן מענטשן אין גרופּקעלעך און יעדער אויף זייער אויפן פאַרבראַכט דעם יום־טוב מאַי. בּאַ אונדז האָט עס געהייסן ל"ג בעומר. אַ שבועה האָט יעדער געפילט ווי אָפּצוגעבן אַבי צו דערגרייכן און אָנקומען אין הייליקן לאַנד.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן, מיר האָבן גענומען שיפלעך מיט רודערס, זיך אויסגעזעצט גרופּענווייז און געשיפלט זיך אויפן דניעפּער צו דער שטאָט, די זון האָט אונדז באַגריסט מיט גאָלדענע פאַרגייענדע שטראַלן. ווען מיר זיינען אַוועק ווייט... ווייט... פון ברעג, האָבן מיר אָנגעהויבן זינגען לידער. עס איז אויך געווען איינער וואָס האָט געשפּילט אויפן פידל און אַ צווייטער אויף אַ גיטאַר. שטיל, פאַרחלומט הערט זיך אַ געזאַנג:

„די לבנה די שיינע"...

פון אַן אַנדער שיפל הערט זיך אָט דאָס דאָזיקע ליד:

פינצטער אין דרויסן, מען זעט ניט קיין שום שטערן
אַ פּחד אין גאַס אַרויסצוגיין,
שוואַרצע וואָלקענס זיי גיסן מיט דריבנע טרערן,

עס וואונדערט זיך מיר צו מיט אַ געוויין.
יעקב! יעקב! עס חלומט זיך דיר...
דו ליגסט און שלאָפסט אויף דיין האַרטן שטיין.
שטיי אויף דו יתום, דו האָסט שוין ניט קיין מאַמע,
דיין מאַמע טראָגט מען שוין אויף אייביק אַוועק.

מיט אַמאָל גיסן זיך צונויף אַלע זינגענדיקע קולות פון אַלע פריינט אין איין געזאַנג:

כל עוד בלבב פנימה
נפש יהודי הומיה

שווימענדיג צום ברעג, פאַרציט מען רוסישע פּאַטריאָטישע לידער, אַז עס זאָל ניט אַרויסרופן קיין חשד בּאַ די מענטשן פון אַרום. מען גייט פּאַרלעכווייז ביז מען קומט צו דער צענטראַלער גאַס קרעסטשאַטיק. די גאַס איז באַלויכטן מיט ליכט פון גרויסע פּראַזשעקטאָרס. מוזיק אויף אַלע באַלקאָנען, איבער דער גאַס טאַנצן אַלט און יונג אָן אונטערשייד ייד צי גוי. יעדער פילט ווי ער ווערט דורכזיכטיק פון דער ליכט. שטילע, פאַרשעמטע, קערן מיר זיך אום צום וואָכעדיקן טאָג־טעגלעכן לעבן. מיר האָבן זיך אויפגעוועקט ווי פון אַ גוטן חלום. קיינער פון אונדזערע פריינט האָט ניט געוואוסט אַז די רוסישע פּאָליציי (נ. ק. וו. ד.) האָט שוין לאַנג געהאַט אַן אויג אויף אונדז, אַזוי אַז ווען איך בין געקומען צום באַן מיט די ציוניסטישע בראָשורן און העברייאישע ביכער, האָט מען מיך אַרעסטירט, צוגענומען די ליטעראַטור און שטילערהייט געמאַכט אַ משפט און פאַרשיקט מיך אַהער. איך האָב געהערט אַז כמעט אַלע מיינע פריינט זיינען אַריינגעפאַלן צו דער נ. ק. וו. ד. מיר ווייסן גאָרניט איינער פון אַנדערן. איך בין שוין דאָ אַ שיין ביסל יאָרן אויסגעמוטשעט פון דער קאַטאָרזשנער אַרבעט, פאַרשמאַכט און פאַרבענקט. פון מיינע עלטערן קריג איך נאָר אַ געריס דורך אַ נייעם פאַרשיקטן, אַן אומגליקליכן ווי איך בין.

נאָכדעם ווי מען האָט מיך אַרעסטירט און פאַרשיקט, האָט די פּאָליציי (נ. ק. וו. ד.) גענומען פייניקן מיין ליבע משפחה. די

עלטערן זיינען פאַרשוואונדן. דאָס קליינע ליבע שטעטעלע פּיקאָוו, וואו איך האָב דורכגעמאַכט מיין פאַרחלומטע יוגנט — איז פאַרגעסן געוואָרן".

## קאַפּיטל צוויי

עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט מלחמה. די גוט הארציקע קריסטליכע פריינט זיינען איבערנאַכט געוואָרן שונאים. יידן האָט מען ניט געוואָלט פאַרקויפן קיין שטיקל ברויט. וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן האָט זיך געראַטעוועט פון דער דייטשער אינוואַזיע. ווער עס איז געפאָרן מיט עשאַלאָנען־טראַנספּאָרטן טיף אין לאַנד קיין אוז־בעקיסטאַן, ווער קיין סיביר אָדער אוראַל. מרדכי׳ס פאָטער סענדער איז געלונגען מיט זיין משפּחה אַנצוקומען אין קויבישעוו, ווייל זיין ליבער, העלדישער און פריילעכער זון מרדכי איז דאָרט געווען פאַרשיקט. סענדערס פאַמיליע איז קלענער געוואָרן. די אינגערע צוויי זין האָבן דאַן געדינט אין דער סאָוועטישער אַרמיי, און זיך געפונען אויפן פראָנט, אין דער מלחמה מיטן דייטש. זיינען איצט געבליבן מיט די עלטערן די צוויי טעכטער מלכה און לאה׳קע. ר׳ סענדער האָט אויפ־געזוכט זיין זון מרדכי און מיט גרויס מי, געלט און באַקאַנטשאַפט האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסראַטעווען אים פון די אייזערנע הענט און ברייינגען אים אַהיים, אין שטוב. ווי אַנדערש מרדכי זעט איצט אוים! ער איז הויך און אויסגעדאַרט, צונויפגעבויגן און אָטעמט שווער, ער ליידט פון אסטמא, אָבער איין זאַך איז אים געבליבן: דאָס פייערל אין די אויגן. דער טאַטע איז קראַנק און צובראָכן, עס איז אים אפילו שווער צו לערנען אַ גאַנצן טאָג. די מאַמע שווייגט — זי טראָגט דעם אומעט אין זיך. זי קאָכט און באַקט און זעט צו אין הויז. די מיידלעך אַרבעטן אין אַ קינדערהיים. זיי געפינען צייט צוצוברענגען צו די אַרעס־טאַנטן, מרדכי׳ס באַקאַנטע, עפּעס עסן, בגדים. אַמאָל גיט זיך איין דער משפּחה ליבערמאַן דורך געלט און באַקאַנטשאַפט ברענגען מרדכי׳ס פריינט, די אַרעסטאַנטן, צו זיך אַהיים אויף שבת. אַזוי האָבן די צוויי פריינט, אברהם און נחמן אָנגעהויבן באַזוכן זייער חבר מרדכי׳ס הויז. אברהם און נחמן האָבן געאַרבעט זייער שווער. זיי האָבן אָבער געפונען אַן אינטערעס אין לעבן. די צוויי מיידלעך ליבערמאַן האָבן

זיי פיין צוגעזען מיט עסן, בגדים און אַ וואַרעם וואָרט. ניט איינמאָל האָט מען די פאַרשיקטע געוואָלט באַשטראָפן, עס איז אָבער אַלעמאָל געווען אַ פריינט זיך אָנצונעמען פאַר זיי.

און אָט האָט די מלחמה זיך געענדיקט. די יידן־פּליטים האָבן געקראָגן אַ מעגליכקייט זיך אומקערן אַהיים קיין פּוילן. קיינער האָט ניט געוואָלט פאַרלירן די האָפענונג צו געפינען זיין פאַרלוירענע משפּחה, און ווידער זיין צוזאַמען. פאַר קיינעם איז קיין סוד ניט געווען, אַז ביידע מיידלעך זיינען פאַרליבט אין מרדכי'ס פריינט, אברהם מיט נחמן האָבן ליב די צוויי שוועסטער. צווישן די יונגע מענטשן איז ווי אָפּגערעדט אַז זיי קענען ניט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן. די פאַמיליע ליבערמאַן האָט ניט אויפגעהערט זיך באַראַטן. די שוועסטער האָבן ניט געקענט באַשליסן לאָזן די ליבע טאַטע־מאַמע מיט איין און איינציגן קראַנקן ברודער און אַוועקפאָרן קיין פּוילן. ווי איבעראַשט זיינען אַלע געוואָרן ווען מרדכי דער שוואַכער איז פּלוצלונג שטאַרק געוואָרן מיט זיינע איבערצייגענדע רייד, מיט אַ פייערל אין די אויגן, האָט ער געבעטן זיינע שוועסטער און די צוקונפטיקע שוואָגערס, אַז זיי זאָלן אַוועק אין דער פרייער וועלט, וואו מען קען דינען ג־ט מיט האַרץ און נשמה. אויב מיר, די עלטערן און איך, וועלן בלייבן לעבן, וועלן מיר זיך נאָך אפשר אַמאָל זען. די עלטערן ליבערמאַן האָבן געבעטן באַ די צוקונפטיקע איידעמס היטן די טעכטער זייערע און זיך האַלטן צוזאַמען. דאָס געזעגענען זיך איז געווען זייער טרויעריק. די איינציגע טרייסט איז די האָפענונג זיך נאָך אַ מאָל צוזעען און דאָס וואָס די יונגע פאָרלעך וועלן זיך האַלטן צוזאַמען.

ווי אַנדערש האָבן יעצט די שוועסטער געפילט צום רוסישן פאָלק, פאַרענדיג מיט זייערע מענער קיין פּוילן! מען האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף פרעמדע. באַ יעדער געלעגנהייט האָט מען זיי אויפ־געוואָרפן אַז זיי זיינען יידן! זיינען זיי געבליבן לעבן? מען האָט זיי וויניג אויסגעהאַרגעט... און כאָטש זיי האָבן געהאַט רעקאָמענדאַציע בריוו מיט לויב פאַר זייער געטרייער אַרבעט, און אפילו פּרעמירירט (געפּרייזט) געוואָרן, אָבער קיין וואוינונג האָט מען זיי אין קיין שטאָט פון רוסלאַנד ניט געוואָלט געבן. אין לעמבערג איז די שטאָט געווען

פינצטער, פול מיט מיליטער. עס זיינען פאָרגעקומען איבערפאַלן פון כוליגאַנעס און עס האָט ניט געפעלט קיין בלוט־פאַרגיסונגען. דאָס וואַרטן אויפן עשאַלאָן, אַ באַן וואָס זאָל די פּוילישע יידן אַרויספירן פון רוסלאַנד, איז געווען אַן אָפּקומעניש. אברהם מיט לאה׳קן און נחמן מיט מלכה׳ן, זיינען זייער צוגעבונדן איינער צום צווייטן. זיי זיינען געפאָרן ניט וויסנדיק וואו אַהין און צו וועמען. די גערוכן פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע האָבן געעפנט ברייט די אויגן אויפן גרויסן יידישן חורבן אין פּוילן. נישטאָ מער קיין משפחות און פריינט. מיטן שטראָם פון די פּוילישע יידן האָט דאָס זיי געפירט פון לאַנד צו לאַנד. די יונגע ווייבלעך האָבן געבענקט נאָך זייער משפחה. מען האָט ווי געפילט אַז מען וועט זיך שוין קיינמאָל ניט זען. אין יעדן לאַנד ווי פּוילן, טשעכן, פראַנקרייך, האָבן זיי געזען די זעלבע מענטשן און לאַנדשאַפטן. פרעמד זיינען זיי געווען די אַלע מענטשן. אַן אינטערעס אַן פּלענער וועגן דער צוקונפט.

### קאַפּיטל דריי

די פאַמיליע שאַפּירא און די פאַמיליע רעזניק, האָבן ענדלעך דאָך דערגרייכט די ברעגן פון דער גאָלדענער אַמעריקע מיט דער פרייהייט סטאַטוס. דער האיאַס האָט זיי פריינדלעך באַגעגנט. צוזאַמען מיט נאָך פליכטלינגען האָט מען זיי באַזעצט אין אַ האָטעל ביז זיי וועלן אַ וואוינונג און באַשעפטיקונג געפינען. די צוויי פאַמיליעס שאַפּירא און רעזניק, האָבן שפּעטער געוואוינט אין בראָנזוויל. מען איז באַפריינדעט געוואָרן מיט נאָך אַזוינע פליטים, וועמען דער גורל האָט געבראַכט נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה קיין אַמעריקע. אָנהויבענדיג מיט דער הילף פון האיאַס, און שפּעטער ווען יעדער האָט געפונען פאַר זיך אַ היים, און ווי קליין, ניט באַקוועם די היים איז געווען, איז מען דאָך געווען צופרידן. בראָנזוויל האָט פאַרמאָגט אַ סך יידן כן ירבו, שוהלן, אַ ישיבה, אַ בית־ יעקב. די גאַסן אַלעמאָל אויפגעלעבטע. מען האָט זיך באַגעגנט מיט פריינט און געוואָלט הערן איינער פון אַנדערן, ווי נאָענטע מענטשן. אַלע מאָל קומט פאָר אַן אַנדער יום־טוב: דאָ אַ געבורטס־טאָג שמחה, דאָ קויפט מען בילעטן אין יידישן טעאַטער, וואו מרים קרעסין און סימאר רעכטצייט מיט

נאָך ארטיסטן אמוזירן דעם יידישן עולם. מען איז געגאַנגען גרופּענ־ווייז, אַפּלאָדירט און געדריקט די הענט פון די שוישפּילער. אזוי אויך די יידישע „מואווים" (קינאָ) וואו מען האָט געקענט זען מאַרים שווארצן און נאָך ארטיסטן בא די פאַרשטעלונגען פון „גרינע פעלדער", „דער דיבוק" און אַנדערע פּיעסן, וואָס האָבן אונדז אוועקגעטראָגן צוזאַמען מיט די שפּילער צו יענע גוטע צייטן פון פאַרן קריג. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך פאַרנומען מיט פרנסה. אזוי אברהם האָט אָנגעהויבן אַרבעטן בא „סווערדערס", אין שוהל וואו ער האָט געדאַווענט האָט ער זיך צערעדט מיט אַ לאַנדסמאַן אַ חסידישן ייד, וועלכער איז אין אַמעריקע אַ סך יאָרן און האָט זיין פאַבריק, וואו אַרבעטער פאַרדינען ניט שלעכט. נחמן האָט ניט געוואָלט ווערן קיין אַרבעטער, צוליב זיין שוואַכן געזונט, אויך אין יחוס האָט ער געמיינט ניט פאַרשעמען זיין אַמאָליגע משפחה. נחמן האָט זיך געשאַרט צו די ישיבות, געוואָרן צום טייל אַ מלמד און אַ שמש אין אַ שוהל. פאַרדינט האָט ער וויניק, אָבער מען האָט זיך ניט באַקלאָגט.

שבת האָט מען זיך אויסגערוט, געגאַנגען צו גאַסט צו פריינט, פאַרבראַכט צוזאַמען, און אַלץ וואָלט געווען בסדר ווען ניט דאָס בענקען נאָך אַ קינד. ביידע פּאָרלעך זיינען געגאַנגען צו דאָקטורים, צו גוטע־יידן נאָך אַ ברכה, און דערווייל זיינען זיי שוין 5 יאָר אין לאַנד און קיין קינד איז ניטאָ. איז דאָך קיין וואונדער ניט די גרויסע שמחה בא אברהמען אין הויז, ווען זיין פרוי לאה'קע האָט אים געבוירן אַ מיידעלע דבורה'לע. ביידע שוועסטער האָבן דאָס קינד געקעכלט מיט ליבשאַפט, ביידע האָבן דאָס וועגעלע געפירט, אַלע זיינען געווען גליקלעך, ביז איינמאָל האָבן נחמן מיט מלכה'ן זיך דורכגערעדט. ביידע האָבן געוויינט פאַר צער, וואָס זיי האָבן ניט קיין קינדער, און אַז בא אַ פרעמדן פייער קען מען זיך ניט וואַרעמען. דאָס קינד, וואָס זיי קעכלען, באַלאַנגט ניט צו זיי. זיי האָבן פּלוצלונג זיך דערפילט עלנד. עס מאַכט ניט אוים וואָס פריינט וועלן רעדן, זיי מוזן עפּעס טאָן אַז קיינעם זאָל ניט וויי טאָן. ביידע האָבן באַשלאָסן פאָרן קיין ישראל. דאָרט אין הייליקן לאַנד וועלן זיי זיך אויסוויינען, אויסגיסן זייער ביטער האַרץ; אפשר וועט ג־ט זיך דערבאַרעמען און זיי בענטשן

מיט אַ קינד. און אפשר וועלן זיי זיך גאָר באַזעצן אין ישראל, מען וועט שוין זען. יעצט ווען מאַן און ווייב האָבן באַ זיך אָפּגעמאַכט זיך דורכפּאָרן קיין ישראל, האָבן זיי באַשלאָסן ביידע אַרבעטן ביזן זומער, און נאָכער, ווען די ישיבה וועט זיך שליסן אויף צוויי מאָנאַטן, וועט נחמן בעטן אים באַפרייען אויך אין שוהל, וואו ער אַרבעט אַלס שמש. צווישן אַלע זייערע פריינט האָט מען ניט אויפגעהערט רעדן וועגן זייער באַשלוס. אברהם אַרבעטנדיג ביי די סוועדערס איז רייכער געוואָרן. ער איז אויך פרימער ווי ייִנגלווייז, און דאָס איז ווייל ער זעט ג־טס האַנט. ער איז געבענטשט מיט אַ ליבער פרוי און אַ זיס, שיין מיידעלע.

די שוואָגערס אברהם און נחמן האָבן זיך שטאַרק ליב, מען קען זיך גאָר ניט אָנפרייען מיטן קינד. זיי האָבן מורא פאַר אַ „גוט־אויג”. מלכה, נחמנס ווייב, שטייט אין מאַרקעט באַ אַ טישל פון פאַרטיקע קינדער קליידער, זי אַרבעט געטריי, מען האָט זי ליב, די קונים גלויבן איר אין דער פרייז, איר גוטער שמייכל ציט צו קונים. זי פאַרדינט און פרייט זיך — צושטייער אויף פאָרן אין הייליקן לאַנד. מלכה טראַכט: אוודאי בייִנקט זי מיט איר מאַן נאָך אַ קינד, און אוואדאי פאַרגינט זי איר שוועסטער דאָס ליבע קינד, אָבער זי פילט אַז איר שוואָגער און שוועסטער האָבן מורא פאַר איר, פאַר אַן עין־הרע. זי שלינגט די טרערן און טראַכט אַז איר מאַן טראַכט מסתמה אויך אַזוי, אָבער ער וויל איר, מלכה'ן, ניט ווי טאָן. ער רעדט ניט.

עס איז געקומען דער אויסגעחלומטער טאָג. פריינט און באַ־קאַנטע זיינען געקומען צום „עיר־פּאָרט”, פאַר'ן אָפּפליען. מיט ברכות און גוטע וואונטשן זיינען נחמן און מלכה אַוועק קיין ישראל. זיי זיינען געפלויגן צום ערשטן מאָל. נחמן מיט מלכה'ן זיצען איינער צוגערוקט צום צווייטן. זיי רעדן ניט נאָר זייערע הערצער קלאַפּן צוזאַמען. מען האָט זיי מיטגעגעבן אַדרעסן וואו זיי וועלן קענען איינשטיין. אפשר וועלן זיי גאָר קענען געוואויר ווערן עפּעס וואו די פאַרלוירענע משפחות זייערע זיינען.

מדינת־ישראל — דאָס לאַנד פון נחמנס חלומות, ווי קענען זיי

דאָס פאַרגעסן אין דעם הייליקן טאָג פון אָנרירן די ערד פון ארץ ישראל, מענטשן פרייען זיך. מען רעדט, מען טומלט. נחמן און מלכה דערוואַרעמען איינער דעם צווייטן מיט אַ קוק פון ליבע און געטריי־שאַפט פון איינעם צום צווייטן. אַראָפּגייענדיק פון עראָפּלאַן אויפן לופט פלאַץ קושן אַלע די ערד, מען מאַכט אַ „שהחיינו", ווער עס זינגט, ווער עס טאַנצט, ווער עס וויינט, און אַלע צוגייען זיך צו די האָטעלן אָדער באַקאַנטע. נחמן איז אין ישראל, ער דערמאָנט זיך אין זיין ליבן פריינט און שוואָגער מרדכי ליבערמאַן, זיין ליבע צום לאַנד, זיינע דערציילונגען פון זיין לעבן, אפילו די לידער וואָס ער האָט געזונגען פאַר זיינע פריינט. יעצט פילן די רעזניקס, אַז זיי דאַרפן זיך פרייען פאַר זייער גאַנצער משפחה, וואָס זיי איז אויסגעפאַלן דער גורל באַזוכן דאָס לאַנד ישראל. דאָ זיינען די קינדער אַנדערש, זיי גייען אין די גאַסן מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, מיט געזאַנג, אַלט און יונג זיינען גרייט דאָס לעבן אָפּגעבן פאַר דער פרייהייט, פאַרן אויפבוי פון לאַנד. נחמן מיט מלכה׳ן זיינען אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד, באַזוכט אַלע הייליקע פּלעצער, געלאָזן קוויטלעך מיט געבעט פאַר זיך מיט דער משפחה. עס איז צווישן טאָג און נאַכט,ביידע זיינען צוגעקומען צו דער מוטער רחל׳ס קבר, זיי זיינען פאַרמאַטערט, כמעט גאַרניט געגעסן אַ גאַנצן טאָג. זיי רעדן שטיל, נאָר מלכה וויינט — זי גיסט אויס איר ביטער הארץ פאַר דער מוטער רחל. ווער נאָך קען איר אַזוי פילן! — זי בענקט נאָך אַ קינד, זי וויל אַ קדיש נאָך זיך מיטן מאַן. מלכה קערט איר פאַרוויינט פנים צום מאַן און פרעגט: נחמן! ועסטו מיך פאַרלאָזן אויב איך וועל צו דיר ניט געבערן קיין קינד? איך האָב אַזוי מורא צו בלייבן אַליין. נחמן גלעט איר פּלייצע און רעדט צו איר צערטלעכע רייד, ער זאָגט איר, אַז זי איז די בעסטע פון אַלע פרויען, און אויב ג־ט וויל זיי זאָלן בלייבן אָן קינדער, וועלן זיי זיך האַלטן צוזאַמען וויפיל עס זאָל זיי ניט באַשערט זיין צו לעבן.

## קאַפּיטל פיר

עס איז ווייזט אויס געווען אַ באַשערטע זאַך, פון דער השגחה אַליין. די רעזניקס האָבן דערזעען באַ דער וואַנט פון דער מוטער

רחל׳ס קבר אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ סידור׳ל אין האַנט. אַ ייד אַ הדרת פּנים, מיט שיינע שוואַרצע אויגן און אַ קליין שוואַרץ בערדל. ער איז זעט אוים איינגעשלאָפן און ניט ווילענדיק געווען אַן עדות פון רעזניקס געשפּרעך. ווען ער האָט געזען אַז מען האָט אים באַמערקט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, געגעבן נחמענען די האַנט און זיך באַגריסט. ער האָט געבעטן פאַרגעבונג וואָס עס איז אים אויס־געקומען זיין אַן עדות פון זייער געשפּרעך. מיין נאָמען איז יצחק ניומען, איך וואוין אין ירושלים, מיין פרוי איז געשטאָרבן אַ פּאָר יאָר צוריק. איך האָב געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן, געראָטענעם זון. איז ער געפאַלן אין שלאַכט. אויך מיין שנור האָט מיר געבוירן אַן אייניקל און איז שפּעטער געשטאָרבן. דאָס יינגעלע איז שוין 6 יאָר אַלט. איך לערן אים, וואַש און רייניק אים. בין איך געקומען צום קבר רחל זיך אויסוויינען פאַרן גורל פון מיין ליב אייניקל, שלום, דעם קיילעכדיקן יתום. איך בין געזעסן און איינגעשלאָפן. הערענדיק אייער געשפּרעך און געוויין, האָב איך מיך צוגעקוקט צו אייך און געטראַכט: פּיליכט זאָל איך אייך געבן מיין אייניקל שלום? ער איז יונג און דאַרף יונגע געטרייע עלטערן. ער איז אַ גוט קינד. ער וועט זיך צו־געוואוינען צו אייך. איך פיל צובראָכן און קראַנק, און דאָך וויל איך גיין דינען אין דער ישראל־אַרמיי, אין צה״ל, און פאַרנעמען מיין זונס אָרט. איך גלויב אַז איך האָב זיך ניט אָפּגענאַרט. ג־ט האָט אונדז צוזאַמענגעבראַכט אויף אַזאַ אויסערגעוויינטלעכן אופן. איך וויל דאָס בעסטע פאַרן קינד. נחמן מיט מלכה׳ן זיינען געבליבן ווי אָן לשון. אַ חלום? איז דאָס אַ חלום? און אפשר האָט ג־ט זיך צוגעהערט צו זייערע טרערן?ביידע נעמען אַרום דעם פרעמדן מאַן און בעטן אים ניט לאָכן פון זיי. מיר האָבן ניט קיין קינדער און בענקען נאָך אַ קינד. דער אַלטער יצחק ווישט אַ טרער; „איין זון געהאַט" האָט אים ג־ט גערופן צו זיך. אַ העלד געווען! האָט ער זיין לעבן אָפּגעגעבן פאַר־טיידיקנדיק דאָס לאַנד ישראל! אויך זיין שנור, אַזאַ שיינע, שטילע טויב פון אַ יתומים־הויז, האָט ג־ט איר צוגענומען פאַר דער צייט.

יצחק ניומען האָט געבראַכט די רעזניקס קיין ירושלים צו זיין הויז. איין צימער מיט אַ וועראַנדע, אין שטוב איז ריין און ציכטיק.

יצחק בייגט זיך אַרויס פון פענסטער און רופט דאָס אייניקל זיינס ביים נאָמען. עס לויפט אַריין אַ יינגעלע מיט קורצע הייזלעך, אַ שיין אָפּגעבּרענט פּנימ׳ל מיט צוויי גרויסע שוואַרצע פרעגענדיקע אייגעלעך. שלום! גיב שלום! דאָס זיינען מיינע פריינט, שלום קוקט אַ ווײַלע אויף ביידן און ער גיט זיי די האַנט. דער זיידע פרעגט שלומ׳ען צי ער האָט שוין געגעסן און ער לאָזט דאָס אייניקל לויפן צו זיינע חברים, וועלכע וואַרטן אין הויף אויף אים. אַלע זיצן אַ ווײַלע און שווייגן. ר׳ יצחק זאָגט: איך וועל פּרוּוון עפּעס זיך דערוויסן וועגן אייך, איך וועל אייך באַקענען מיט אַ רב, מיינער אַ נאָענטער פריינט, איך וויל זיך מיט אים בּאַראַטן, איך וועל אויך פּרוּוון עפּעס זיך דערוויסן וועגן אייך דורך דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט, נאָכדעם וועלן מיר פאַרשרייבן דאָס קינד אויף אייער נאָמען. אַזוי אַרום וועל איך זיין דער זיידע פונעם קינד.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. נחמן, מלכה און ר׳ יצחק זיינען אַרומגעגאַנגען ווי פריטשמעליעטע. זיי פלעגן זיך באַגעגענען אין ניומענ׳ס שטוב. אַזוי איז געווען דער ווילן פון זיידן. ער האָט געוואָלט אַז דאָס קינד און די נייע עלטערן זאָלן זיך צוגעוואוינען איינער צום אַנדערן. אויך ער אַליין האָט זיי געוואָלט קענען-לערנען. שלום איז אומעטיקער געוואָרן, אויף אַלץ וואָס ר׳ יצחק האָט אים געפרעגט פלעגט ער אַלעמאָל ענטפערן: יאָ זיידע — כן. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון קאָנטראַקט, זיינען אַלע, אפילו דאָס קינד, געגעאַנגען צו ר׳ הוירשן דעם רב. דער זיידע, ר׳ יצחק, האָט איינגעשטימט אַז שלום זאָל פאָרן צוזאַמען מיט זיינע נייע עלטערן קיין אַמעריקע, ניו-יאָרק, ביז די רעזניקס וועלן האָבן גענוג געלט זיך צו באַזעצן אין ישראל. שלום דאַרף פּראַווען זיין בר-מצוה אין ישראל, וועלן זיידע מיטן אייניקל זיך ווידער באַגעגענען. שלום האָט געקראָגן אַ מתּנה פון זיידן: אַ זעלטן שיין חנוכּה-לעמפּל. דאָס חנוכּה-לעמפּל האָט ר׳ יצחק געקראָגן קינדווייז אַ מתּנה פון זיינע עלטערן. קיינער ווייסט ניט ווי אַלט דאָס חנוכּה-לעמפּל איז. עס איז אַ ירושה פון דור דורות. אַזוי האָט ר׳ יצחק דאָס חנוכּה-לעמפּל געשענקט צו זיין ליבן זון ישראל, דער זון איז ניט געווען אַבי ווער, ער איז געווען דער פּאַקל-

טראָגער פון די מכבייער, ווען חנוכה איז מען געלאָפן פון דעם באַרג צו ברענגען פייער פאַר דער מנורה. ר׳ יצחק דערציילט, אַז ישראל, שלום׳ס פאָטער, האָט דאָס חנוכה־לעמפּל מיטגענומען מיט זיך אויפן שלאַכט־פעלד, אין דער מלחמה מיט די אַראַבער. ער האָט דאָס געהיט ווי אַ הייליקייט. ווען מען האָט ר׳ יצחק׳ן געבראַכט ישראל׳ס מלבושים — די זאַכן מיט לויבגעזאַנג וועגן ישראל׳ס העלדישקייט, האָט מען צו ר׳ יצחקן אויך געבראַכט דאָס חנוכה־לעמפּל צוזאַמען מיט אַ מעדאַל. דאָס ווענטל פון דעם חנוכה־לעמפּל קען מען אַרויסנעמען, און מען קען דאָרט עפּעס באַהאַלטן. האָט מען טאַקע אין דעם אַריינגעלייגט דעם קאָנטראַקט מיט די רעזניקס, מיט דער חתימה פון רב צוזאַמען מיט דער חתימה פון ר׳ יצחקן. דער זיידע האָט דאָרט אויך אַריינגעלייגט אַ צוואה, וואָס קיינער טאָר ניט לייענען ביי ר׳ יצחקס לעבן. דעם שליסל פון דעם חנוכה־לעמפּל האָט ר׳ יצחק איבערגעגעבן צו דער פאַמיליע רעזניק, דאָס חנוכה־לעמפּל האָט דער זיידע צוגעטראָגן צו זיין אייניקל, וועלכער איז געזעסן אַ שווייגענדיקער. געקוקט, געהערט און געשוויגן. דער זיידע האָט גענומען שלום׳ען אויפן שויס, געגלעט זיינע בעקעלעך, געקושט און געוויינט. אויך שלום האָט דעם זיידן אַרומגענומען מיט ביידע הענטעלעך און אים געקושט. פון שלום׳ס אויגן זיינען געפאַלן גרויסע קיילעכדיקע טרערן. דער זיידע זאָגט: „געדענק שלום! אַ קאָפּיע פון קאָנטראַקט און פון מיין צוואה בלייבט ביי אונדזער פריינט דעם ליבן רב ר׳ הוירש. היט דאָס חנוכה־לעמפּל. עס וועט זיין ווי איך אַליין בין מיט דיר״. שלום האָט געזאָגט: „איך פאַרשטיי זיידע, יאָ, איך פאַרשטיי״. ר׳ יצחק האָט נאָכאַמאָל אַרומגענומען זיין אייניקל, אים אַ קוש געטאָן. דאָס געזעגענען איז געווען צו שווער פאַר אים, איז ער דער ערשטער אַוועק פון רב׳ס הויז.

די רעזניקס האָבן באַצאָלט דעם רב פאַר דער מי, זיי האָבן זיך האַרציק געזעגענט, דער רב האָט געבעטן היטן דאָס קינד. ער האָט זיי אָפּגעגעבן מזל־טוב. ר׳ נחמן און מלכה האָבן ניט אויפגעהערט דאַנקען ג־ט, וואָס ער האָט זיי געבענטשט מיט אַ קינד.

ווען די פאַמיליע רעזניק איז אָנגעקומען אין ניו־יאָרק, האָבן ביים לופט־פעלד זיי אָפּגעוואַרט די משפּחה שאַפּירא און פריינט,

װעלכע האָבן זיך געפֿרײט מיט זײער אָנקומען. עס איז מיטאַמאָל געװאָרן לעבעדיקער אין דער פֿאַמיליע רעזניק. אין הויז האָט מען די מעבל געביטן, אַ נײַע בעט פֿאַר שלומ׳ען געקויפֿט, אויך נײַע קלײדער און ביכער צום נײַעם לערן־יאָר. װי די עלטערן האָבן שטאַרק געװאָלט קענען עברית, צו קענען פֿרײַ רעדן מיטן קינד, איז דאָס זײ אָנגעקומען שװער. דערפֿאַר, אָבער, האָט שלום זיך שנעל אויסגעלערנט די ענגלישע שפּראַך. אויך יידיש האָט ער זיך גאָר גיך אויסגעלערנט, װײַל זײַנע נײַע עלטערן האָבן גערעדט כּסדר צװישן זיך נאָר יידיש. װידער זײַנען די צװײ פֿאַמיליעס שאַפּירא און רעזניק, געװאָרן נאָענט צװישן זיך. שלום איז געװען אַ געהאַרכזאַם־קינד, געלערנט פֿלײַסיק, אָפּגעגעבן יעדן כּבוד, אָבער דאָך אַרומגעגאַנגען אָפּט פֿאַרטראַכט. די צװײ פֿאַמיליעס זײַנען געװען צופֿרידן, פֿאַרדינט פֿײַן, אַרומגערינגלט מיט פֿרײַנט. אין די װינטער אויפֿדערנאַכטן פֿלעגן די קינדער ליב האָבן הערן װי די עלטערן דערצײלן װעגן זײער לעבן אַמאָל: זײערע הײמען, זײערע יום־טובֿים און טאָג־טעגלעכן לעבן. שלום פֿלעגט זיצן בײַם טיש, די הענטעלעך אונטערגעשפּאַרט אונטער זײַן פּנימ׳ל און נאָכפֿאָלגן דער מאַמעס מעשׂיות פֿון רוסלאַנד. די שײנע קאַלטע טעג, די שנײ־בערג, שנײ־מענטשעלעך, װאָס קינדער פֿלעגן מאַכן; שליטע־לעך, װאו קינדער פֿלעגן זיך אַרומיאָגן אײנער נאָכן אַנדערן. די פֿרײלעכע חנוכּה־יום־טובֿים אַמאָל; װען מען פֿלעגט שפּילן אין דרײדל פֿאַר געלט אָדער אָן געלט, און די הײסע געשמאַקע לאַטקעס. אויך אַנדערע יום־טובֿים האָבן די עלטערן ליב געהאַט: פּסח, װען אַלץ אין שטוב װערט באַנײַט און יעדער טוט אָן נײַע מלבושים לכּבֿוד דעם יום־טובֿ פּסח, שפּעטער — ל״ג בעומר, דאָס אַרויספֿאָרן מיט די עלטערן אין די פּאַרקן, דאָס עסן זיצנדיק אויפֿן גרינעם גראָז. די מאַמע דערצײלט שלומ׳ען װעגן ברודער מרדכי, דעם העלדישן, געזונטן, פֿרײלעכן בחור, װעלכער האָט אַזױ שײן פֿאַרבראַכט יענעם יום־טובֿ־דיקן ל״ג בעומר טאָג, און װי אַזױ מען האָט אים נאָכגעשפּיאָנירט, אַרעסטירט און פֿאַרמשפּט פֿאַרשיקט צו װערן. אױ! זאָגט די מאַמע צו שלומ׳ען, האָט מרדכי געבענקט אַמאָל צו־דערלעבן אָנצוקומען אין ארץ ישׂראל! ער פֿלעגט זינגען לידער פֿול מיט בענקשאַפֿט און זיך גאָר נישט געקענט דערשלאָגן אַהין צום לאַנד פֿון די אבֿות. װער

ווייסט וואָס מיט די עלטערן און די קינדער איז געוואָרן. ווען מלכּה דערציילט וועגן איר שטעטל אין דער אַלטער היים, אַרומגערינגלט פֿון צוויי טייכן, דעם באַסיין פֿון לעבעדיקע פֿיש, ווערן די אויגן בּאַ שלום׳ען פֿול מיט פֿרייד. מער פֿון אַלע יום־טובֿים האָט שלום ליב דעם יום־טובֿ חנוכּה. דאַן נעמט ער דאָס שיין חנוכּה־לעמפּל, דעם זיידנס חנוכּה־מתּנה, און ווען קיינער זעט ניט, קושט ער דאָס, און זינגט מיט בענקשאַפֿט דעם זיידנס זמירות.

ווען די רעזניקס קומען זיך צונויף מיט דער פֿאַמיליע שאַפּיראָ, פֿרייען זיך די קינדער ווי אייגענע קאָזינס. שלום איז עלטער, קוקט שאַפּיראָ׳ס טעכטערל, דבֿורהלע, אַרויף צו אים. ער לערנט דבֿורהלען זינגען און אַלע קלייבן נחת.

### קאַפּיטל פֿינף

די יידישע געגנט אין בראָנזוויל האָט זיך געביטן. עס קומען פּאָר אָפּטע שׂרפֿות, און איבערפֿאַלן איבער די גאַסן. יידן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפֿן פֿון בראָנזוויל. באַלעבאַטעם יידישע האָבן אָנגעהויבן פֿאַרקויפֿן זייערע הייזער. ווילנדיק צי ניט, האָט מען געמוזט זוכן אַ נייע דירה ערגעץ ווייט אַוועק. וואו זיינען אַהינגעקומען די אַלערליי שכנים — ייד און ניט ייד, מיט וועמען מען האָט געלעבט אַזוי פֿיל יאָרן בשכנות ווי גוטע פֿריינט? אפֿילו די בעסערע נעגערס האָבן פֿאַרלאָזן דעם געגענט. איבער נאַכט האָט בראָנזוויל זיך געביטן. ניטאָ מער קיין ישיבֿות, קיין שוהלן. די גאַסן — שמוציקע, אָפּגעברענטע הייזער — סלאָמס, דער מאַרקעט איז זיך צעפֿאַלן, איבערפֿאַלן אויף די פֿאַרקויפֿערינ׳ס, רויבערייען, און מאָרד. איז מען זיך צעלאָפֿן יעדער אין אַנדערע געגענטן פֿון ניו־יאָרק. אַזוי איז אויך געשען מיט די צוויי פֿאַמיליעס — די שאַפּיראָס און די רעזניקס, זיי האָבן געקויפֿט אַ צווייפֿאַמיליקע הייזקע אין איסט־פֿלעטבוש מיט פֿענצטער, וואָס גייען אַרויס צום ברייטן „קינגס־הייוועי״. דער אַריינגאַנג צום הויז איז פֿון אַ זייטיקער, שטילער גאַס, אַ הויכער פּאַרקאַן אַרום דער געביידע, מיט אַ גאָרטן, שפּילצייג פֿאַר די קינדער, מיט אַ „סווימינג פּול״ אין הויף. די רעזניק׳ס האָבן געהאַט נאָך אַ צוויי יאָר ביז צו שלום׳ס בר־

מצוה, אפשר וועלן זײ פֿאָרן אַביסעלע פֿריער, כּדי צו געבן דעם ישׂראלי סאַברע די מעגליכקייט זיך אויסצוגלייכן מיט אנדערע ישׂראל־קינדער אין זײַנע יאָרן. אויך די משפּחה שאַפּירא חלומט אויפֿשטעלן אַ פֿאַבריק אין ישׂראל. אויך זייער פֿאַרלאַנג איז צו געניסן פֿון מרדכי'ס אַמאָליקן חלום. די רעזניקס און די שאַפּירא'ס לעבן בשלום מיט די שכנים אין דער נייער געגנט. דאָ זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשידענע שכנים. זייער דירה גרענעצט זיך מיט אַ משפּחה מולאַטן מר. און מרס. סמיט מיט אַן איין איינציקער טאָכטער, מאַרי. מר. סמיט — אַ טונקעלער שיינער מאַן, פֿאַרנעמט אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן בכּבֿודיקן רעגירונג פּאָסטן. זײַן פֿרוי איז דווקא אַ ווייסע, אַ שיינע, הויך־וואוקסיקע און שלאַנקע, סימפּאַטישע פֿרוי. זי איז אַ לערערין אין אַ „פּאַבליק סקול". זײ זײַנען רעליגיעזע קריסטן. עס איז אַ פֿאַרגעניגן מיט זײ צו פֿאַרברענגען. זייער טאָכטער איז אַ טונקל־הויטיקע און גערעכטן אין דער מוטער. מאַרי איז אַ נערוועזע און קאַפּריזנע. זייער דירה, „אַפּאַרטמענט" איז אויסערגעוויינטלעך שיין. דער מאַן זעט צו דאָס הויז און גאָרטן. אַ גאַנצע וואָך אַרבעטן די עלטערן. מאַרי גייט אין סקול, אין שטוב איז פֿאַראַן אַ דינסט, וואָס זעט צו מאַרי עס זאָל איר גאָרניט פֿעלן. אין סקול האָט מען מאַרי'ן ניט ליב. זי האָסט איר טאַטע־מאַמע און אויך יעדן ווער עס קומט מיט איר אין באַריר. די שוואַרצע קינדער ווילן מיט איר ניט שפּילן ווײַל זי האָט ליכטיקע אויגן און ליכטיקע האָר, אויך די ווײַסע האָבן זי ניט ליב, ווײַל זי פֿאַרמאָגט אַ טונקעלע הויט. ווען מען פֿלעגט איר קויפֿן, קליינערהייט, פּופּעס (דאָלס) האָט זי דווקא נאָר געוואָלט ווײַסע פּופּעס, אָבער איר אייגענע מאַמע'ן האָט מאַרי ניט ליב — די גערעכטענע לערערין, פֿאַר וועלכער יעדער האָט דרך־ארץ און אַפּשײַ, די לערערין קען איר אייגן קינד ניט פֿאַרשטיין. מאַרי דערמאָנט איר מוטער פֿאַרוואָס זי האָט ניט חתונה געהאַט מיט אירס גלײַכן. די מוטער האָט איר אַ סך מאָל געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז זי און איר פֿאָטער באַלאַנגען דאָך צו איין רעליגיע, אָבער מאַרי קען ניט מוחל זײַן אירע עלטערן. צוליב זײ לאַכן פֿון איר די בחורים און מיידלעך פֿון סקול. מען רופֿט זי ניט אויף קיין דייטס. עס איז אַפֿילו געשען אַז זי האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ בחור, און אויך ער האָט ליב געהאַט מאַרין, ער האָט אָבער קיינמאָל

ניט געוואָלט ווייזן זיך מיט איר אין דער עפענטלעכקייט, ער האָט זיך געשעמט פאַר פריינט און זיינע עלטערן. פאַר דעם האָט זי אים איינמאָל דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים, און איז נאָך מער פאַרביטערט געוואָרן צו די עלטערן. זי גייט ניט מיט דער יוגנט, נאָר זי לערנט און לערנט, די פרייע צייט פאַרברענגט זי אין הויז פון די רעזניקס. ניט איינמאָל האָבן די סמיטס זיך אַראָפּגערעדט דאָס האַרץ פאַר זייערע שכנים. מלכה און לייקע האָבן רעספּעקטירט זייערע שכנים און גרויס רחמנות געהאַט אויף די אומגליקליכע עלטערן פאַר זייער צער. דאָס מיידל מאַרי איז אַ שיינע און קלוגע, האָבן זיי געזוכט אַ וועג ווי מיט גוטע ווערטער זי צוציען און אַרויסרופן אַ פונק פון ליבשאַפט צו אירע עלטערן. ניט געקוקט אויפן אונטערשייד פון רעליגיע און כאַראַקטערן האָבן די פאַמיליעס זיך געהאַלטן נאָענט באַפריינדעט.

איינמאָל אין אַ זומער פאַרנאַכט האָט שלום זיך אַ דריי־געטאָן זיין פּוס, האָט אים דער דאָקטער באַפוילן ליגן און האַלטן די פּוס אויף אַ קישן ווען דאָס געשווילעכץ אַוועק. האָט מען אויפגע־שטעלט אַ בעטל באַ די רעזניקס אין גאָרטן, אין שטוב איז געווען היים און דאָ אין שאָטן אונטערן בוים איז געווען קיל; און אויך דער ריח פון די בלומען האָט פאַרשיכורט יעדן. אַרום אַ קיילעכדיקן טיש זיינען געזעסן לייקע און מאַרי, זיי האָבן געשפּילט אין דאַמינאָ. מלכה און דבורה׳לע זיינען געזעסן לעבן שלום׳ען באַם אויפשטעל־בעטל. מלכה האָט גענייט און דאָס מיידעלע האָט עפּעס געקלעפּט פון ליים. שלום לייגט אַוועק דאָס ביכל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מיטן לייענען. ער האָט פאַרלייגט די הענט הינטערן קאָפּ און האָט אַ פרעג געטאָן: מאַמע! האָסטו אַמאָל געליינט „אָנקל טאָמ׳ס קעבין״ פון ביטשער סטאָו? ביידע, מאַרי און לייקע, האָבן אויפגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. מלכה האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שלום׳ס שטערן און געענטפערט: „יאָ, מיין קינד. איך גלויב עס איז ניטאָ קיין סך מענטשן וואָס האָבן ניט געלייענט אַמאָל דאָס דאָזיקע בוך. „אָנקל טאָמ׳ס קעבין״ איז איבערזעצט אין אַ סך שפּראַכן. איך געדענק גוט, דאָס דאָזיקע בוך, וועגן דעם גוטן, געטרייען טאָם מיט זיין פרוי און קינדער און זייער באַלעבאָס שעלבי, וואָס האָט געמוזט טאָמען

פּאַרקויפֿן. דער קנעכט טאָם איז געווען אַ גלויביקער און האָט אַלע זײַנע לײַדן אויפֿגענומען מיט ליבשאַפֿט, זיך ניט אַנטקעגן געשטעלט, אַזוי איז דערוווילן פֿון ג־ט, האָט טאָם געטראַכט. אָט געדענק איך די האַרציקע יעווא, ווען מען טאָם האָט געראַטעוועט ווען זי איז פֿון שיף אַרײַנגעפֿאַלן אין ים. יעוואַ׳ס פֿאָטער קויפֿט אים אויס, און ער איז צופֿרידן צו זײַן אַ קנעכט בײַ דער צאַרטער יעוואַ. זי איז אָבער קראַנק און שטאַרבט אַ יונגע. דער פֿאָטער קען ניט אויפֿהערן טרויערן נאָכן טויט פֿון זײַן טאָכטער, אויך ער גייט אונטער, און ווידער פֿאַלט טאָם אַרײַן אין שלעכטע הענט. ער איז דאָך ניט מער ווי אַ קנעכט, מעג מען טאָן צו אים אַלץ וואָס מען וויל. דער עפּיזאָד מיט דער מולאַטין עליזאַ מיט איר שיין ייִנגעלע דזשים, די מוטער מיטן קינד זײַנען אויך קנעכט, דאָס ייִנגעלע איז זייער אַ שיינער און קרימט נאָך יעדן, פּונקט ווי אַן אַקטיאָר. ער געפֿעלט איינעם אַ שקלאַפֿן־הענדלער, ווייל ער קאָן פֿאַר אים נעמען אַ סך געלט, דערפֿאַר וויל ער צונעמען דאָס קינד פֿון דער מוטער. צופֿעליק האָט די מוטער אונטערגעהערט דעם אָפּמאַך פֿון באַלעבאָס מיטן שקלאַפֿן־הענדלער, זי כאַפּט דאָס שלאָפֿענדיקע קינד אויף די הענט, דאָס איז געווען אין אָנהויב פֿרילינג, ווען דאָס אייז אין טײַך ווערט געשפּאָלטן, לאָזט זי זיך לויפֿן איבערן טײַך פֿון איין שטיק אייז צו אַ צווייטן. אַלע לויפֿן איר נאָך מיט ביקסן און הינט, אָבער דער כוח פֿון ווילן ראַטעווען איר קינד גיט דער מוטער מוט. זי שפּרינגט פֿון איין שטיק אייז צו אַ צווייטן, און גוטע מענטשן ראַטעווען זי.

עליזאַ קומט קיין קאַנאַדע, וואו איר מאַן, אויך אַ מולאַטער, איז פֿריי פֿון קנעכטשאַפֿט. איצט איז זי פֿריי מיט איר משפּחה. עס טרעפֿט, אַז בײַם שקלאַפֿן־הענדלער, וואו טאָם געפֿינט זיך, זײַנען אַנטלאָפֿן אַ גרופּע שקלאַפֿן. פֿאַרוואָס טאָם האָט ניט געוואָלט זאָגן וואוהין זיי זײַנען געלאָפֿן, שלאָגט מען אים ביז ער פֿאַלט. אַ צעביילטער, פֿול מיט וואונדן, בינדט מען אים אין קייטן און מען לאָזט אים אַליין אין אַ ביידל פֿון אַ הונט. ווען דער זון, דזשאָרדזש, פֿון אַמאָליקן באַלעבאָס שעלבי, איז געקומען אויסקויפֿן טאָמען, איז געווען שוין צו שפּעט. דזשאָרדזש וויינט.

ווער ס'האָט געלייענט דעם בוך, האָט געוויינט בעת'ן לייענען, ווען טאָם זאָגט פאַר'ן טויט: „ג־ט רופט מיך, איך קען ניט גיין קעגן ווילן פון ג־ט — שטאַרבט ער".

מלכה ווישט אירע אויגן און דערציילט, אַז זי האָט דעם בוך אַ סך מאָל געלייענט, איבערגעלייענט אויפסניי און קיינמאָל ניט געקענט איינהאַלטן אירע טרערן בעת'ן לייענען. מאַרי סמיט פרעגט: האָט עליזא ניט געהאַסט אירע עלטערן? אַלע שווייגן. מלכה ענטפערט: „ניין, ליבע מאַרי, זי האָט ניט געהאַסט אירע עלטערן. אין דעם מאָמענט, ווען מיר באַקאָנען זיך מיט איר, האָט דער גורל זי צושיידט מיט איר ליבן מאַן. ער האָט זיך פאַר איר באַפרייט פון שקלאַפעריי און זי איז דאָך געווען אַ ליבענדע מאַמע, האָט זי איר לעבן איינגעשטעלט צו ראַטעווען איר קינד".

### קאַפּיטל זעקס

מאַרי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַוועק. אַלע האָבן פאַרשטאַנען און מיטגעפילט מיטן מיידל, וועלכע האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך אַן עצה צוגעבן אין לעבן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז זי צוריקגעקומען, צוגעפאַלן צו מלכה'ס שויס מיט אַ געוויין און אַלץ געפרעגט ווי אַזוי זאָל איך לעבן? וואָס זאָל איך טאָן? ביידע שוועסטער האָבן איר באַרואיקט. די קינדער האָבן געקוקט און געשוויגן. מלכה גלעט אירע שיינע האָר און זאָגט: אַמאָל געשעען זאַכן, וועלכע מאַכן אַן איבערקערעניש אין מענטשנס לעבן. איך בעט דיך, מאַרי, פאַרגיב מיר. איך האָב ניט געטראַכט אַז מיין איבערדערציילן די מעשה פון „אָנקעל טאָמס קעבין", וועט דיר וויי טאָן, אָבער אַזוי ווי עס איז שוין געשען, וויל איך דיר עפּעס זאָגן. די נעגערס האָבן זיך באַפרייט פון שקלאַפעריי. אויף היינטיקן טאָג פאַרנעמען זיי הויכע פּאָסטענס אין אַלע געביטן. צווישן זיי זיינען דאָ העכסט אינטעליגענטע מענטשן. דיינע עלטערן זיינען גוט צו דיר און צו מענטשן בכלל. דו דאַרפסט זיין שטאָלץ צו האָבן אַזעלכע טאַטע־מאַמע, זיי אַכטן און אָפּגעבן כבוד. דיין מאַמע האָט אוודאי דורכגעמאַכט אַ סך שוועריקייטן אין לעבן, אָבער די ליבשאַפט פון איינעם צום אַנדערן און די ליבשאַפט צו דיר

גיט זײ כּוח אָנצוגײן מיט זײער לעבן. מיר האָבן שטאַרק ליב דײַנע עלטערן.

מאַרי האָט זײ באַדאַנקט פֿאַר די גוטע רײד און אָוועקגעגאַנגען אַ פֿאַרטראַכטע און שטילע אײַנגאַנצן אַרײַנגעטאָן אין זיך. אין אַ צײַט אַרום, בײַ אַ באַגעגעניש מיט די שוועסטער שאַפּירא און רעזניק, האָט מר. און מרס. סמיט זײ האַרציק געדאַנקט פֿאַר די גוטע ווערטער, וואָס זײ האָבן גערעדט צו זײער טאָכטער. מאַרי האָט זײ אַלץ דערצײלט. זי איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערע די לעצטע צײַט, און זי ווערט אַלץ פֿרײַנדלעכער צו זײ. די סמיטס האָפֿן אַז אַלץ וועט ווערן גוט צווישן זײ און זײער טאָכטער מאַרי.

די פֿאַמיליע רעזניק האָט זיך געגרײט אין וועג אַרײַן, אַלע זײַנען ממש קראַנק מיט דעם רײַזע־פֿיבער. בײַטאָג איז מען פֿאַרנומען, און אין די אָוונטן הערן זיך די קינדער צו צו אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות צו דער משפּחה־רעזניקס נסיעה קײן ישׂראל; זײ ווילן וויסן וועגן דעם הויז, וואָס שלום׳ס פֿאָטער גרײט זיך קויפֿן אין ירושלים. וויפֿיל צימערן וועלן זיך געפֿינען אין הויז, שלום פֿאָדערט אַ צימער פֿאַר׳ן זײַדן יצחק לעבן זײַן צימער. דבורהלע פֿרעגט אַלעמאָל בײַ שלום׳ען: דו מײנסט, דו וועסט אָוועקפֿאָרן און איך ניט? ער ענטפֿערט איר: דו אויך, נאָר אַביסל שפּעטער. זי גלעט אים די האַנט און איז צופֿרידן.

אברהם שאַפּירא, רעזניקס שוואָגער, איז רײַך געוואָרן פֿון זײַן סוועדער־פֿאַבריק. ער בעט זיך בײַ נחמנ׳ען אַז ער זאָל מיטנעמען געלט וואָס ער וועט אים געבן; „וואָס דאַרף איך האַלטן געלט דאָ אין באַנק?״ — זאָגט ער. מענטשן לײגן דאָך אַרײַן געלט אין מסחר אין ישׂראל. נחמן קען אים אָפּגעבן דאָס געלט ווען ער, אברהם, וועט קומען מיט זײַן משפּחה זיך באַזעצן אין ישׂראל. ווײסטו וואָס? זאָגט אברהם: — מיר בײדע האָבן דאָך קײנעם ניט אויף דער וועלט. לאָמיר גײן צו אַ לאָיער און שרײַבן צוואות, עס איז אַ סגולה צו אריכת ימים. אויב מיט אונדזערע פֿאַמיליעס זאָל עפּעס, חלילה, געשען, באַלאַנגט אַלץ צו אונדזערע קינדער.

אַזוי האָבן זײ געטאָן און מיט גרינגע הערצער מיט גוטע

ברכות און אַ סומע געלט, פול מיט האָפענונג, פאַר אַ ניי און בעסער לעבן אין אייגענעם לאַנד האָבן די צוויי משפחות רעזניק און שאַפּירא זיך געזעגנט, און מען האָט זיך געוואונטשן זיך צו זען אין גיכן אין ישראל. שאַפּירא האָט געדאַרפט דורכפירן אַ טראַנזאַקציע, אַריבערפירן זיין פאַבריק קיין ישראל, פאַרקויפן די דירה און הויז־זאַכן. „גאָר אין גיכן — זאָגט שאַפּירא — וועלן מיר זיך זען, מיר קענען דאָך ניט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן"; שרייבט, — האָבןביידע, נחמן און אברהם, געשריען איינער צום אַנדערן מיט טרערן אין די אויגן.

די פאַמיליע רעזניק איז פאַרפאָרן צו פריינט אין ישראל, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַקענט ביי זייער ערשטן באַזוך. ר׳ נחמן האָט געקויפט אַ הויז אין ירושלים. ווען מען האָט געעפנט די פעקלעך, האָט שלום זיך געכאַפּט, אַז דאָס חנוכה־לעמפּל, דעם זיידנס מתנה, איז נישטאָ. ער האָט זיך צעוויינט, ניט געקענט זיך באַרואיקן. דאָס איז, ווייזט אויס, געשען, אַז ווען מען האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין האָט שלום דאָס חנוכה־לעמפּל אָנגעגרייט אויפן פענסטער, כדי ער זאָל דאָס מיטנעמען טראָגענדיק אין די הענט. אין גרויסן טומל און כאַפּעניש האָט ער דאָס חנוכה־לעמפּל פאַרגעסן. ר׳ נחמן האָט געקלונגען פון ירושלים קיין ברוקלין, און ר׳ אברהם האָט שלומען פאַרזיכערט, אַז מען וועט עס גלייך איבערשיקן מיט פריינט, וואָס וועלן פאָרן קיין ישראל. ר׳ אברהם האָט שפּעטער געשריבן ר׳ נחמנ׳ען, אַז דאָס טעכטערל דבורהלע, האַלט דאָס חנוכה־לעמפּל, און זי לאָזט קיינעם ניט עס אָנרירן — עס באַלאַנגט צו שלומען, זי שלאָפט און עסט מיטן חנוכה־לעמפּל, אַפילו ווען זי גייט ערגעץ לאָזט זי דאָס ניט אַרויס פון האַנט, ווי דאָס זאָל זיין שלום אַליין. דבורה׳לע בענקט זייער שטאַרק נאָך שלומען. זי הערט ניט אויף צו וויינען, כאַטש נעם און פאַר שוין מאָרגן. זיי וועלן זיך צואיילן מיטן פאָרן, שלום האָט זיך אַביסל באַרואיקט, אָבער אָן אומעט האָט אים אַרומגענומען — ווי וועט ער באַגעגענען דעם זיידן? ביידע פאַמיליעס בענקען. עס גייען בריוו און גערוסן, מען קלייבט זיך קומען אין גיכן. די רעזניקס האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ שיינער דירה, וואָס זיי האָבן געקויפט אויפן נאָמען פון שוואָגער שאַפּירא. די דירה־געלט לייגן זיי אין אַ ישראל־

באַנק. זאַלן וואַקסן פּראַצענטן, ר׳ נחמן איז אַ ראש ישיבה, מלכה פאַרדינט צוביסלעך אין דער היים, זי קאָן נייען. שלום גייט אין ישיבה און גרייט זיך צו זיין בר־מצוה, ער לערנט אַ סך. די ערשטע זאַך עברית. ער מוז קאָנען רעדן ווי אַלע סאַברעס אין ישראל, ער איז דאָך געבוירן אין לאַנד. מלכה האָט צייט צו באַזוכן די ישיבה, זעען איר זון שלום, העלפן געבן עסן די קינדער און זיין אין צייט אין דער היים ווען איר מאַן, דער חשובער ר׳ נחמן, קומט מיט זייער ליבן זון שלום אַהיים.

## קאַפּיטל זיבן

דער זיידע איז פאַרנומען. די רעזניקס הערן פון זייער פריינט ר׳ הוירש, אַז ר׳ יצחק טוט עפּעס אין מיליטער. ער האָפט אין גיכן קומען אויף אַ באַזוך צו זען זיין ליב אייניקל, צוזאַמען מיט דער משפחה רעזניק. די רעזניקס קריגן אויך, פון צייט צו צייט, בריוו פון אמעריקע פון זייערע שכנים סמיט. זיי זיינען איצט די גליקליכסטע פאַמיליע אין דער וועלט. די טאָכטער מאַרי איז גוט און געטריי. זי איז אויך ווי פריילעכער געוואָרן. זי לערנט זיך גוט. די פאַמיליע סמיט קלייבט זיך באַזוכן ישראל, דאָס וואונדערלאַנד פון זייערע פריינט. אין איינעם אַן אָוונט, ווען די רעזניקס האָבן זיך געזעגנט מיט פריינט, וועלכע זיינען געקומען זיי וויזיטן, זיינען זיי נאָך געשטאַנען אַ ווילע אויף דער ווערענדע און גערעדט וועגן די שאַפּיראָס, וואָס גרייטן זיך קומען אין ישראל גאָר אין גיכן. מיטאַמאָל האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. עס איז שוין געווען שפּעט, און זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין ווער קען דאָס איצט קלינגען? ר׳ נחמן נעמט דעם טרייבל צום אויער: — „פון ניו־יאָרק; מר. סמיט?" — מר. סמיט ענטפערט: „יעס, עפּעס איז געשען ביי דער פאַמיליע שאַפּירא, ביטע, קומט גלייך צופאָרן. יאָ... יאָ... מען לעבט. איך בעט אייך קומט גלייך מאָרגן". פאַרציטערטע און דערשראָקענע האָבן די רעזניקס אָנגעהויבן קלינגען קיין ניו־יאָרק צו דער משפחה שאַפּירא, אָבער קיין ענטפער איז ניט געווען, דער טעלעפאָן שטומט. האָבן די רעזניקס גלייך באַשטעלט פּלאַץ אויפן עראָפּלאַן, פאַרלאָזן דאָס הויז און אָפּגעפלויגן קיין ניו־יאָרק, ביים אָנקומען האָט זיי די פאַמיליע סמיט אָפּגעוואַרט. „וואָס איז געשען?"

— פרעגן נחמן און מלכה. די סמיט׳ס האָבן זייער מאַשין. מען שטייגט איין, מען קען ניט רעדן. מלכה האַלט שטאַרק אַרומגענומען שלומ׳ס פּלייצע, ווי זי זאָל זיך אָנהאַלטן אין אים. מרס. סמיט קוועטשט מלכה׳ס האַנט. שלום האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל — צוויי אויגן אַן ווערטער. די קאַר פאַרפאָרט אין אַ זייטיק געסל און מר. סמיט דערציילט: — „עס איז געשען אין מיטן דער נאַכט. די משפּחה איז שוין געשלאָפן. איך בין געזעסן ביי זיך אין „לייבערי" און געשריבן. פּלוצלינג דערהער איך געוואַלדן, געשרייען. פּאָליציי איז געקומען, געקלאַפּט אין מיין טיר מיט אַ באַפעל: „אַרויס אַלע! אַ פייער!". איך האָב אָנגעהויבן שרייען און אַליין זיך דערשראָקן פאַר מיין קול. איך האָב אַלץ געחזר׳ט „פייער... פייער..." אין געציילטע מינוטן זיינען מיר, איך, מיין פרוי, און טאָכטער, געווען אָנגעטאָן און מיר האָבן פאַרלאָזען דאָס הויז. געברענט האָט שאַפּירא׳ס הויז. שנעל ווי אַ מענטשן־פרעסער, האָט דאָס פייער אַריינגעכאַפּט די גאַנצע שטוב. פייער־לייט זיינען געקראָכן צום צווייטן שטאָק אין שלאָף־צימער. מען האָט אַרויסגעבראַכט דאָס קינד דבורה׳לע פאַרוויקלט אין אַ בלאַנקעט. אויך די עלטערן האָט מען געראַטעוועט. די שטוב האָט אָפּגעברענט".
— „לעבן מיין שוועסטער, שוואָגער מיטן קינד?" — האָבןביידע, נחמן מיט מלכה׳ן געשריען. מר. סמיט זאָגט שטיל: „אַלע דריי לעבן, זיי זיינען אין קינגס־קאַנטי האָספּיטאַל". ר׳ נחמן גלעט די פרוי און זון. שלום נעמט אַרום די מאַמע. אַלע וויינען שטילערהייט, ר׳ נחמן בעט: דערציילט אונדז אַלץ, און מר. סמיט האָט פאָרגעזעצט צו דערציילן:

„דאָס פייער איז געווען זייער גרויס פון אַלע זייטן. די פייער־לייט האָבן זיך אויך אָפּגעברענט. די עלטערן זיינען ניט פיל אָפּגעברענט, אָבער זיי זיינען אין אַ נערוועזן צושטאַנד, אַמאָל ריידן זיי עפּעס, אַמאָל ניט. דעם פאָטער האָט מען געפונען אויפן שוועל פון קינדס צימער. אַ ברענענדיקע ברעט האָט אים צוגעקוועטשט. מען האָט אים אין צייט אַרויסגעטראָגן. ער האָט אַלץ געחזר׳ט: דבורה׳לע... דבורה׳לע... די מוטער איז אַראָפּגעפאַלן פון די טרעפּ, זעט אויס אויך פון פייער געשטופּט. ביידע ריידן ניט און דערקענען ניט קיינעם. די דאָקטוירים פאַרזיכערן אַז די וואונדן פון פייער זיינען ניט געפערלעך.

זײַ ערגערט מער דער „שאָק”. דאָס קינד, דבורה'לע, איז בעסער. זי אָבער הערט ניט אויף צו וויינען און רופן די עלטערן. דבורה'לע איז געלעגן אין איר בעט און געהאַלטן אַ לעמפּל. מיט דעם איז זי אין האָספּיטאַל. אָן דעם עסט זי ניט און שלאָפט ניט”. און אַט האָט מר. סמיט די משפּחה רעזניק געבראַכט אין האָספּיטאַל. קיינעם איז אין קאָפּ ניט אײַנגעפאַלן דאַנקען די ליבע, גוטע און נאָבעלע שכנים, די סמיטס, וועלכע האָבן אַזוי שטאַרק מיטגעפילט און געטאָן אַלץ פאַר דער משפּחה שאַפּירא. דער ערשטער איז אין האָספּיטאַל אַרײַנגעקומען ר' נחמן. מלכה מיט שלום'ן זײַנען געבליבן וואַרטן אין לאָבי, ווײַל שלום'ען האָט מען ניט אַרײַנגעלאָזן. נאָכן קורצן געשפּרעך מיטן דאָקטאָר, האָט ר' נחמן געקראָגן אַן ערלויבעניש אַז מלכה מיט שלום'ען זאָלן זעען דבורה'לען. דער דאָקטאָר דערציילט: דאָס קינד שרעקט זיך שטאַרק, אפשר ווען זי וועט זעען אייגענע מענשן, וועט זי זיך באַרואיקן. זי האָט אפילו גאָר ווייניק געליטן פון די פײַער-וואונדן, נאָר זי איז פיזיש צעטרייסעלט. זי האַלט עפּעס אַ שפּילצייג, דורכט זיך אַ לעמפּל, זי לאָזט עס פון האַנט ניט אַרויס. טאָמער וויל אימעצער דאָס נעמען — וויינט זי זייער שטאַרק. מען איז צוגעקומען צום בעט וואו דבורה'לע איז געלעגן. דאָס בעטעלע מיט ווענט ווי פאַר אַ קליין קינד. דבורה'לען האָט מען געטראָפן וויינען פון שלאָף. אין אירע עטוואָס אָפּגעברענטע הענט, וועלכע זײַנען געווען פאַרוויקלט אין באַנדאַזשן, האָט זי געהאַלטן שלום'ס חנוכה-לעמפּל. מלכה האָט אַ רוף געטאָן דאָס קינד בײַם נאָמען: אַלע האָבן באַמערקט אַ ציטער אין אירע אויגן-דעקלעך. דבורה'לע! האָט שלום איבערגעחזר'ט. דבורה'לע האָט ברייט געעפנט אירע אויגן און געפּרופט זיך אויפזעצן. וויינענדיק האָט זי אויסגעשטרעקט מיט די הענטעלעך דאָס חנוכה-לעמפּל צו שלומען. אַלע האָבן געוויינט, אפילו דער דאָקטאָר. מלכה האָט זי געקושט און געגלעט איר קעפּעלע. דבורה'לעס באַקן האָבן זיך באַדעקט מיט אַ רויטער פאַרב. דורך טרערן האָט זי דערציילט וועגן פײַער, און אַז מען האָט בײַ איר געוואָלט צונעמען שלום'ס לעמפּל. זי האָט געבעטן זי וויל אַהיים גיין צו טאַטע-מאַמע. שלום האָט געקושט דבורה'לעס הענטעלע און זי געבעטן האַלטן פאַר אים דאָס חנוכה־

לעמפּל ביז מאָרגן, ווען מען וועט איר קענען נעמען אַהיים, יעצט איז זי נאָך קראַנק. מיט ליבע, רחמנות און גוטע וואונטשן האָט די פאַמיליע רעזניק זיך געזעגנט מיט דבורה׳לען, צוזאָגענדיק איר ווידער צו קומען זי זען מאָרגן.

מיט קלאַפּענדיקע הערצער זיינען זיי אויפן אונטערשטן שטאָק וואו אברהם און לאה׳קע זיינען געלעגן. דער דאָקטאָר האָט געבעטן די באַזוכער זיך האַלטן רואיק און ניט ווערן היסטעריש. אברהם איז געלעגן מיט ווייס פאַרבונדענע הענט און פּיס, וואָס מען האָט אַרויס־געזעען פון אונטער דער דעקע, עס האָט אויסגעזעען ווי ער שלאָפט, אָבער אַלע האָבן געהערט ווי ער רעדט צו זיך אַליין: „וואַרט, דאָס קינד איז בילכער... אַ פייער... אַ פייער...״ ר׳ נחמן מיט מלכה׳ן פּרוּאוון רעדן צו אים; זיי רופן אים ביים נאָמען, אָבער ער ווייזט ניט אַרויס קיין שום אינטערעס. שטיל־שווייגנדיקע גייען נחמן און מלכה נאָך דעם דאָקטאָר צו דער פרויען־אָפּטיילונג. דאָ ליגן אַ סך קראַנקע פרויען. זיי קומען צו צו לאה׳קעס בעט. איר קאָפּ, הענט און פיס זיינען פאַרבונדן מיט ווייסע באַנדאַזשן. דער דאָקטאָר דערקלערט זיי אַז בעת לאה׳קע איז געפאַלן פון די טרעפּ, האָט זי זיך שטאַרק צוקלאַפּט, אויך האָט זי גאָר קליינע בראַנד־וואונדן. דאָס ערגסטע אָבער איז דאָס שווייגן אירס, זי קוקט און זעט קיינעם ניט. מען האָט מורא פאַר אַ פרישן „נערוון־שאָק״. מלכה וויינט און רופט איר שוועסטער ביי איר נאָמען. אַלע פּרוּאוון רעדן צו איר, עס העלפט ניט. דער דאָקטאָר דערלויבט זיי קומען מאָרגן. מען קאַרגט ניט קיין געלט, עס באַהאַנדלען איר די בעסטע דאָקטוירים. איינמאָל האָט שלום געפרעגט: אפשר זאָל דבורה׳לע פּרוּאוון רעדן צו די עלטערן? דעם דאָקטאָר איז געפעלן די עצה. דבורה׳לע פילט זיך בעסער. ניט געקוקט וואָס זי איז בלויז 7 יאָר, פאַרשטייט זי אַז מען וויל זי נעמען מיט אַ „ווילטשער״ צו טאַטע־מאַמע. דאָס קינד זאָגט צו אַז זי וועט ניט וויינען. מען לאָזט זיך צו אברהמ׳ען און לאה׳קען. שלום שטופּט דעם „ווילטשער״, דבורה׳לע שמייכלט. מען קומט צו לאה׳קעס בעט, דבורה׳לע שווייגט און קוקט זיך איין אין איר מאַמעס פּנים. פּלוצלונג דערלאַנגט זי אַ ווילדן געשריי: מאַמע!... מאַמע! די מוטער קוקט און מאַכט

מיט די אויגן. דבורה׳לע שרייט. דער דאָקטאָר זאָגט שטיל: לאָזט זי שרייען! פּאַמעלעך, קוים צו הערן, שעפּטשען לאה׳קעס ליפּן: „דבור׳-לע... דבורה׳לע..." מער האָט דער דאָקטאָר ניט דערלויבט דבורה׳-לען שרייען. לאה׳קע איז שטיל געבליבן, ווי איינגעשלאָפן. מען האָט איר געגעבן אַן איינשפּריצונג זי צו באַרואיקן. אויך דבורה׳לען האָט מען באַרואיקט, זי איז איינגעשלאָפן.

צעבראָכענע, מיט האָפענונג צו ג־ט זיינען די רעזניקס אוועק זיך אויסרוען ביז אויפן אַנדערן טאָג. געוואוינט האָבן זיי בײַ גוטע געטרייע פריינט, וועלכע האָבן זיי ניט באַלעסטיקט מיט פראַגעס און ניט צוגעלאָזן קיין פריינט זיי צו באַלעסטיקן. אַזוי זיינען אוועק טעג און נעכט, אברהם שאַפּיראָ׳ן האָט מען געגעבן „שאָק־טריטמענס". אַלע דריי האָבן שוין איצט זיך געפילט בעסער. ר׳ נחמן האָט שטאַרק גע-לויבט און געדאַנקט זיין זון שלום פאַר זיין ליבע און געטריישאַפט, וואָס ער ווייזט אַרויס צו אַלעמען אין אַזאַ שווערער צייט. דבורה׳לע איז שוין אין דער היים מיט טאַטע־מאַמע, און שלום היט זי ווי אַ שוועסטערל. מיט דעם חנוכה־לעמפּל האָט זי מורא זיך צו שיידן, ווי דורך דעם וואָלט זי שלום׳ען פאַרלוירן.

חדשים זיינען פאַרביי. שוואַכע, אויסגעמוטשעטע האָט די משפּחה שאַפּיראָ געדאַנקט ג־ט פאַר די נסים, וואָס זיי זיינען לעבן געבליבן. ר׳ נחמן האָט געהאָלפן ליקווידירן אַלע געלט ענינים, און די פריינט פון די רעזניקס און די שאַפּיראָס האָבן צוגעגרייט אַ געזעגענונגס שמחה לכבוד זייער אָפּפאָרן קיין ישראל. מען האָט צונויפגערופן אַלע פריינט און באַקאַנטע פון אַמאָליקן בראָנזוויל. אויף די טישן געפינען זיך מאכלים פון בעסטן און שענסטן. ווער עס קומט אַריין איז צופרידן צו זעען ביידע משפּחות, וואָס זיינען אַזוי געטריי איינער צום אַנדערן. מען טרינקט אַ לחיים, מען דערמאָנט זיך די אַמאָליקע יאָרן אין בראָנ-זוויל, וואו יידן זיינען געווען אַזוי נאָענט באַפריינדעט איינער מיטן אַנדערן. קיינער קען זיך ניט באַקלאָגן, עס איז געווען ניט שלעכט אפילו אין די ניט גוטע צייטן, ביז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די איבער-פאַלן און שריפות אין די נעכט. אַלע פריינט זיינען צוזייט און צושפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ ניו־יאָרק. די קינדערלעך זיינען דערוויל, ב״ה,

אונטערגעוואַקסן. צווישן די געסט איז אויך מר. סמיט געקומען זיך געזעגענען און מיטגעבן די ברכות און גוטע וואונטשן צו זיינע שכנים.

ווען די שאַפּיראָ׳ס און די רעזניק׳ס זיינען אָנגעקומען בשלום אין ישראל, זיינען זיי באַגעגנט געוואָרן פון נאָענטע פריינט, וועלכע האָבן זיי געהאָלפן קומען קיין ירושלים צו זייער וואוינונג, און ניט פרעגנדיק צופיל פראַגעס, האָבן די ישראל־פריינד זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסרוען און קומען אַביסל צו זיך. דעם ערשטן טעלעפאָן געשפרעך האָבן די רעזניקס געמאַכט צו דעם חשובן רב ר׳ הוירש, דעם פריינט פון שלום׳ס זיידע ר׳ יצחק און געבעטן אים, אַז ער זאָל מיטן זיידן קומען זיי זען.

דעם מאָל האָבן זיי לאַנג ניט געוואַרט, און די צוויי חשובע געסט, הרב הוירש און ר׳ יצחק ניומאַן, האָבן זיך באַוויזן ביי דער משפחה רעזניק. דער ליבער, טייערער זיידע — אַ הויכער, שלאַנקער מיטן איידעלן פּנים, אָפּגעברענט פון זון און שוואַרץ־ווייסן בערדל; אין מיליטערישע קליידער. ער האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק אויף די פּאָרזאַמלטע: עפּעס נאָענטס און פרעמדס. אָט שטייען זיי ביידע אַנטקעגן: זיידע און אייניקל. שלום — אַ שלאַנק הויכער יינגל מיט אַן איידל פּנים און שוואַרצע, קלוגע אויגן. דער זיידע שטרעקט אוים זיין האַנט און זאָגט שלום שלום. ביידע כאַפּן זיך אַרום, ביידע וויינען. וואָס בלויז קען רעדן? שלום זאָגט: „זיידע! איך האָב דיך ניט דערקענט״, און דער זיידע ענטפערט דורך טרערן: „איך האָב דיך אויך ניט דערקענט שלום, ביזט ב״ה אויסגעוואַקסן הויך און שיין, ביזט געראָטן אין דיין פאָטער ע״ה. איך האָב מיך ניט געקענט באַהערשן״. מיט אַמאָל האָבן זיי ביידע דערזעען די אַלע ליבע און טייערע פריינט, וועלכע שטייען שטיל און ווישן זיך די טרערן. מען גיט אָפּ כבוד דעם חשובן רב ר׳ הוירש. מען גיט איינער דעם אַנדערן שלום־עליכם, און אַלע קומען אַריין אין עס צימער, וואו עס וואַרט אויף זיי די שוין געגרייטע טישן מיט די געשמאַקע מאַכלים. ביים טיש דערציילט מען דעם זיידן ר׳ יצחק, וואָס פאַר אַ גם די משפחה שאַפּיראָ האָט דורכגעמאַכט, און אַז דערווייל האָט מען נאָך ניט באַשלאָסן וואו די פאַמיליע שאַפּיראָ וועט וואוינען צוליב זייער שוואַכן געזונט און צוליב זייערע געשעפטן.

## קאַפּיטל אַכט

און אַט הײבט אָן ר׳ יצחק, צו רעדן, אויף אַ שטיל בנעימות׳דיק קול: „ווען איך האָב אײַך, מײַנע טײַערע רעזניקס, דערזעען בײַ דער מוטער רחל׳ס קבר, האָב איך געטראַכט אַז דאָס איז אַ נס פון הימל. דאָס ייִנגל שלום, וואָס איז מיר טײַערער פון מײַן לעבן, דאַרף האָבן אַ היים, אַ מאַמע, אַ ליבשאַפט און געטרײַשאַפט פון יונגע עלטערן, אין אַ יתומים הויז האָב איך אים ניט געוואָלט געבן. מיך האָט געצויגן גײן אין דער אַרמײ, צו נעמען נקמה פאַר מײַן יונגן זון, וואָס איז געפאַלן אין שלאַכט; איך האָב אַ סך גערעדט מיט מײַן פרײַנט, דעם ליבן רב ר׳ הוירש, און ווען איך האָב אײַך דערזעען און אַביסעלע דערקענט, האָב איך באַשלאָסן אַז דאָס זײַנען פּאַסיקע מענטשן — איך מוז צוגעבן, אַז איך וואָלט קיינמאָל ניט געקענט פועל׳ן בײַ זיך אַזאַ זאַך ווי געבן שלומען צו ווילד פרעמדע מענטשן. דער צופאַל פון אונדזער באַקאַנטשאַפט, ווי אַזאַ אויסערגעוויינלעך פאַרהייליקט אָרט, ווי דער מאַמע רחל׳ס קבר, האָב איך, און מײַן ליבער פרײַנט דער רב, ר׳ הוירש, זיך נאָכגעפרעגט בײַ אײַערע באַקאַנטע דאָ אין ישראל. איך בין אויך גע־גאַנגען אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט מען זאָל זיך נאָכפרעגן וועגן אײַך, מײַנע ליבע רעזניקס. איך האָב אײַנגעשטימט ווערן אײַער פאָטער, און מיטגעבן שלום׳ען מיט אײַך קיין אַמעריקע, מיט אַ תנאי, אַז איר זאָלט ברענגען אים אַהער אין ישראל צו זײַן בר־מצוה. אין דער צײַט, האָב איך געטראַכט, וועל איך זײַן אַ פרײַער מענטש און קענען אָפּגעבן מײַן צײַט פאַרן יידישן פאָלק און לאַנד ישראל”.

דער ווײַדע בלײַבט שטיל, אַ פּאָר מינוט, און רעדט ווײַטער:

„איך ווייס ניט צי שלום האָט אײַך אַמאָל דערציילט, אַז איך האָב געהאַט אַ געוואוינהייט רעדן מיט אים ווי מיט אַ גרויסן. שלום האָט געוואוסט און אַפילו זיך געהאַלטן גרויס פאַר זײַנע חברים, וואָס זײַן פאָטער ישראל איז געפאַלן אין דער באַפרײַאונגס מלחמה. אויך האָט ער געוואוסט, אַז זײַן מוטער לעבט ניט מער. שלום איז תמיד געווען אַ געהאָרכזאַם קינד. ווען עס איז געקומען די צײַט זיך צו שיידן, האָב איך מיט אים געהאַט אַ געשפּרעך, און גערעדט צו אים ווי צו אַ גרויסן. איך האָב אים דערציילט וועגן אײַך, אַז איר ווילט ווערן

זיינע עלטערן, און ער וועט אייך דאַרפן ליב האָבן און זיין געטריי צו אייך. צום סוף האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וואָלט וועלן פאַרנעמען מיין זונ׳ס פּלאַץ אין דער אַרמיי און דינען אין דער ישראל־אַרמיי (צה״ל)״.

„שלום האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, און טרערן זיינען גערונען פון זיינע אויגן. ווי יונג ער איז געווען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז צוליב אים קען איך זיך ניט אָנשליסן אין צה״ל. און יעצט, מיינע טייערע, געדיינקט איר דאָך, מיר האָבן געשריבן אַ קאָנטראַקט אין געגנוואַרט פון שלומ׳ען. אַ קאָפּיע פון דעם קאָנטראַקט און אויך פון מיין צוואה האָב איך אַריינגעלייגט אין אַ ווענטל פון אַ חנוכה־לעמפּל און געשאָנקען דאָס צו שלומען. איך האָב אים אַרומגענומען, געקושט און ביידע האָבן מיר געוויינט. איך האָב מורא געהאַט מען וועט זיך שוין קיינמאָל ניט זען. איך האָב יענע נאַכט ניט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט, האָב איך געוואַנדערט איבער די גאַסן. דער הימל איז געווען לויטער, באַ־זעצט מיט שטערן. איך האָב געבעטן ג־ט, ער זאָל באַשיצן מיין אייניקל שלום, מיין אויג אין קאָפּ. איך האָב דאָך געוואָלט בעסער מאַכן זיין צוקונפט׳ט, זיין לעבן. פאַר עדות האָב איך גענומען דעם הימל מיט די שטערן. אינדערפרי האָב איך זיך אַרומגעוואַשן, גענומען דעם בריוו, וואָס איך האָב געקראָגן פון דער אַרמיי, מיט דער טרויעריקער בשורה פון מיין זון ישראל, אַז ער איז געפאַלן ווי אַ העלד, און געבעטן אַז איך וויל רעדן צום קאָמאַנדיר פון זיין אָפּטיילונג. דער קאָמאַנדיר האָט מיר געזאָגט: „אייער זון איז געווען אַ העלד, אַלע זיינע חברים האָבן געוויינט. ער איז געווען אַזאַ פריילעכער, זיך ניט געשראָקן פאַרן שונא, געקראָכן אין פייער. ער האָט געוואוסט פאַר וועמען און פאַרוואָס ער שטעלט איין זיין לעבן״.

דער זיידע ר׳ יצחק דערציילט ווייטער: „נאָך דעם ווי דער קאָמאַנדיר פון מיין זון האָט געענדיקט ריידן, בין איך אויפגעשטאַנען, אָפּגעגעבן מיליטערישן כבוד און געבעטן: איך בין געקומען פאַרנעמען דאָס אָרט פון מיין זון! דער קאָמאַנדיר האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט: „איר זייט אַ זעלטענער פאָטער, אָבער יונג ווערן ווי ער קענט איר ניט״. אָבער ווען איך האָב דעם קאָמאַנדיר פאַרזיכערט,

אַז איך בין פֿון זינען ניט אַראָפּ, איך וויל אויך עפּעס טאָן פֿאַר מיין לאַנד, האָט ער אויפגעהערט שמייכלען. ער האָט גערעדט רואיק און שטיל, און זייער איבערצייגענדיק: „גוט מיין פריינט, איר וועט זיין אַ סאָלדאַט אין רעזערוו". ער האָט מיט־געגעבן אַ פּאַרמאַכטן קאָנ־ווערט, האָט מיך אַריינגענומען אין זיינע הענט און געבעטן היטן מיין געזונט. ווער ווייסט, אַז ג־ט וועט געבן און שלום וועט זיין אין לאַנד, וועלן מיר זיך באַגעגענען, און קענען אויפטון אַ סך זאַכן צוזאַמען. מיר דאַרפן לעבן צוליב אונדזערע קינדער — איך מיין אייער אייניקל און אויך צוליב זיך. אַזוי ווי איר האָט באַשלאָסן זיין נוצליך פֿאַרן לאַנד, און איר קענט אויך האַלטן אַ ביקס אין האַנט, וועט מען זיך מיט אייך שאַפן. מען וועט אייך נוצן וואו עס וועט זיין נויטיק. עס מוז ניט זיין דוקא אויפן פראָנט".

„איך האָב זיך האַרציק געזעגנט מיטן קאָמאַנדיר און בין אַוועק".

„פֿון יענעם טאָג אָן האָב איך שוין אַ סך אַרבעט געטאָן: געווען אין אַן אוימשפּיר גרופּע, געווען צווישן די קעמפער אין די כמעט פינצטערע געפּאַנצערטע בונקערס, אין וועלכע עס געפינען זיך אונדזערע העלדן. אין די בונקערס איז די היץ זייער גרויס, אָבער די העלדן האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צו די „אומבאַקוועמליקייטן". איבער אייניגע בעטן הענגען בילדער פֿון באַרימטע זינגער, פילם אַרטיסטן, עס געפינען זיך אויך אין די בונקערס וויסענשאַפטלעכע ביכער. די סאָלדאַטן כאַפּן אפילו אַריין אַ פּאָר שעה שלאָפן דורכ'ן מעת־לעת. איך בין אויך געווען אין די קיבוצים באַ די גרענעצן, וואו עס קומען פֿאַר טעראָר־אַקטן פֿון די גאַרילעס, די אַלפאַטאַ לייט. מיט דער הילף פֿון דער אַרמיי זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן לענגאויס די גרעניצן עלעקטרישע צוימען און פאַרזייט מינעס לענגאויס דעם צוים. די טעראָריסטן קענען וויינקער אַריינדרינגען, אָבער זיי שיסן פֿון זייערע באַזוקאַס, קאַטיושאַס און מאַשין־ביקסן. זיי האַלטן די ישובים אין שטענדיקער שרעק און געש־פּאַנטקייט. דער סאָרט לעבן צווישן די סאָלדאַטן דאָ און דאָרט איז מיר געפֿאַלן שווער. איך האָב מיטאַמאָל דערפילט אַז איך בין ניט מער יונג. איך טו אַלץ וואָס מען באַפעלט מיר, אָבער מען שאַנעוועט מיך. איצט בין איך אַ וועג־ווייזער פֿאַר טוריסטן. יעדער ווינקעלע אין

לאַנד איז מיר באַקאַנט, און אָט, ווי איר זעט, מיינע טייערע, בין איך דאָ".

אין דרויסן איז אַ נייער טאָג געבוירן געוואָרן. דורך די פענסטער שיינט אַריין דער באַגינען אין בלויע פאַרבן, די לבנה האָט זיך פאַר־שעמט און איז בלאַס געוואָרן, אויך די שטערן האָבן זיך באַהאַלטן. אַ זון קוים־קוים זע־באַר, האָט זיך געגליטשט אין הימל און אַ קוק געטאָן אויף דער שלאָפענדער הייליקער שטאָט ירושלים. די מענטשן באַם טיש האָבן זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ דרעמעל, מען האָט זיך אָנגעקוקט און ווידער זיך באַקענט. לעבן זיידן, ר׳ יצחק, אָנגעשפּאַרט אויפן טיש מיטן קאָפּ אויף די צונויפגעלייגטע הענט, איז געשלאָפן שלום. אויף אַ באַנק, לעבן טיש, אונטערגעלייגט אַ קישעלע, איז געשלאָפן די קליינע דבורה׳לע מיט דעם חנוכה־לעמפּל אין האַנט. די פרויען האָבן געבראַכט אַ הייסע טיי און מען האָט זיך אַביסל אויסגעטשוכעט, געוואָרן וואַך. דער זיידע ר׳ יצחק גלעט די האָר פון זיין אייניקל און אַ הייסע טרער רינט אַראָפּ אומבאַמערקט.

אברהם שאַפּיראָ דערציילט וועגן דער שרפה און פרעגט אַן עצה וואו ער זאָל זיך איינאָרדענען מיט פרנסה. ער האָט דאָך אַריבער־געפירט זיין פאַרמעגן און אויך זיין פאַבריק. אפילו אַ פּאָר וויכטיקע אַרבעטער האָט ער מיטגעבראַכט. ער וועט זיי געפינען וואוינונגען און ברענגען זייערע משפחות.

ר׳ נחמן איז צופרידן מיט דער ישיבה וואו ער לערנט, און אויך וואו זייער זון שלום איז אַ תלמיד. שלום הערט אין שלאָף זיין נאָמען און וועקט זיך אויף. ער קוקט אויפן זיידן, דער זיידע לייענט זיינע געדאַנקען, ווי ליב ער פילט צו זיינע נייע עלטערן, ער קלאַפּט אים איבער דער פּלייצע און שמייכלט. „שלום; דו ביסט אַ טייער קינד, איך האָב ג־ט געבעטן זאָלסט ליב־האָבן דיינע נייע עלטערן, וואָס האָבן דיך דערצויגן. איך וועל זיך באַפרייען פון מיינע פליכטן אויף אַ קורצער צייט און איך וועל ווערן אייער וועג־ווייזער איבערן לאַנד. מיר וועלן געפינען אַ גוטע געגנט, מיט אַ הויז פאַר דער משפחה שאַפּיראָ, זיי מוזן וואוינען לעבן זייער פאַבריק, עס זאָל זיי זיין גרינגער".

ר׳ נחמן מיט מלכה׳ן דערציילן דעם זיידן ר׳ יצחק וועגן דעם חנוכה־לעמפל, ווי שלום האָט דאָס געהיט ווי זיין אויג אין קאָפּ, ווי אַזוי דאָס פייער האָט אַלץ פאַרצוקט, און אַט שלאָפט דבורה׳לע מיט שלום׳ס חנוכה־לעמפל אין די הענט. דער זיידע שמייכלט. עס איז געווען כדאי, ווייל צוליב דעם חנוכה־לעמפל האָט שלום מיך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַלע בעטן דעם זיידן אויפגעבן זיין אַרבעט און וואוינען מיט זיי, ער האָט שוין גענוג געדינט... דער רב ר׳ הוירש גיט צו, אַז עס איז טאַקע גענוג זיין נע ונד. ווי אַ פאַרחלומטער ענטפערט ר׳ יצחק: „מען וועט זעען".

ווידער זיינען אַלע פאַרנומען, יעדער טוט זיין זאַך. ווי נאָר די שאַפּיראָ׳ס האָבן זיך געפילט אַ ביסל בעסער אין געזונט, האָט מען זיך געגרייט אויפשטעלן די פאַבריק און קויפן זיך אַ הויז.

ר׳ נחמן פאַרדינט ניט קיין סאַך, אָבער ער איז צופרידן. די קינדער פון ישיבה קוקן אַרויף צו אים מיט רעספּעקט. שלום לערנט אַ סך, ער גרייט זיך צו זיין בר־מצוה. אויך די קליינע דבורה׳לע שפּילט זיך אין דרויסן מיט די קינדערלעך, וואָס פאַרשטייען ניט וואָס זי רעדט, מוז זי זיך אויסלערנען עברית. שלום רעדט מיט איר נאָר עברית, ווען זי פאַרשטייט ניט, וויינט זי און ער מוז איר זאָגן וואָס ער מיינט.

אַט איז געקומען דער טאָג, ווען די גאַנצע משפחה מיטן חשובן רב האָבן באַשלאָסן זיך אַרויסלאָזן איבערן לאַנד זיך באַקענען מיט די שטעט און שטעטלעך. דער זיידע פילט זיך שטאָלץ — ער איז דער וועג־ווייזער. ער איז געבוירן און אויסגעוואַקסן אין ירושלים, ווייל ער טאַקע באַקענען זיין ליבע משפחה מיט דער הייליקער שטאָט ירושלים. באַטאָג הערשט אַ טרוקענע היץ, באַנאַכט אָבער איז קיל. די לבנה מיט די שטערן אויפן הימל לויכטן, כמעט, ווי ביטאָג. די לופט אַזוי ריין — דאָס פילט מען נאָר אין ירושלים. עס איז דאָ אַ נייע און אַלט־ירושלים. ווען מען גייט דורך די געדרייטע געסלעך, קומט מען דורך די שטיינערנע טרעפּ צום כותל־המערבי. מען באַגעגנט אַראַבער, וואָס טרייבן קעמלען אָדער אייזלען — דאָס פירן זיי סחורה צו פאַרקויפן. ניט ווייט פון כותל געפינט זיך דער אַלטער יידישער קוואַרטאַל מיט אַ סך שוהלן. זיי פאַרהאַלטן זיך ביים כותל. יעדער פאַלט צו צו דער

הייליקער וואַנט, יעדער גיסט אויס זיין אָנגעוויטאָגט האַרץ פאַר די געפאַלענע קדושים, פאַר די נסים, וואָס ג־ט האָט מיט זיי געטאָן. מען שטייט פאַרשטומטע און מען גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן זיך אַליין. דער זיידע טענה׳ט זיך אויס מיטן רבונו של עולם: „ג־ט אין הימל, פאַרוואָס מיין זון, און ניט איך?? אָבער ביי ג־ט פרעגט מען ניט קיין קשיות”. דער זיידע דרייט זיך אויס צו זיינע פריינט און זאָגט: „עס איז דאָ אַ פּאָעט חיים חפר, ער שילדערט אויף אַ דראַמאַטישן אופן ווי אַזוי די געפאַלענע העלדן, די יידישע גבורים קומען אין די הימלען צו זייער אייביקייט.

דאָס זעט דער דיכטער אין זיין פאַנטאַזיע וואָס עס טוט זיך אין די הימלען:

„זיי קומען אָן פון מדבר, פון די בערג, און פון דעם טאָל
בלויז נעמען, אויגן, פנימער...
זיי קומען פון פאַרברענטע טאַנקען, צעשטערטע אַוויאָנען
לייכטע ווי די אָדלערס, דרייסטע ווי לייבן און טיגערס
צום פאַראַד פון די געפאַלענע גבורים...”

און פאַרענדיקט דער דיכטער חיים חפר אַזוי:

„אָט אַזוי, מיט העל באַשטראַלטע פנימער שטייען די געפאַלענע גבורים, און נאָר ג־ט שפּאַנט אַליין אַדורך צווישן זייערע רייען, ער קושט זיי די וואונדן און ער לאָזט שטיל אַ טרער...”

### קאַפּיטל ניין

דער זיידע ר׳ יצחק קען מער ניט ציטירן. הייסע טרערן רינען בײַ אים פון די אויגן. די גאַנצע משפחה וויינט מיט. זיי גייען צו דער מאַשין, וואָס וועט זיי פירן אויסקוקן דאָס לאַנד. פאַרענדיק זאָגט דער רב ר׳ הוירש, אַז אַ סך פון דער אַמעריקאַנער יוגנט קומט קיין ישראל כדי ניט אָפּגעפרעמדט צו ווערן פון יידן און יידישקייט. זיי האָבן מורא פאַר געמישטע חתונות. יידישע עלטערן האָבן פאַרפעלט איינצופלאַנצן

אין די הערצער פון זייערע קינדער ליבשאַפט צום יידישן דת, צו זיין גוט און פרום. די יוגנט אין אַמעריקע לאָזן איבער לוקסוס־היימען און פאַרן העלפן בויען דאָס לאַנד ישראל. דאָס איז ממש אַ נס מן השמים. די דאָזיקע יידישע יוגנט פילט זיך ווי ניי געבוירן. אויך אַ סך משפּחות, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין ישראל, זיינען צופרידן מיט זייער באַשלוס עולה צו זיין אין ישראל. עס טרעפט אויך פאַרקערט — עס פאָרן אַ סך ישראלדיקע יוגנטלעכע קיין אַמעריקע, אָבער די יוגנט קערט זיך ניט אָן מיטן יידישן לעבן — זיי זוכן רייכטום, באַקוועמ־לעכקייט. אַזוי איז שוין דאָס לעבן.

די משפּחה רעזניק־שאַפּיראָ קומט קיין בני־ברק. אין קיין שטאָט, אַ חוץ ירושלים פילט מען ניט אַזוי דעם יידיש־רעליגעזן גייסט ווי דאָ, אין בני־ברק. מען קומט קיין תל־אביב — אַ מין ניו־יאָרק, נאָר ריינער און שענער, אַלעס ניי געבויט. אַט קומען זיי קיין חברון, וואָס איז חרוב געוואָרן מיט העכער 40 יאָר צוריק, בעת די שווידערלעכע שחיטות וואָס די אַראַבער זיינען דערמאָלט באַגאַנגען אויף די דאָרטיקע יידן. אין חברון האָט אברהם אבינו געקויפט די „מערת המכפּלה". דאָ האָט דוד המלך געקיניגט זיבן יאָר. אַט קומען די רעזניק'ס־שאַפּיראָ'ס מיט זייער באַגלייטער אין דער שטאָט יריחו, וועלכע זעט אויס פּונקט ווי זי האָט אויסגעזען אין די צייטן פון יהושע. אַלטע און יונגע אַראַבער בלאָנקען אַרום, זיצן אויסגעזעצט אויף די שוועלן און קוקן מיט די טראַכאָמע אויגן צום אַרומיקן מדבר. דער זיידע ר' יצחק ווייזט אַלעמען די נייע סטאַנציע פאַר אַגריקולטור, וואָס ישראל האָט אויפ־געשטעלט. אַראַבישע מיידלעך אַרבעטן אין דערבייאיקע פּרדסים, זיי וויקלען די פּרוכטן אין דינע פּאַפּירן און לייגן זיי אין קעסטלעך. צווישן יריחו און דעם ברעג טייך פון ירדן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ יידישער ישוב — אַ האַלב מיליטערישער לאַגער פון יונגע בחורים און מיידלעך פון דער „בני עקיבא", די רעליגיעזע יידיש־אַמעריקאַנער יוגנטלעכע. די גרופּע טוריסטן זיינען אויסגעפאָרן אַלע שיינע שטעט ווי חיפה, באר־שבע, יפו, אילת, די ניי און אַלט באַנייטע שטעט — דער שטאָלץ פון דער מדינה. אַט קומען זיי צו די גולן־בערג, אין גליל, צו די הייליקע קברים. דער זיידע דערקלערט און אַלע שלינגען זיינע

ווערטער. עס לעבן אויף געשטאַלטן און מעשים. אָט קומען זיי צו דעם דאָרף פון די חשמונאים. דאָ געפינען זיך די קברים פון די מכבים מיט דעם בערגל א־ראַס, דעם אַמאָליקן מודיעין־דאָרף, פון מתתיהו מיט זיינע פינף זין. פון דאַנען זיינען זיי אַרויס אין דער מלחמה געגן אַנטיוכוס אַפּיפנס. די טוריסטן זיינען פאַרפאָרן אין אַ סך קיבוצים. די בערגיקע וועגן און פּייזאַזשן האָבן זיי באַצויבערט. יעצט קוקן זיי אַלע צו ר׳ יצחקן מיט גרויס דרך־ארץ. דער הויכער, שלאַנקער, פון דער זון־אָפּגעברענטער וועג־ווייזער ר׳ יצחק איז דאָך טאַקע פאַרליבט אין זיין לאַנד און איז גרייט זיין לעבן אָפּצוגעבן פאַרן יידישן פאָלק.

אַ יאָר איז פאַרביי. די פאַמיליעס האָבן זיך איינגעאָרדנט און באַרואיקט. שאַפּיראָ וואוינט אין תל־אביב, וואו ער פירט ווידער אָן מיט גרויסע געשעפטן. דאָס הויז אין ירושלים האָבן די שאַפּיראָס געשענקט צו די רעזניקס ווי אַ מתנה צו שלום׳ס בר־מצווה. די פאַמיליעס האַלטן זיך נאָענט און קומען אָפט זעען איינער דעם אַנדערן. ר׳ יצחק האָט פּלוצלונג דערפילט אַז ער איז מיד און דאַרף אַ היים, וואוינט ער טאַקע באַ די רעזניקס, און פילט זיך ווי באַ אייגענע קינדער, די זעלבע געפילן האָט ער צו דער משפחה שאַפּיראָ. די קינדער שלום און דבורה׳לע קלעפּן אַרום אים — זיי האָבן אים ליב פאַרן צוגעלאָזנקייט, פאַר די מעשיות וואָס ער האַלט די קינדער אין איין דערציילן, פאַר דעם וואָס ער איז דער גוטער, האַרציקער זיידע.

די צייט פון שלום׳ס בר־מצווה האָט זיך דערנענטערט. די פאַמיליע סמיט איז געקומען וויזיטן ישראל. זיי שטייען איין אין אַ האָטעל. נעכטן באַנאַכט זיינען זיי געקומען וויזיטן די רעזניקס. זיי זיינען אַנטציקט פון דער שיינקייט פון לאַנד, פון דער גאַסט־פריינטלעכקייט. זיי זיינען געפאָרן מיט אַ טור, און זיינען זייער צופרידן זיך צו זעען מיט די גוטע שכנים. מאַרי איז אויסגעוואַקסן און נאָך שענער געוואָרן. זי וויל זיין אַ זינגערין. זי זינגט לידער אין אַלערליי שפּראַכן, אויך אין יידיש, לידער וואָס זי האָט געהערט באַ די שוועסטער. זי האָט געביטן איר סקול, זי לערנט זיך שפּילן פּיאַנאָ און אויך געזאַנג. זי איז פריילעכער געוואָרן. מען רעספּעקטירט איר. זי האָט טאַלאַנט. מען רופט זי אויף קאָנצערטן. איינמאָל האָט זי געזונגען פאַר אַן עולם

דאָס יידישע ליד „דער חדר", האָט מען איר אַפּלאָדירט און געבעטן ווידער זינגען. מלכה מיט לייקען דערמאָנען זיך, אַז זיי פּלעגן זינגען מיט די קינדער מרדכי׳ס ליד „דער חדר". אויך מאָרי פּלעגט שטילער־הייט מיטהעלפן, אָבער אַז זי זאָל ברענגען דאָס ליד צום ברייטן עולם, אויף דעם האָבן זיי זיך ניט געריכט. זיי דריקן איר די האַנט און דאַנקען איר ביז טרערן. מאָרי דערציילט אַז אויך דאָ אין ישראל האָט זי זיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע, וואָס וועט געבן קאָנצערטן. זי לאַדט איין די משפחות צו קומען זי הערן. זי וויל זיך אויסלערנען אַ פּאָר העברעאישע לידער. די סמיטס באַשליסן צו בלייבן אין ישראל ביז נאָך שלום׳ס בר־מצוה.

עס איז אַ הייסער זוניקער טאָג. מלכה, לייקע, שלום און דבורה־לע גייען איבער די גאַסן פון אַלט ירושלים מיט פולע הענט: פּעק מיט פּעקלעך — פאַר יעדן עפּעס אַ מתנה. געגאַנגען זיינען זיי צוזאַמען זוכן אַ סיורפּרייז פאַרן זיידן ר׳ יצחק און זיין פריינט הרב ר׳ הוירש, וואָס איז געוואָרן בײַ זיי אַ היימישער מענטש צוליב דעם זיידן ר׳ יצחק און ר׳ נחמנ׳ען. מען נעמט אויף הרב ר׳ הוירשן זייער פריינדלעך, צוליב זיי פילט ער ניט אַזוי זיין עלנדקייט. ר׳ הוירש׳ס פרוי איז שוין אַ שיינע פּאָר יאָר אויפן עולם האמת. שלום און דבורה׳לע לויפן אויך צו אים, כדי ניט מאַכן אים פילן שלעכט. הרב ר׳ הוירש האָט שוין אַ סך מאָל פאַרהערט שלומ׳ען זיין בר־מצוה דרשה, און די פּאָר ווערטער, וואָס מדאַרף זאָגן צו די געסט, און נאָך וואָס פאַראַ געסט! דער זיידע ר׳ יצחק האָט אַ סך פריינט אין ישראל, מקען אים אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד, און ער האָט איינגעלאַדן חשובע געסט. די בר־מצוה וועט פאַרקומען ביים כותל־מערבי. — אָט גייען זיי, די שוועסטער מיט די קינדער. אין דרויסן איז הייס, עס דורשט. די קינדער בעטן מען זאָל צוגיין צום קלייטל זיי קויפן אַ טרונק. ביים קלייטל שטייען אויס־געשטעלט אין ריי מענטשן פאַרשוויצטע, פאַרמאַטערטע מיט פּעק און פּעקלעך. דאָס קלייטל האָט אַ דרויסענדיקן דאַך. עס שטייט אַן עלעקטע־רישער „פען" אויפן טיש און קילט אָפּ די קונים. דער מאַן ביים טיש איילט זיך נישט, ער זינגט זיך אַ לידל און גיסט יעדן אָן אַ קאַלטן געטראַנק. מיט יעדן פאַרטשעפּעט ער: ווען אַ גוט וואָרט, וועמען

אַ ווערטל, ווען מען אַ ברכה, צו ווען מען אַ וואָרט פּאָליטיק, אָדער גאָר אַ לידל מיט אַ קאָמפּלימענט. מענטשן האָבן ליב דעם קליטל־באַלעבאָס, און כאָטש מען ווארט לענגער אין דער ריי, דערקוויקט מען זיך דאָך מיט זיין געטראַנק. אָט קומען צו די שוועסטער און בעטן 4 גלעזער. דער פּאַרקויפער קוקט אַ ווײַלע אויף זיי און פּלוצלונג הייבט ער אָן צו זינגען מיט אַ סאַמעטענעם קול:

„היינט אַז איך קום אין חדר אַריין...״

די שוועסטער קוקן זיך איבער, איין מאָמענט, און מלכה פּאַלט אויף דער ערד אַ געחלשטע... לייקע שרייט און האַלט איר אונטער דעם קאָפּ. די פּעקלעך מיט זאַכן האָבן זיך צעשאָטן אַרום זיי, ביידע קינדער זיינען טויט־דערשראָקן. דער מאַן פון דעם קלייטל קומט אַרויס מיט אַ גלאָז וואַסער, ער העלפט ראַטעווען מלכה׳ן.

## קאַפּיטל צען

די מענטשן אין ישראל זיינען שוין געוואוינט צו אַזעלכע באַגע־גענישן. וואונדער איבער וואונדער! געוויין און געשריי. מען לאַכט און מען קושט זיך. מענטשן האָבן אַרומגערינגלט די צוויי שוועסטער; זיי שרייען: מרדכי! ברודער טייערער! ער נעמט אַרום ביידע שוועס־טער. זיינע אויגן פול מיט טרערן, און ווי פון שלאָף הייבט ער אָן צו זינגען:

דעם חדר וועל איך גוט געדענקען
איך ליב דעם חדר פון געבוירן אָן
און אַז איך דערמאָן זיך —
הייב־איך אָן שטאַרק צו בענקען
צום חדר פון מיין געבוירן אָן.

אימעצער פון די צושויער האָבן שוין געלאָזט וויסן ר׳ נחמנען, אַז מיט זיין פרוי איז עפּעס געשען. ער קומט צולויפן און קוקט דער־שטוינט. די צושויער לאַכן, מען מיינט אַז עס איז אַ וויץ פונעם קלייט־פּאַרקויפער. די קינדער קוקן און פאַרשטייען גאָרנישט וואָס דאָ קומט פאָר. ר׳ נחמן האָט דערקענט זיין שוואָגער. ווידער נעמט מען זיך

אַרום, מען קושט זיך, און טרערן גיסן זיך פֿאַר פֿרייד. יעצט רעדן אַלע: שוועסטער און ברודער האָבן זיך געפֿונען. מען גיט זיי אָפּ מזל־טוב. דעם טאָג האָט מרדכי שוין ניט פֿאַרקויפֿט קיין געטראַנקען. ער איז נאָכגעגאַנגען דער פֿאַמיליע מיט די קינדערלעך אין זייער הויז אַרײַן. די פֿרייד פֿון דער אומגעריכטער באַגעגעניש איז געווען גרויס. מען האָט געלאָזט וויסן אברהם׳ן וואָס פֿאַראַ איבעראַשונג זיי האָבן פֿאַר אים. אַלע פֿרײַנט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט, דערציילט אין אַ פּאָר ווערטער וועגן יעדן. יעצט האָבן די פֿרײַנט געבעטן, אַז מרדכי זאָל דערציילן וואָס ער ווייסט וועגן זייער משפּחה, און וואָס עס איז מיט אים געשען.

און אָט וואָס מרדכי דערציילט: „אַ פּאָר מאָנאַטן נאָך אייער אַוועקפֿאָרן, מײַנע טײַערע שוועסטער און שוואָגערס, האָב איך זיך געפֿילט שולדיק, וואָס איך האָב אײַך צוגערעדט פֿאָרן צו דער פֿרײַער וועלט... שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז טאַטע־מאַמע בענקען נאָך אײַך; איך קען זיי קיין צופֿיל פֿרייד ניט צושטעלן. איך בין דאָך געווען קראַנק און דערשעפּט, מיט וואָס האָב איך זיי געקענט טרייסטן? די פּאָסט האָט אין יענער צייט, נאָך דער מלחמה, געאַרבעט שלעכט. ניט געווען קיין בריוו, אפֿילו פֿון אײַך, פֿון דער גרענעץ. מײַן טאַטע האָט געשמייכלט, ווען איך פֿלעג מיך וויצלען, אָדער אָנהויבן זינגען. קיינעם איז אין קאָפּ ניט געקראָכן, אפֿילו מיר, ביז איך האָב אויס־געבראָכן אין אַ געוויין, און געבעטן די ליבע עלטערן זיך האַלטן שטאַרק. ווי נאָר מיר וועלן עפּעס הערן פֿון מײַנע צוויי ייִנגערע ברידער — האָב איך צו זיי געזאָגט — וועלן מיר זיך לאָזן אין וועג אַרײַן צוריק קיין פּיקאָוו, אָדער גאָר קיין קיעוו. אין לעבן איז אָבער ניט אַזוי ווי דו חלומסט: אַ מענטש טראַכט און ג־ט לאַכט. אין דער צייט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט רוסלאַנד אַרויסגעפֿירט פֿיל פֿאַבריקן און זאַוואָדן, איבערהויבט פֿון דער שווערער אינדוסטריע און מיליטערישע אויסאַרבעטונגען, טיפֿער אין לאַנד, ווי ביי דער וואָלגע, אין אוראַל, טאַדזשיקיסטאַן, אוזבעקיסטאַן און אַנדערע ערטער. איך האָב געאַרבעט אין קויבישעוו, בײַ דער וואָלגע, אין אַ זאַוואָד, וואו מען האָט געמאַכט געווער, פּאַראַשוטן, און אַנדערע וויכטיקע זאַכן. מען האָט געאַרבעט 24 שעה, פֿאַרבייטענדיק איין גרופּע מיט אַ צווייטער.

קיינער איז ניט געזעסן ליידיק. יעדער האָט געפילט אַ חוב צום לאַנד, וואָס האָט געראַטעוועט אים דאָס לעבן.

## קאַפּיטל עלף

איינמאָל קום איך אַ היים פול מיט פרייד. אין דעם זאַוואָד, וואו איך האָב געאַרבעט, האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם פון דער אַדמיניסטראַציע — אַ פיינער מענטש. איך האָב אים געזאָגט אַז איך בין פון קיעוו. דער זאַוואָד האָט זיך געגרייט אומצוקערן זיך קיין קיעוו, האָט דער מאַן מיר צוגעזאָגט מאַכן פּאַפּירן אויך פאַר מיר מיט מיין משפחה, כדי מיר זאָלן קענען פאָרן קיין קיעוו. איך בין געלאָפן אַ היים מיט דער גוטער בשורה, כדי צו דערפרייען מיינע ליבע עלטערן. איך עפן די טיר און פיל אַז עפּעס איז געשען.ביידע מיט פאַרוויינטע אויגן. איך בין געבליבן שטיין אויפן שוועל מיט אַן אָפן מויל. אָן ווערטער האָט מיין פאָטער מיר צוגערוקט אַ גרויסן ברוינעם מלוכה קאָנווערט, אין וועלכן מען לאָזט אונדז וויסן, אַז ביידע ברידער זיינען געפאַלן ווי העלדן אין קריג מיטן דייטש פאַרטיידיקנדיק דאָס פאָטערלאַנד. דעם טרויער אין הויז האָט מען געקענט אָנטאַפּן מיט די הענט. די ליבע מאַמע האָט ניט אויסגעהאַלטן — זי איז געשטאָרבן די ערשטע און דער ליבער טאַטע האָט אויך דעם צער ניט געקענט איבערטראָגן, געדאַוונט, געזאָגט תהלים, געוויינט, וואָס איך האָב פריער קיינמאָל ניט געזען. אין אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער איז ער אויך געשטאָרבן".

מרדכי איז געבליבן שטיל, און די וואָס האָבן אים געהערט זיינען איינגעהילט אין טרויער, מען שווייגט. די שוועסטער שעפּטשען שטילערהייט: „זייט אונדז מוחל, טייערע עלטערן". מרדכי ווישט אויס די אויגן און דערציילט ווייטער:

„איך האָב זיך דערפילט ווי אַ קליין קינד, אַ קיילעכדיקער יתום; אָן פריינט און אָן באַקאַנטע. אין קעשעניע באַ מיר איז געלעגן די דערלויבעניש צו קומען קיין קיעוו, וואו אַהין מיין זאַוואָד האָט זיך צוריקגעקערט צוזאַמען מיטן אַדמיניסטראַטאָר. איך האָב אויך געקראָגן אַ פּאַפּיר, אַז מיין פאָטער איז שטאַרק קראַנק. ער איז שפּעטער

געשטאָרבן. נאָך די שלושים פון פאָטערס טויט, האָב איך געלאָזט מיין שטוב אויף הפקר און ניט האָבענדיק קיינעם וועמען צו זאָגן א „זיי געזונד", האָב איך גענומען מיין אַלט רענצעלע, צונויפגעלייגט א פּאָר נויטיקע זאַכן און געלאָזט זיך אין וועג אַריין קיין קיעוו. די וועגן זיינען געווען פאַרפלייצט מיט פּליטים, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט טיפער אין רוסלאַנד, יעצט, ווען פאַמיליעס זיינען געוואָרן צוזייט און צושפּרייט, האָט מען געהאָפט זיך באַגעגענען אין דער שטאָט, וואו מען האָט פריער געוואוינט. צו וועמען בין איך געפאָרן? און אויף וואָס האָב איך געוואַרט? א פונק פון האָפענונג צו זען די שטאָט, וואו איך מיט מיינע פריינט האָבן אונדזערע חלומות געוועבט וועגן ליבע צום הייליקן לאַנד פון אונדזערע אבות, און וועגן א פריי יידיש פאָלק אין ארץ־ישראל. טרערן האָבן מיך געשטיקט. וואו זיינט איר מיינע פריינט? לעבט נאָך אימעצער פון אייך? טאָקע צוליב דעם האָב איך זיך געלאָזט נאָך דער שטאָט קיעוו.

פאָרענדיק אין די אָנגעשטאָפּטע וואַגאָנען — ייד און ניט ייד — האָט מען כמעט גאָרניט גערעדט, ווי איינער זאָל מורא האָבן פאַרן אַנדערן. עס פלעגן קומען (נ. ק. וו. ד.) פּאָליציי, איבערקוקן בא יעדן די זאַכן, די פּאַפּירן, און אַמאָל צונעמען איינעם פון די פּאַסאַזשירן מיט זיך. קיינער האָט זיך ניט אַקעגן געשטעלט. איך בין געווען גליקלעך וואָס איך האָב פאַרכאַפּט א פּלאַץ לעבן פענצטער. אַקעגן מיר איז געזעסן א מיידל מיט א שיין, שטרענג, פּנים, מיט גלאַט פאַרקאַמטע, שוואַרצע האָר, און טיף פאַרטראַכטע שוואַרצע אויגן. מירביידע האָבן געקוקט דורכן פענצטער, געזען די לויפענדיקע לאַנד־שאַפטן, די פעלדער אויף וועלכע קי און פערד האָבן מעלה־גירהט. עס זיינען פאַרביי געלאָפן בערג און טאָלן, טייכן און פאַרזייטע פעלדער. אין וואַגאָן איז געווען ענג, מ'האָט זיך געשטופּט, געקריגט זיך, אָבער קיינער האָט ניט געזוכט קיין באַקאַנטשאַפט. מיטאַמאָל איז די באַן שטיין געבליבן, מען האָט אויפסניי אונטערזוכט די פּאַסאַזשירן, אַראָפּ־גענומען א פּאָר צענדליק פּאַסאַזשירן, צווישן זיי אויך מיך, און אונדז אַלעמען פאַרהאַלטן. אויפן וועג, אויף א פעלד, זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן טישן מיט ביינקלעך, ביים טיש זיינען געזעסן נ. ק. וו. ד. לייט,

און פּאָליציי. יעדער אַרויסגענומענער באַן־פּאַסאַזשיר שטייט מיט זיין רענצל און וואַרט וואָס וועט געשען. דער צוג גיט אַ פּייף און פּאָרט אַוועק. אויפן לעצטן וואַגאָן האָט איינער פון די פאַרהאַלטענע געוואָלט אַנטלויפן, ער כאַפּט זיך אָן אין הענטל און איז שוין אויף די טרעפּלאַך פון וואַגאָן, אָבער דאָ דערהערן אַלע אַ שאָס, און דער מאַן קאָלערט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, דער צוג איז אַוועק. איך שטיי אין דער ריי צום טיש, פאַר מיר שטייט דאָס מיידל, מיין שכנטע פונעם וואַגאָן. אַלע שווייגן און זיינען דערשיטערט. די מענטשן ביים טיש זיצן רואיק און קוקן פּאַמעלעך איבער די פּאַפּירן און אויך די זאַכן פון די רענצלעך. די מיידל קומט צום טיש, און איך הער ווי מ׳רופט אויס איר נאָמען: חיה ראָזענצווייג, אַ קענטלעכער נאָמען. אַמאָל האָב איך געהאַט אַ פריינט אין קיעוו מיטן נאָמען ראָזענצווייג, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין שוועסטער. מען פרעגט זי פאַרוואָס זי פאָרט קיין קיעוו? זי ענט־פערט — איך בין געבוירן געוואָרן אין קיעוו, און קיעוו איז מיין שטאָט. וואו זיינען דיינע עלטערן, משפחה? — איך ווייס ניט, די מלחמה האָט אונדז צעשיידט. וואָס האָסטו געטאָן אין צייט פון קריג? — געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון קיעוו, כ׳בין אַ בוכהאַלטערין. דער סוף — דאָס מיידל לאָזט מען פריי. אָבער בא מיר קוקט מען שוין מער אין די פּאַפּירן און אין די פּאָר זאַכן. מען הייסט מיר זיך מעלדן אין קיעוו אין אָפּיס פון דער נ. ק. וו. ד. מען פאַרשרייבט עפּעס, און ווידער שטיי איך לעבן דער מיידל, מען וואַרט אויף אַ דורכגייענדיקן צוג. מענטשן זעצן זיך צו אויף דער ערד, ווער עס לייענט אַ צייטונג, ווער אַ בוך, איך בין אַזוי נערוועז געוואָרן. זאָל איך פרעגן דאָס מיידל אויף מיין פריינט, וואָס טראָגט איר נאָמען? אפשר איז זי גאָר אַ „קאָמסאָמאָלקע", און זי וועט זיך באַקלאָגן ביים טיש? עס ווערט מיר קאַלט און היים. נאָכאַלעמען, טראַכט איך, וואָס האָב איך דאָ מורא? וואָס האָב איך צו פאַרלירן? איך האָב קיינעם ניט אויף דער וועלט, און קיינער דאַרף מיך ניט. איך לייג צונויף די צייטונג וועלכע איך לייען סייווייסיי ניט, און איך פרעג: „חבר׳טע ראָזענצווייג! אַנט־שולדיקט מיר, איך בעט אייך. האָט איר געוואוינט אויף פּאָדאָל? און איך רוף אָן אַ גאַס. דאָס מיידל טראַכט, מסתמא בין איך אַ שפּיאָן, און זי ענטפערט: מיר האָבן דאָרט קיינמאָל ניט געוואוינט. ניט

געטראָפּן, ווייזט אויס, אָדער זי האָט מורא זיך אויסצוגעבן ווער זי איז. איך האָב געפּרואווט אויסרעכענען וויפיל קען דאָס מיידל אַלט זיין, און אפשר איז זי גערעכט — אַ נאָמען מיינט גאָרניט. אָבער אין מיר האָט ווי עפּעס אויפגעוואַכט: און ווידער זע איך ווי אין דמיון מיינע חברים, מיינע שבתים און יום־טובים אין קיעוו אַמאָל, דאָס פאַרברענגען צו־זאַמען אין געזאַנג און האָפענונגען אויף בעסערע צייטן.

איך געדענק ניט ווען דער צוג איז אָנגעקומען. עס איז, צופעליק, ווידער אויסגעקומען אַזוי צו זיצן פונקט אַנטקעגן דער יונגער מיידל. עס איז געוואָרן נאַכט, מענטשן זיינען איינגעשלאָפן שטייענדיק, אָדער ליגענדיק. דער צוג איז יעצט געפאָרן שנעל, און דער רויש פון די רעדער האָט ווי גערעדט צו מיר: שטעל איין! פרעג נאָכאַמאָל! וואָס האָסטו וואָס צו פאַרלירן? איך בויג צו מיין קאָפּ צום פענצטער וואו חיה ראָזענצווייג איז געזעסן, און גיב אַ זאָג: „איך האָב געהאַט אַ ליבן פריינט", און איך רוף אָן זיין נאָמען, דעם נאָמען פון זיין פאָטער און מוטער, — „איך האָב ניט קיין מורא, פריילין, איר קענט גיין און דערציילן דער (נ.ק.וו.ד.) פּאָליציי. מיין פריינט לייזער איז געווען אַ מענטש מיט אַ שיינער נשמה, ער האָט תמיד פאַרמאָגט גאָר געהויבענע געדאַנקען. אַ פריילעכער, אַ גוטער חבר געווען. איך פלעג קומען צו אים אַ היים, און אויך צו אַנדערע פריינד, אָבער איך האָב אַלעמען פאַרלוירן און זיך אויך, דערפאַר אַרט מיך ניט וואָס איך האָב אייך דערציילט, אַ ווילד פרעמדער". איך בין איינגעשוויגן געוואָרן און אָפּגעווישט דעם שוויים פון שטערן.

## קאַפּיטל צוועלף

דאָס מיידל איז געשטאַנען און געקוקט אין פענצטער, פונקט ווי זי האָט ניט געהערט וואָס איך רעד. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין ווענטל פון וואַגאָן, פאַרמאַכט האַלב מיינע אויגן און באַטראַכט נאָכ־אַמאָל דאָס מיידל. זייער אַ שטאָלצע, אַ שיינע מיט אַ שיינער פיגור — וואָס האָב איך זיך אָנגעזעצט אויף איר — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אפשר האָט זי טאַקע מורא פאַר מיר צו דערציילן ווער זי איז. עס איז מיר פלוצלונג פריילעכער געוואָרן. איך האָב אָנגעהויבן פרעגן זיך

אַליין: מרדכי, וואו קריכסטו? ווער דאַרף דיך? האָסט דערזעען אַ שיינע מיידל, טראַכסטו אַז מען וויל מיט דיר רעדן? כאַפּ אַ קוק אויף זיך, דו פּאַליטיש פאַרשיקטער. צו ווּעמען פּאַרסטו, און וואָס וויל די נ. ק. וו. ד. פון דיר? דער שלימזל גייט דיר נאָך, און דאָ ביסטו גאָר געוואָרן סענטימענטאַל: האָסט זיך דערמאָנט אין אַמאָליקע גוטע צייטן מיט די טייערע געטרייע פריינט. אך! וואָס איך בין דאָס פאַר אַ נאַר, און אַלעס צוליב אַ נאָמען ראָזענצווייג!

איך האָב זיך אויפגעשטעלט, צוגעשטעלט מיין צופלאַמט פּנים צום פענצטער און ווידער זע איך אין דמיון פאַרביילויפן פנימער פון אַמאָל. און אָט קומט די באַן אָליץ נעענטער קיין קיעוו. דאָס האַרץ מיינס קלאַפּט. צו וועמען קום איך, און ווער וועט מיך אויפנעמען? די פּאַסאַזשירן האַלטן די רענצלעך, כאָטש עס איז נאָך זיכער אַ האַלבע שעה ביז מיר וועלן אָנקומען אין שטאָט. און אָט בלייבט דער צוג שטיין פלוצעם, און ווידער קומען אַריין אין די וואַגאָנען די נ. ק. וו. ד. פּאָליציי דורכצוקוקן די פּאַפּירן. דאָס מאָל איז עס שוין היימישער. דער קאָנדוקטאָר נעמט צו די בילעטן. איך כאַפּ נאָך איינמאָל אַ קוק אויף דער מיידל. זי שמייכלט צו מיר מיט צוויי פריילעכע פייערלעך אין די אויגן און אַ חן גריבעלע אין דער לינקער באַק. — „קומט מיך זעען אין „דאָרמיטאָרי” פון מיידלעך פון אַ געוויסן פאַבריק אין קיעוו. איך בעט גייט מיר ניט נאָך ”,און זי פאַרשווינדט פון מיינע אויגן.

אַלע פּאַסאַזשירן זיינען זיך שוין צוגאַנגען און איך שטיי און טראַכט: איז דאָס אַ חלום — אָדער וואָס? אויף וועמען וואַרט איר, חבר? האָב איך גיהערט אַ שטים און דערזען אַז נ. ק. וו. ד. מאַן לעבן זיך. איך האָב זיך אַנטשולדיקט, געוויזן אים מיינע פּאַפּירן און געפרעגט זיך אויף דעם זאַוואָד וואו איך וועל אָנקומען אַרבעטן. אָנגעקומען אויפן פּלאַץ האָט מען מיך אַריינגעפירט אין וואַרט־זאַל, ערגעץ געקלונגען און דערלויבט איבערצוזיצן די נאַכט ביז מען וועט עפענען דעם זאַוואָד. איך בין געווען אַ גוטער אַרבעטער אין קווּבישעוו אויף דעם זאַוואָד. מיט דער רעקאָמענדאַציע פון איינעם פון דער אַדמיניסטראַציע אין קויבישעוו, האָט מען מיר געגעבן אַרבעט, באַזאָרגט מיט אַ „דאָרמעטאָרי”, ווייל איך האָב ניט געהאַט וואו וואוינען. אָפּ־

געאַרבעט אַ וואָך, האָב איך קוים דערוואַרט מיין רו־טאָג, דאַן בין איך אַוועק אויפזוכן דאָס מיידל חיה ראָזענצווייג. איך גיב צו, אַז איך האָב פאַרגעסן אין אַלע מיינע צרות, און איך האָב געהאַט איין פאַרלאַנג איצט: אויפצוזוכן אימעצן פון אַמאָליקע גוטע צייטן. איך האָב זיך אַליין געוואָרנט ניט פאַרליבן זיך אין דעם מיידל. זי איז יונג און שיין, אינטעליגענט, איך בין אַ פּראָסטער אַרבעטער, אָבער דאָס האַרץ האָט ניט געוואָלט פאָלגן. איך האָב זי באַגעגנט ניט ווייט פון איר „דאָר־מעטאָרי" לעבן אַ באַס־סטאַנציע. זעט אויס, אַז זי האָט אויף מיר געוואַרט. מיר האָבן זיך באַגריסט ווי אַלטע באַקאַנטע. איך האָב געפרעגט צי זי וואַרט שוין לאַנג אויף מיר, און זי האָט געענטפערט: עס מאַכט ניט אויס. מיר זיינען געגאַנגען איבער די גאַסן לענגאויס דעם פּאַרק אויף קאַראַלענקאַ. מיר זיינען געגאַנגען און דערמאָנט זיך די אַמאָליקע קיעוו, אַן אויסגעפּוצטע, מיט שיינע ביימער און בלומען. יעצט איז קיעוו געווען פאַרסמאַליעט פון רויך. דאָ און דאָרט פאַר־ברענטע הייזער. מענטשן פאַרכמורעטע, אַריינגעטאָנענע אין זיך. מיר זיינען געפאָרן מיטן „פוניקוליאַר" — אַ מאַשין וואָס העלפט אַראָפּ ברענגען און אַרויפברענגען מענטשן פון וולאַדימערסקי באַרג אויף פּאָדאָל. זי האָט מיר דערציילט אַז זי האָט געקענט אַזאַ משפחה ביים נאָמען ראָזענצווייג, אָבער זי האָט זיי ניט געזען פון דעם טאָג, ווען מען האָט עוואַקואירט קיעוו. מיר זיינען געגאַנגען אויף אַדרעסן, וואָס איך האָב געדענקט. מיר זיינען צוגעקומען צו אַ הויז, און ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָט אַ גויע געעפנט די טיר און מיט רוגזה געפרעגט וועמען זוכט איר? מיר האָבן געקויפט בייגל מיט קעז, און איבערגעכאַפּט דאָס האַרץ, זיצענדיק אין פּאַרק. ביידע זיינען מיר געווען דערשלאָגן. איך האָב געבעטן אַנטשולדיקונג, וואָס איך פיר איר אַרום אַ גאַנצן טאָג, זוכענדיק מיינע אַמאָליקע פריינט. זי האָט געשמייכלט און מיר פאַרזיכערט, אַז זי האָט הנאה מיטצוגיין מיט מיר. ביים געזעגענען זיך האָבן מיר אָפּגערעדט זיך ווידער טרעפן אין אַ רו־טאָג אין דער זעלבער צייט ווי היינט. איך בין ווי יינגער און פול מיט האָפענונגען. כ'האָב ממש צוגעקראָגן כחות, טראַכטנדיק פון מיין נייער פריינדין. איך האָב געאַרבעט פאַר דריי. אַלעם האָט אין מיר געזונגען. בין איך פאַרליבט? אין וועמען? ווער איז זי? אפשר אַ

שפּיאָנקע, וואָס גייט מיר נאָך? מיך האָט גאָרניט געאַרט. איך האָב אַוועקגעשריבן אין אַדרעסן ביוראָ און זיך נאָכגעפרעגט אויף דער משפּחה ראָזענצווייג. מען האָט מיר געענטפערט — זיי וואוינען אויף אַן אַנדער אַדרעס. וועגן אַנדערע פריינט האָב איך נאָך מורא געהאַט צו פרעגן. קיעוו איז ווי שענער געוואָרן. מען האָט געראַמט און געקערט די גאַסן, פאַרריכט צובראָכענע הייזער, אויפגעשטעלט נייע, וואו באָמבעס אָדער „סנאַריאַדן" האָבן צעשמעטערט וואוינונגען.

ביי דער צווייטער באַגעגעניש מיט חיה'ן, האָב איך שוין געוואָרט אויף איר — ניט זי אויף מיר. מיר האָבן זיך געגעבן די הענט, געפרעגט ווי ווער עס פילט, און איך האָב אויסגעשאָסן מיט מיין נייעס, אַז איך האָב געפונען אַן אַדרעס פון אַ פאַמיליע ראָזענצווייג, אָבער ווער זיי זיינען ווייס איך ניט. אפשר וויל זי מיטגיין זיי אויפזוכן? זי איז געוואָרן בלייך אין פּנים, אָבער גאָרניט געזאָגט. מיר זיינען געגאַנגען מיט קלאַפּענדיקע הערצער, געבליבן שטיין שפּעטער בא דער טיר פון אַ שטיבל אין אַ זייטיק געסל. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין טויער און געבעטן ביי ג־ט עס זאָל זיין מיין פריינט — איך האָב אפילו ניט באַמערקט דאָס מיידל, וואָס איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו מיר. ענדליך האָב איך אָנגעקלונגען אין טיר. אַ פּנים האָט זיך באַוויזן אין פענצטער, נאָכער האָט אימעצער געעפנט די טיר. אַ ייד מיט אַ גרויער באָרד איז שטיין געבליבן: „וואָס פאַרלאַנגט איר?" — האָט דער ייד געפרעגט אין רוסיש — „הער ראָזענצווייג, האָב איך געזאָגט אין יידיש, האָט איר געהאַט אַ זון לייזער?" דער ייד האָט געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכער האָט ער מיך געבעטן אַריינקומען. מיר זיינען אַריין אין הויז. אַן עלטערע פרוי האָט געווישט מיט אַ שמאַטע דעם טיש, זי האָט געפרעגט: „ווער איז דאָרט?", און ניט קריגענדיק גלייך קיין ענטפער פון מאַן, האָט זי זיך האַסטיק אַ קער געטאָן און געבליבן זיצן אויפן ביינקל. מרדכי! מרדכי! האָט דער ייד איבערגעחזרט. ער ווישט זיינע אויגן און שעפּטשעט: „ג־טעניו, ג־טעניו, גיב אונדז כּוח". חיה'לע קושט איר פאַטער און מוטער. מרדכי ווישט אַ טרער. אַזאַ מעשה! מען דאַנקט ג־ט פאַרן נס, וואָס די טאָכטער האָט זיך געפונען. מען האָט זיך פאַרלוירן ביים עוואַקואירן. דריי קינדער פאַרלוירן —

דער עלצטער לייזער — זיי ווייסן ניט וואָס עס איז מיט אים געשען. די טאָכטער האָט זיך ב״ה יעצט געפונען, דער יינגערער זון איז געפאַלן אין דער מלחמה.

דאָ הייבט מרדכי אָן צו דערציילן, וואָס מיט אים איז געשען, און וועגן זיין באַגעגעניש מיט זייער טאָכטער חיה׳ן. — „פאַרוואָס ביסטו ניט געפאָרן מיט דיינע שוועסטער ווי אַ פּוילישער?״ — פרעגט דער פאָטער ר׳ יוסף ראָזענצווייג. מרדכי דערקלערט אַלץ. דערציילט וועגן טויט פון זיינע עלטערן. די פרייד פון דער געפונענער טאָכטער האָט ווי אויפגעלעבט די צוויי אַלטישקע טאַטע־מאַמע.

דערווייל מוז חיהלע גיין אין „דאָרמיטאָרי״, אָבער נאָך די וואָך וועט זי זיך אַריינקלייבן צו די עלטערן אין שטוב. אויך איך האָב צו־געזאָגט צו קומען.

איך האָב נאָך טעג זוכן אין שטאָט, קיינעם פון מיינע אַמאָליקע פריינט ניט געפונען. איך האָב דערזעען, אַז חיהלע איז זייער אַ שיינע און איז אַלעמאָל אַרומגערינגלט מיט פריינט און בחורים. אין האַרצן האָב איך געוואוסט אַז איך האָב זי ליב און קען אָן איר ניט זיין, אָבער ס׳איז ווי אַ וואַנט וואָלט געשטאַנען צווישן מיר און איר. אַלע־מאָל האָט מען איר געבראַכט בילעטן אין טעאַטער אָדער קינאָ. זי האָט געזונגען און געטאַנצט, געביטן אירע פאַרערער אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק. זי האָט מיך ניט באַמערקט. איך האָב מער ניט געפילט ווי צו קומען צו זיי. קיינער קען זיך אַזוי פיל מוסר ניט זאָגן, ווי אַ מענטש זיך אַליין. חיהלע איז יונג און שיין. האָט אַ היים, אַ סך פאַרערער. וואָס דאַרף זי מיך אַזאַ אָפּגעשטאַנענעם אַלטן בחור. און טאַקע — חיהלען איז דאָ אין קיעוו גוט, אָבער מיך ציט צו פאָרן קיין ארץ ישראל. איך ווייס, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, וועל איך איינלייגן וועלטן צו דערגרייכן מיין חלום אָנצוקומען אין הייליקן לאַנד.

## קאַפּיטל דרייצן

איינמאָל, שבת בייטאָג, בין איך געקומען צו די ראָזענצווייגס, ווען זיי האָבן נאָך געגעסן. אַלע דריי זיינען געזעסן ביים טיש. מען האָט זיך דערפרייט מיט מיר און געפרעגט די אורזאַך וואָס מען האָט

מיך שוין לאַנג ניט געזען. זיי האָבן פאַר מיר גוטע נייס. לייזער האָט זיך אָפּגעזוכט, ער איז אין ארץ־ישראל, און נאָך אַ פּאָר פון זיינע פריינט, זיי זיינען געפאָרן מיט די פּוילישע יידישע פּליטים. ער פרעגט זיך נאָך צי מיר ווילן קומען קיין ארץ־ישראל און זיין צוזאַמען. ער פרעגט זיך אויף זיינע פריינט. צו זיינען מיר אַלע געזונט, ער ווייסט ניט וועגן זיין געפאַלענעם ברודער. דאָ האָב איך אַ זאָג געטאָן, אַז איך קלייב זיך פאַרלאָזן קיעוו, איך זוך אַ מעגליכקייט צו פאָרן קיין רומעניע. איך בין גליקלעך צו הערן, אַז לייזער לעבט, און אַז מיינע נאָענטע חברים זיינען אין ארץ־ישראל. ווער ווייסט, אפשר וועל איך זיך נאָך אַמאָל דערשלאָגן צו זיי. ר׳ יוסף ראָזענצווייג וויל וויסן, וואָס איך בין אין אַזאַ טרויעריקן שטימונג. פילייכט פיל איך ניט גוט? איך האָב געענטפערט אַז איך בין געזונט. איך וועל נאָך אפשר קומען זיך געזעגענען. חיהלע האָט מיך צוגעפירט צום טיר, און באַם געזעגענען זיך האָט זי געפרעגט צו איך קען זי זען אין איר פרייען טאָג לעבן דער „דאָרמעטאָרי". איך האָב געפרעגט איז עפּעס געשען? האָט זי געענטפערט — גאָרניט וויכטיקס. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט זיך דערטראַכטן וועגן וואָס חיהלע וויל מיט מיר רעדן. און ווידער, ווי אין די טעג פון ערשט קומען קיין קיעוו, האָב איך מיט חיהלען זיך באַגעגנט. מיר האָבן זיך באַגריסט. עפּעס איז געשטאַנען צווישן אונדז. קיעוו האָט באַקומען אַ בעסערן אויסזען. די שטאָט האָט זיך אַרומגעוואַשן. דיביימער און בלומען גיבן אַרוים פרישע פרילינג — ריחות. די לופט איז פרילינגדיק. און פול מיט לעבן איז אַלץ אַרום. די צענטראַלע גאַס פון קיעוו איז איבערגעבויט און זעט אויס נאָך שענער ווי פאַר דער מלחמה. מיר גייען זייט באַ זייט און רעדן זייער ווייניק. מען קוקט אין די שיין־אויסגעשטעלטע פענצטער פון זאַכן, בילדער און אַנדערע אַרטיקלען צום פאַרקויפן. חיהלה פרעגט: „ווי געדענקט איר קרעסטשאַטיק פאַר דער מלחמה?" איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט: „איך האָב קיעוו זייער ליב געהאַט, ווייל אַלע מיינע פריינט האָבן דאָ געוואוינט און געחלומט וועגן אַ בעסערן לעבן". חיהלע געדענקט אירע ברידער און זייערע פריינט. זי איז שוין דאַן געווען אַ מיידל פון 16 יאָר, באַ זיי אין הויז איז אַלעמאָל געווען פריילעך, אָבער איר האָט מען ניט באַמערקט, ווייל אַלע האָבן געמיינט

זי איז אַ קינד. זי איז זייער גליקלעך, וואָס לייזער איר ברודער געפינט זיך אין ארץ־ישראל. ער האָט דערגרייכט צו וואָס ער האָט געשטרעבט. אַזוי האָבן מיר שפּאַצירט, געשמועסט, ביז מיר זיינען צוגעקומען ביז דעם וולאַדימערקי בערגל, דאָ זיינען פאַראַן בענק צום זיצן. ווען דו זיצט מיטן פּנים צום דניעפּער, זעסטו פילע שיפלעך און בליץ־שיפן. דו זעסט די אונטערשטע שטאָט פּאָדאָל, און אויך שפּאַצירענדיקע פּאָרלעך. מיר האָבן זיך ביידע געזעצט, ווי אָפּגערעדט. איך נעם אַרויס אַ פּעקעלע אָפּגעשיילטע ניס, קאָנפעטן און דערלאַנג חיהלען. זי דאַנקט מיר און פּלוצלונג פרעגט זי: פאַרוואָס באַמערק איך זי נישט, זי איז דאָך אַ מיידל. זי וויל ניט איך זאָל זיין צו איר ווי אַ ברודער. פאַרוואָס רוף איך זי ניט אין טעאַטער אָדער קינאָ. פאַרוואָס?... פאַרוואָס?... איך קען ניט רעדן. מיינע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן ריידן פאַר זיך אַליין. אָבער, חיהלע, באַרואיק זיך, איך בעט דיך, און איך גלעט איר האַנט, איך בין אויך נאָר אַ מענטש. איך ווייס ווער איך בין און ווער דו ביסט. איך קען זיך ניט פאַרגלייכן מיט דיינע פאַרערער. איך האָב דיך צופיל ליב, איך זאָל וועלן צושטערן דיין לעבן. מיר האָבן באַזונדערע באַרופן. איך שטרעב נאָך אַמאָל קומען צו מיין אויסגעבענקטן לאַנד. דו ביסט ב"ה צופרידן מיט דיינע עלטערן און דיין לעבן אין קיעוו. דו ביסט באַשאָנקען מיט שיינקייט, אינ־טעלעגענץ, איך בין אַ פּרומער בחור, אַ פּראָסטער אַרבעטער, ווי קען איך טראַכטן וועגן דיר מער, ווי אַ שוועסטער פון מיין ליבן פריינט?

חיהלע שפּאַרט אָן איר שיינעם קאָפּ אויף מיין אַקסל. אירע אויגן זיינען פול מיט טרערן, און זי שעפּטשעט: אוי מרדכי, מרדכי... דו ביסט בלינד, דו זעסט ניט אַז איך ליב נאָר דיך, מיר געפעלן קיינער פון די פּוסטע בחורים. איך ליב דיך פון ערשטן טאָג פון אונדזער באַגעגעניש. איך האָב אַלעס געטאָן דיך אויפצוועקן, דו זעסט מיך ניט. מרדכי! אויב אפילו דו ליבסט מיך ניט, בעט איך דיך, טו מיך איינמאָל אַ קוש ווי אַ מיידל, אַ געליבטע מיידל, ניט ווי אַ שוועסטער פון דיין פריינט. איך נעם איר אַרום און מיר צוקושן זיך מיט פאַר־מאַכטע אויגן, און ווען מיר האָבן זיך אָפּגעריסן, האָבן מיר זיך געשעמט, ווי איינער דערציילט דעם צווייטן אַ פאַרבאָרגענע זאַך.

איך גלעט אירע האָר און באַקן, איך רעד צו איר שטיל און איבער־צייגענדיק: חיהלע! איך האָב דיך ליב מער ווי אַלעם אין דער וועלט! איך בין עלענד און איך האָב קיינעם ניט, און דאָך בעט איך דיך — פאַרגעס מיך. איך טויג ניט פאַר דיר, איך האָב דיר גאָרניט וואָס צו געבן, איך בין קראַנק מיט אַ נאָמען פון אַ פּאָליטישן פאַרשיקטן. איך בין אָרעם אין געלט און אין לערנען. איך בין עלטער פון דיר — פאַרגעס מיך, טייערע. זי וויינט און שעפּטשעט — דו ביסט רייך אין גייסט. איך וועל גיין מיט דיר צו דיין אויסגעחלומט לאַנד. חיהלע שמייכלט און דאָס חן־גריבעלע באַשיינט איר לינקע באַק. זי בעט מיך איך זאָל איר דערציילן וועגן דעם לעצטן ל״ג בעומר, ווען מען האָט מיך און אַלע מיינע פריינט געכאַפּט און אַרעסטירט. איך דערצייל, און זי הערט. און אָט בלייב איך שטיל.

טייבעלעך קומען צו דער באַנק, און חיהלע וואַרפט זיי קליינע שטיקעלעך ניס. איך הייב אָן ווידער דערציילן וועגן אונדזער אַרויספאָר אין וואַלד, וועגן דעם טאָג וואָס קיינער פון מיינע פריינט וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן. וועגן די שיפלעך אויפן דניעפּער און דאָס געזאַנג, וואָס האָט אונדז אַלעמען אַזוי נאָענט צוגעבונדן. איין ליד האָבן מיינע שוועסטערלעך זייער געגליכן. איך קוק זיך אַרום — קיינעם זעט מען ניט. חיהלע בעט: מרדכי! זינג פאַר מיר דאָס ליד, וואָס מיר אַלע האָבן אַזוי ליב געהאַט.

איך זינג שטיל מיט אַ ווייכן קול, דאָס ליד: „דער חדר״.

אַ קינד בין איך אין חדר אַריין.<br>
דער רבי האָט מיט מיר געלערנט גאַנץ פיין;<br>
— הער זיך צו, הערשעלע, מיין קינד —<br>
די תורה, מיין תלמיד, וואָס דו לערנסט אַצינד.

אַז דו וועסט אַמאָל אַוועק פון דער היים,<br>
זאָלסטו זיך, הערשעלע, דערמאָנען,<br>
וואָס דער רבי האָט דיך געלערנט<br>
פון דער הייליקער תורה,<br>
וואָס איז פאַר דיר די בעסטע סחורה.

און דאָ פלעגט די גאַנצע חברה — בחורים און מיידלעך אונטערכאַפּן:

דעם חדר וועל איך גוט געדענקען
איך ליב דעם חדר פון געבוירן אָן
און אַז איך דערמאָן זיך —
הייב־איך אָן שטאַרק צו בענקען
צום חדר פון מיין געבוירן אָן.

און ווידער זינג איך פאַר זיך אַליין:

— „היינט אַז איך קום אין חדר אַריין
אין רבין דערקען איך, אַז דאָס איז ניט מיין
דער רבי ער שלאָגט ער שמייסט מיך גאַנץ שווער
און איך בין אין חדר אַ פרעמדער, אַ גר
און איך זיץ און טראַכט כסדר
וואו נעמט מען דעם אַמאָליקן חדר".

## קאַפּיטל פערצן

איך קוק אויף היהלען און זאָג: דו ווייסט טייערע, איך בענק שטאַרק נאָך מיינע שוועסטער און שוואָגערס, איך האָב זיי שטאַרק ליב געהאַט. איך רעד און דערצייל, ווי אַ קוואַל וואָלט זיך אין מיר געעפנט, ביז איך כאַפּ זיך, אַז היהלע האָט גאָר איינגעדרעמלט, אָנ־שפּאַרנדיק איר קאָפּ אויף מיין אַקסל. איך בעט ג־ט, ער זאָל מיר געבן כוח זיך צו שיידן. איך כאַפּ אַ קוק אויפן האַנט זייגער — עס איז שוין 8 אויפדערנאַכט. די עלטערן קענען זיך ערגערן. זי איז אַ גאַנצן טאָג אַ היים ניט געקומען, און אויך ניט געגעסן. דער פּלאַץ איז יעצט פול מיט מענטשן. דער הימל באַדעקט מיט שטערן, וואָס שפּיגלען זיך אין וואַסער פון דניעפּער, אויך לעמפּלעך שיקן זייערע שטראַלן. איך טו אַ קוש היהלען אין שטערן, זי וועקט זיך איבער און שעמט זיך, וואָס זי איז איינגעשלאָפן. איך טו איר אָן מיין רעקל, ווייל אין דרויסן איז קיל געוואָרן. מיר גייען איבער די ליכטיקע גאַסן

פּאַרטראַכטע, אומעטיקע. „זאָג מרדכי דעם אמת" — זאָגט חיהלע — „דו האָסט מיך טאַקע ניט ליב? איך בין געווען די ערשטע דיר צו זאָגן אַז איך האָב דיך ליב". איך קוועטש שטאַרק חיהלעס האַנט און זאָג: „דו ביסט אַ טייער ערלעכע יידישע טאָכטער, איך פאַרגעטער דיך". — זיינען מיר פריינט ניט נאָר אויף היינטיקן טאָג?" — בעט זיך חיהלע. איך בעט זי זיך באַטראַכטן, אויב זי האָט ניט קיין חרטה, דעמאָלט... און פּלוצלונג ווער איך אומעטיק. איך דערמאָן זיך אירע עלטערן. וואָס דאַרפן זיי מיך? זי קען טאָן דעם שענסטן שידוך. זי באַרואיקט מיך. מיר צעקושן זיך און מיר זאָגן צו איינער דעם אַנדערן געדענקען און טרעפן זיך אין גיכן.

אַ גאַנצע וואָך האָב איך חיהלען ניט געזען. איך ליב און בין געליבט. איך גלויב זי, די שיינע, שטאָלצע, מיין אויסדערוויילטע! אָבער וואָס וועלן זאָגן אירע עלטערן? און ווי מאַכט מען יעצט פּלענער? איך מוז פאַרזעצן מיין קאַמף און קומען קיין ישראל. דאָס איז מיין שטאַרקסטער וואונטש! איך קען זיך ניט העלפן. עס לויפט מיר דורך אַ געדאַנק: אויב די עלטערן וועלן איינשטימען, זאָלן זיי זיך באַזעצן אין רומעניע. דורך באַקאַנטשאַפט און געלט וועלן זיי זיך אויך קענען דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל. רומעניע הייסט דאָך אויך רוסלאַנד, און פון דאָרטן וועט אפשר לייזער זיי שיקן פּאַפּירן, וועלן זיי נאָך ביים לעבן זיין אין ישראל.

מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ האָב איך שבת אָנגעקלאַפּט אין טיר פון די ראָזענצווייגס. חיהלע האָט געעפנט די טיר, פאַרפלאָכטן די הענט אַרום מיין האַלדז און אַ הייסן קוש געטאָן. טאַטע־מאַמע זיינען געשטאַנען און געשמייכלט. מען האָט זיך געקושט און מזל־טוב זיך אָפּגעגעבן איינער דעם אַנדערן. דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן! מיר האָבן פּלאַנירט און באַשלאָסן אַז דער ערשטער זאָל איך פאָרן, און איידער איך פאָר זאָל איך און חיהלע זיך פאַרשרייבן אין „זאקס", אָבער חתונה האָבן וועלן מיר אין רומעניע. אַזוי האָבן מיר געטאָן. דורך מיין פריינט, דעם אַדמיניסטראַטאָר, האָב איך געקראָגן פּאַפּירן צו פאָרן קיין קישענעוו, רומעניע, זען מיין ליבן פאָטער, וועלכער איז דאָרטן קראַנק. דאָס געזעגענען זיך איז געווען

שווער, ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך זען. עס זיינען געגאַנגען בריוו פול מיט ליבע און בענקשאַפט, און אַט איז געקומען דער בריוו פון חיהלען: טאַטע־מאַמע און איך קומען צו דיר. אַט זיינען זיי געקומען בשלום, און מיר האָבן חתונה געהאַט אין קישענעוו, וואו אין אַ יאָר אַרום איז בא אונדז געבוירן געוואָרן אַ טעכטערל בעלא, אַ נאָמען נאָך אונדזער מוטער ע״ה. מיר האָבן געקראָגן פון לייזערן וויזעס און מיט דער הילף פון פריינט בין איך דאָ אין מיין אויסגע־חלומט לאַנד, וואו אַהין איך האָב מיין גאַנץ לעבן געבענקט צו זיין. מיין ליבע חיהלע האָט מיר אויך אַ זונעלע געבוירן — סענדער, נאָכן נאָמען פון פאָטער ע״ה. מיר וואוינען אַלע צוזאַמען, אירע עלטערן און מיר. מיר זיינען זייער גליקלעך. איר ברודער לייזער האָט ניט חתונה געהאַט, ער איז פאַרנומען מיט מלוכה זאַכן. מיר זעען זיך פון צייט צו צייט.

מרדכי דערציילט וויטער: איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך, מיינע טייערע, און איך האָב אייך ניט געפונען ניט אין אַמעריקע און ניט אין ישראל. עפּעס זייט איר יאָ געווען און ניט געוואָרן. ווי איר זעט, האָב איך אַ קלייטל פון געטראַנקען. דאָס האָבן מיר פריינט געלט אַנטליען. מיט איין קוק האָב איך אייך באַלד דערקענט, אָבער שפּעטער האָב איך שוין געמיינט אַז איך האָב זיך טועה געווען... דאָך, פאַרוואָס זאָל גאָר חלש'ן אַ פרעמדע קונהטע? מען האָט זיך נעענטער באַקענט איינער מיטן אַנדערן. אַלע האָבן געוואוסט וועגן מרדכין און זיינע חלומות אַנצוקומען אין ארץ־ישראל.

שלומס בר־מצוה איז יעצט געוואָרן אַ טאָפּלטע שמחה. דאָס געפינען דעם ליבן ברודער מרדכי מיט זיין פאַמיליע, האָט די משפּחה געמאַכט גרעסער און די שמחה פרייילעכער. דעם לעצטן אויפדערנאָכט פאַר דער בר־מצוה האָט דער זיידע ר׳ יצחק אַרויסגענומען אַ גאָלדן שליסעלע פון זיין בוזעם קעשענע און געבעטן שלומ׳ן ברענגען דאָס חנוכה־לעמפּל. די גאַנצע משפּחה האָט אַרומגערינגלט דעם זיידן מיט דעם אייניקל. דער זיידע האָט געעפנט דאָס ווענטל פון דעם חנוכה־לעמפּל, אַרויסגענומען דעם קאָנטראַקט פון אַדאָפּטירטן קינד, די צוואה און אַ קליין פּעקעלע פאַרוויקלט אין אַ פּאַפּיר. אויף אַ גאָלדענע קייט

איז געהאַנגען אַן עמבלעם פון די חשמונאים פון מתתיהו כהן גדול מיט זיינע פינף זין, יהודה המכבי און די אַנדערע ברידער, וועלכע האָבן אַמאָל געוואוינט אין דעם היסטאָרישן דאָרף מודיעין. אויך איז אין דעם פּעקעלע געווען אַ פּאָר גאָלדענע אוירינגלעך מיט דעם זעלבן עמבלעם. די דריי היסטאָרישע זאַכן, ווי דאָס חנוכה־לעמפּל, דער עמבלעם פון די חשמונאים און די אוירינגלעך ווערן איבערגעגעבן פון דור צו דור. דער זיידע דערציילט, אַז מיט דעם עמבלעם איז פאַרבונדן אַ לעגענדע. מען זאָגט, אַז מיר קומען אַרויס פון די חשמונאים. ווער ווייסט? אָבער די לעגענדע דערציילט, אַז איינער פון אונדזער משפּחה איז אַמאָל געפאָרן צו די קברים פון די חשמונאים, אויפן האַלדז האָט ער געטראָגן אָט דעם עמבלעם, עס איז געווען צווישן מנחה און מעריב. דער מאַן איז געשטאַנען פאַרטראַכט און געקוקט אויף די קברים פון די מכבייער. דאָס איז כמעט אויפן גרענעץ צווישן ישראל און ירדן. פון די געדיכטע אַלטע בוימער, פון גרענעץ, וואו עס זיינען געשטאַנען די אַראַבישע לעגיאָנערן, איז צוגעלאָפן צו אים אַן אַראַבער און געוואָלט אים פאַרשלעפּן אין געפאַנגענשאַפט. אונדזער משפּחה־מענטש איז געווען אַ גבור, אָבער ער האָט ניט געהאַט מיט זיך קיין געווער, האָט ער געמוזט זיך אונטערגעבן. מיטאַמאָל נעמט ער אַראָפּ דעם עמבלעם און זאָגט: לייען! איך בין אַ מכבייער און באַלד וועלן מיינע ברידער אַרויס פון די קברים און דיך טויטן. דער אַראַבער האָט זיך דערשראָקן און מיט אַ ווילדן געשריי געלאָפן צו זיינע פריינט, אונדזער משפּחה־מענטש איז דערווייַלע געראַטעוועט געוואָרן, ער איז אַנטלאָפן און קיינער האָט אים ניט נאָכגעיאָגט. דער זיידע שמייכלט. ער פאַרשטייט אַז דאָס איז לעגענדע, אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, זיינען די דריי חפיצים זייער טייער בא דער משפּחה, און זיי זיינען איבער־געגאַנגען בירושה פון דור צו דור.

דער זיידע ווייזט, אַז אויף דער דרויסענדיקער וואַנט פון דעם חנוכה־לעמפּל איז אויך דאָ דער זעלבער עמבלעם. יעצט פאַרשטייען אַלע, פאַרוואָס דאָס לעמפּל איז דעם זיידן אַזוי טייער. ער גיט דאָס ווידער איבער צו שלומ׳ען און בעט אים דאָס היטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אַלע דאַנקען דעם זיידן פאַר די שיינע משפּחה־מעשות

און לעגענדעס. שלום שטייט אַ ווײַלע אַ פּאָרטראַכטער, נאָכער פרעגט ער דעם זיידן: קען איך לערנען און זיין אַ מיליטער־מאַן, ווי מיין פאָטער און זיידע? דער זיידע גלעט אים דאָס פּנים און זאָגט: די פראַגע, מיין קינד, באַלאַנגט צו דיינע ליבע עלטערן. זיי האָבן דיר אַ היים געגעבן און דיך דערצויגן. ר' נחמן קושט דעם זון און זאָגט: אויב דאָס איז דיין ווילן, וועלן מיר דיך ניט שטערן, אָבער לאָמיר האָפן אַז עס וועט קומען אַ צייט פון פרידן און נצחון, און דו וועסט געניסן פרייד פון אונדזער אויסגעחלומטן לאַנד.

סוף

# קיינמאָל ניט צו שפּעט

אין בראַנזוויל סעקשאָן פון ברוקלין, אויף סענט-מאַרקס עוו., האָט געוואוינט דר. גרינבערג מיט זיין פרוי עטל און זייער זון נייטען.

דאָס איז געווען אַ יידישע טראַדיציאָנעלע משפּחה, אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין אַלע אינטערעסן און מנהגים פון אַמעריקאַנער פאָלק. דר. לואי גרינבערג, אַ געבוירענער אַמעריקאַנער, האָט דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט-מלחמה. ווי אַן אַמעריקאַנער מיליטער-דאָקטער אין דער ארמיי, האָט ער געזען מיט זיינע אויגן די אומגליקלעכע, אומגעבראַכטע אָדער כמעט-אומגעבראַכטע יידן, ער האָט דעמאָלט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, וואָס פאַר אַ סאָרט ייד ער איז, אפילו ווי אַ דאָקטער האָט ער געקאָנט פיל אויפטאָן. קומענדיק צוריק אַהיים האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ מיידל, אַ חברטע פון „סקול". אירע עלטערן האָבן אים געגעבן אַ הויז אויף סענט-מאַרקס עוו. מיט אַן „אָפיס". זיין טיר איז געווען אָפן פאַר אָרעם און רייך, אָן אונטערשייד ווייסע אָדער שוואַרצע. נישט איינמאָל פלעגט ער קומען צו אַ קראַנקן און נישט נעמען קיין געלט פאַר זיין באַזוך ביי אַן אָרעמער משפּחה, און אויך אָנזאָגן, אַז זיי זאָלן אים לאָזן וויסן, ווי דער קראַנקער פילט זיך.

דר. גרינבערגס פרוי עטל האָט באַלאַנגט צו פאַרשיידענע וואוילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס. זייער זון, נייטען, איז געווען אַ געראָטענער, אַ שיינער, אַ שטאָלצער און אַ פיינער; זיינע אויגן זיינען אָבער געווען שטענדיק פאַרטראַכטע און אומעטיקע. נאָך פון קינדוואייז אָן האָט אויף דעם ייִנגל אַכטונג געגעבן אַ „נוירס" (אַ קראַנקן שוועסטער): אים געפירט אין „סקול", געגרייט פאַר אים עסן, געזעען ער זאָל זיין ריין אָנגעטאָן, גיין שלאָפן אין צייט און האָבן פיינע חברים, די „נוירס" איז געווען צו אים ווי אַ מאַמע.

עס איז אויך געווען בײַ זיי אין הויז אַ צווייטע פּרוי, וואָס פלעגט טאָן די שטוב־אַרבעט: אײַנקויפן, וואַשן, ראַמען און אַנדערע אַרבעטן אין שטוב. טאַטע מאַמע האָבן דעם זון זייער ליב געהאַט, פּשוט אים פאַרגעטערט. אומעטום האָט מען דעם יינגל אָפּגעגעבן כבוד, צוליב זײַנע רעספּעקטפולע עלטערן, אָבער ער אַליין איז געווען עלנט, זײַנע עלטערן זײַנען אַלעמאָל געווען פאַרנומען.

די צווייטע הויז פון דר. גרינבערג האָט געוואוינט אַ פאַמיליע מר. און מרס. ראָזענבערג, זיי זײַנען געווען זייער פרומע מענטשן און האָבן געהאַט זעקס (6) קינדער: פיר (4) יינגלעך און צוויי (2) מיידלעך. די יינגלעך האָבן געלערנט אין די ישיבות, די מיידלעך — אין דער בית יעקב שולע. די פאַמיליע האָט געוואוינט אין פיר קליינע צימערלעך און אין גרויס אָרעמקייט, אָבער בײַ די ראָזענבערג׳ס איז תמיד געווען פריילעך און לעבעדיק! ווען דעם דר. גרינבערגס זון, נייטען, פלעגט ווערן אומעטיק, איז ער גלייך געלאָפן צו די ראָזענ־בערגס אין הויז. אויפדערנאַכט, ווען די קינדער פלעגן קומען אַהיים, האָט דער פאָטער, מר. ראָזענבערג — אַ פּשוטער גראָסערי מאַן, אַ פאַרמאַטערטער פון שטיין אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס — דאָך געהאַט צייט און אינטערעס, צו יעדן קינד באַזונדער, אויסצוהערן, וואָס עס איז געשען צו זיי דורכן טאָג; ווער ס׳האָט געדאַרפט אַן עצה, וועמען אַ שטייגער העלפן אין לערנען. די וואַרעמקייט פון די עלטערן צו זייערע קינדער האָט אויך אים, נייטענען, אַמאָל דערוואַרעמט.

נישט איינמאָל איז פאַרגעקומען אַ געשפּרעך צווישן דעם דאָקטער און זײַן זון, פאַרוואָס ער פטר׳ט אַזוי פיל צייט בײַם גראָסערי מאַן, ער דאַרף זיך מער אָפּגעבן מיטן לערנען, פאַרברענגען מיט פרײַנט פון זײַן מין. טאַשן־געלט האָט דער דאָקטער דעם זון נישט געזשאַ־לעוועט, אַלעמאָל מתנות און שיינע קליידער, אין בעסטן קאָלעדזש אים געשיקט לערנען — אָבער האָבן צייט צו פאַרברענגען מיטן זון, אַרויסווײַזן אַן אינטערעס אין זונס פּערזענלעך לעבן, אויף דעם האָבן טאַטע־מאַמע זיך נישט פאַרטראַכט, און אויף דעם קיין צייט נישט געהאַט. די פרײַנטשאַפט פון נייטען גרינבערג און יוסף ראָזענבערג. דעם עלטסטן זון פון גראָסערי מאַן, האָט זיך אָנגעהויבן ווען זיי

זיינען נאָך געווען קליינע קינדער. ווען די נישט יידישע קינדער פלעגן באַליידיגן יוסף׳ן פאַר זיינע פּאות און ציצית, דעמאָלט האָבן זיי דערפילט נייטענס קולאַקעס. די יידן אין געגנט, און די ניט־יידישע שכנים פלעגן אָפּט פרעגן, פאַרוואָס נייטען מישט זיך אַריין און נעמט זיך אָן די קריוודע פון יוסף׳ן; — אים, דעם דאָקטערס זון, נייטען — לאָזט מען דאָך צורו. אָבער אָן אינעווייניקסטער כח און ליבשאַפט צו זיין יונגען פריינט, יוסף, דער רעספּעקט פאַר עכטע פרומקייט, נישט קיין געמאַכטע, האָט געשטויסן נייטענען אַלעמאָל צו זיין אויף זיין חברס זייט. נייטען און יוסף זיינען געוואַקסן צוזאַמען, זיך גע־שפּילט צוזאַמען. יוסף האָט נישט ליב געהאַט נייטענס הויז מיט די דינסטן, ער האָט געוואוסט, אַז מען קוקט אויף אים ווי אויף אַ שלעפּער. נישט איינמאָל האָט נייטען געוואָלט מכבד זיין דעם פריינט זיינעם מיט אַ פּאָר גוטע קיכלעך, וואָס ער עסט אַלעמאָל צו מיט דער מילך, אָבער מען האָט אים געהיטן, ווי אַ גנב, ער זאָל נישט אַרויסטראָגן אין דרויסן קיין עסן — עס וויפל דו ווילסט, נאָר ביים טיש.

יוסף פלעגט אַלעמאָל האָבן אַ גוטע זאַך פאַר זיין פריינט צו פאַרזוכן, זיין מאַמע האָט אַליין געקאָכט און געבאַקן. נייטען האָט ליב געהאַט אין די פרייטאָג־צונאַכטס זיך אַריינצוכאַפּן אין הויז פון די ראָזאָנבערגס, אין שטוב דאָרט איז ציכטיק, שבת׳דיק, אַלע טראָגן שבתדיקע קליידער. ווען מר. ראָזענבערג מיט זיין זון יוסף פלעגן קומען פון שוהל, פלעגט דער קליינער נייטען זיך פאַרבאַהאַלטן אונטער אַ פענסטער און ווי אַ גנב נאָכקוקן און זיך איינהערן צום קידוש און זעען ווי זיי עסן און פאַרנעמען דאָס געזאַנג פון זייער זמירות. נייטען האָט שוין געקענט אַלץ אויף אויסווייניק. אָ, ווי גערן וואָלט ער פאַרביטן זיין סטייק און קעיק אויף אַ שטיקעלע געפילטע פיש.

ער איז שוין אַ גרויסער און שעמט זיך אַזוי אָפּט צו קומען צו די ליבע מענטשן. נייטען גייט שוין אין קאָלעדזש, זיינע עלטערן באַרימען זיך מיט זייער זונס לערנען צווישן פריינט. ער קליידט זיך ווי אַלע „היפים", ער קויפט טייערע שיך, אָבער געלע מיט גראָבע זוילן, אַזוי זיינע הויזן פון אַ משונהדיקן קאָליר, ער האָט אַ מאַשין און איז גוט צו יעדן. פּאָרט אַלע טאָג אין מאַנהעטן, וואו ס׳געפינען זיך אַלע

„ביטניקעס" און „היפּיס". די לעצטע צייט האָט זיך דאָרט באַוויזן עפּעס אַ „מאַמע־היפּי", אַ רעפּאָרם ראַביים אַ טאָכטער, וועלכע האָט איבערגעלאָזן אַ מאַן מיט קליינע קינדער, אַליין איז זי אַוועק וואוינען מיט די „היפּיס", וואו אירע עלטערע קינדער האָבן זיך שוין געפונען. אויף אַן „אַלען־בווירד־שאו", האָט די „היפּי־מאַמע" זיך באַרימט, אַז עס איז נישטאָ קיין איינער פון די בחורים, וועמען זי האָט נאָך נישט געקושט. הייסן הייסט עס, אַז זי העלפט די פאַרלווירענע נשמות זיך אומצוקערן צו זייער אומגליקלעכע עלטערן, ער אָבער, נייטען, האַסט זי, ער ווייסט אַז אַלץ איז אַ ליגן. די חברה דערציילן אים אַלץ.

גייט ער אַזוי נייטען איבער וואַשינגטאָן־סקוועה, כאַפּט זיך אַריין אין אַ קאַפעטעריע און פאַרבייסט אַ בייגל מיט לאַקס און קאַפע, און ווידער שלעפּט ער זיך איבער בליקער סטריט. אָט איז ער אין פּאַרק און גייט פאַרביי די בענק, וואָס זיינען ווינציק באַזעצט פון מענטשן, נאָר טייבעלעך שפּאַצירן אַרום צווישן די גראָז־פּלאַכן. אַ באַיאָרטער בייניקער מאַן מיט אַ לולקע צווישן די ציין האָט געהאַלטן אַ זעקעלע קערנער און לאַשטשענדיק מיט ליבשאַפט געשפּייזט די טויבן. אָט זעט ער עטלעכע איטאַליענישע קראָמען וועלכע זיינען אָנגעשטאָפּט מיט איקאָנעס און הייליקע בילדער. אָט זיצט אַ ברייט־בייניקער מאַן ביי אַ טישל מיט הויפנס צוגעשניצטע טאַבאַק־בלעטער, און וויקלט אויף ציגאַרעטן. פון אַ רעסטאָראַן פענסטער, איינגעראַמט אין אַ בלויען געזימס, האָבן אַרויסגעקוקט יונגע מענער מיט בערד־לעך, ווי גרימירטע אַקטיאָרישע פּנימער, די משוגעים פון גריניטש ווילעדזש. דאָס זיצעניש ביי זיי הייבט זיך אָן באַלד אין דערפרי. ווער זיינען זיי? פאַלשע קינסטלער, צי אמתע פּוסט און פּאַסטניקעס? אָט זעט ער אַ הויכע קנאָכיקע פיגור פון אַ מאַן מיט לאַנגע ווייסע האָר, ווי ביי פּראָפעסאָר איינשטיין, די הויזן זיינע און דאָס רעקל זיינען פול מיט לעכער, ווי ביי אַ טרעמפּ, אָבער פון דעם שמוציקן צעריסענעם קאָלנער האָט אַרויסגעלויכטן אַן איידל ציכטיק פּנים ווי פון אַ הייליקן, וואָס מישט זיך נישט אין די ענינים פון דעם גאַנצן ליגנערישן געזינדל. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און דעם הויכן מאַן אַריינגענומען אין אַ רעדל — דאָס איז געווען ראָני, דער פילאָזאָף פון גריניטש ווילעדזש.

אַרום אים איז אַלעמאָל געווען אַ שטופּעניש. די ווייסע האָר זיינע פלעגן זיך צעפליען, דאָס געשליפענע צינגל האָט גערעדט. ער פלעגט צוציען צוהערער נישט ווייניקער ווי אַ געניטער, פּאָפּולערער גאַסט־רעדנער. קיינער ווייסט נישט ראַנים אָפּשטאָס, ער דערציילט זאַכן וואָס זיינען נישט געשטויגן נישט געפלויגן, ער האָט ליב דאָס לעבן מיט אַלע ביליקע פאַרווילונגען, זיין ענגליש איז ווי פון אַן אָקס־פאָרדער פּראָפעסאָר, ער זידלט די ציוויליזאַציע, ווי אַן ענטוישטער מענטש, שפּאָט פון ג־ט און רעליגיע און אַמוזירט די מענטשן אַרום זיך. פּלוצים כאַפּט ער אַרויס פון זיין בוזעם־קעשענע אַ פּעקל מיט געלט־באַנקנאָטן, אַלע וואונדערן זיך און גאַפן; — ווי קומט צו אַזאַ שלעפּער אַזוי פיל געלט? ווערן זיינע דרשה׳ס באַצאָלט? פון אַלע באַגייסטערטע צוהערער, איז נאָר ער, נייטען, קאַלט בלוטיק, ער הערט זיך צו און טוט נישט קיין שמייכל, ער קען דעם פאַרשווין צו לאַנג, ער זעט ווי דער פילאָזאָף ציט אויס זיין קאָפּ פאַראויס און ענטפערט אויף דער פראַגע, וואָס שטייט ביי יעדן אין די אויגן — כ׳פאַרמאָג אונטערשטיצער, יעס סער, יעדער פרעדיקער פון אַ נייער אָרדנונג פאַרמאָגט אונטערשטיצער... אין מיין קליין ביכעלע זיינען פאַרשריבן די נעמען און אַדרעסן פון מיינע רייכע אָנהענגער, דער מענטש איז אַלעמאָל אומצופרידן, די אומצופרידענע צאָלן מיר פינקלעך, ס׳הויבט זיך אָן פון איין דאָלער און עס ענדיקט זיך מיט אַ סך מער. נייטען באַטראַכט דעם געדיכטן עולם אַרום דעם פילאָזאָף. אָט זעט ער, ווי דער פילאָזאָף האָט אויפגעהויבן די אַרבל פון זיין אויסגעריבענעם רעקל און פאַרנויגט זיך, ווי פון אַ בינע, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַפּלאָדיסמענטן. די צוהערער שיסן אים מיט אַ געלעכטער און קוקן אים אין די אויגן אַריין. אַזוי פלעגט זיין אַמאָל מיט נייטענען דעם צוהערער, אָבער איצט — נישט מער. ער איז צופיל אַנטוישט, עס אַמוזירט אים נישט מער, ער לאַנגווייליקט זיך. קיין גריניטש ווילעדזש האָט אים געצויגן דער אומעט, די לאַנגווייליקייט, דער פראָטעסט צום לעבן. ווען ער פלעגט פּרובירן פאַרפירן אַ געשפרעך מיט זיינע עלטערן, ווי זיי קוקן אויף דער חברה מיט די לאַנגע האָר, האָבן זיי אַלעמאָל געמאַכט שפּאַס און געלאַכט, זיי האָבן געזאָגט: אַז די דאָזיקע יונגע חברה — געפעלט זייער אויפפירן זיך, זאָלן זיי זיך

אַמוזירן, ס׳איז זייער צייט. נייטען געדענקט, זיינע עלטערן האָבן אים געבראַכט צו זייערע צוזאַמענקומענישן אויף פּאַרווײלן זיך. נייטען האָט זיך דאָרט אָנגעשטויסן אויף אַ מיידל, אַ סטודענטקע פון קאָלעדזש, עס איז געווען אַן אַלגעמיינע דיסקוסיע, דאָס מיידל האָט געהאַט אין אירע הענט אַ בוך מיט אַ באַריכט וועגן דער געשלעכטלעכער אויפפירונג פון דער שטודירנדיקער יוגנט. אין דעם בוך האָבן אַ מנין פּראָפעסאָרן געוואָרנט קעגן דער געפאַלענער מאָראַל פון די קאָלעדזש סטודענטן. ווען נייטען האָט פּרובירט זאָגן, אַז די קאָלעדזש פּראָפעסאָרן טרייבן איבער, האָט דאָס מיידל אים געענטפערט: „די פּראָפעסאָרן קומען נישט מיט פּוסטע באַשולדיקונגען, זייערע אָנקלאַגעס זיינען באַזירט אויף סטאַטיסטישע ציפערן. די מאָראַל ביי די סטודענטן איז נידעריק ווייל די עלטערן האָבן פאַרפעלט צו דיסקוטירן מיט די קינדער געשלעכטלעכע פּראָבלעמען. צניעות ביי יונגע מיידלעך ווערט היינט באַטראַכט פאַר אַלט מאָדיש, קאָלעדזש סטודענטקעס ווערן אומפאַרהייראַטע מאַמעס. עס טרעפט אויך, אַז אַ געצוואונגענע הייראַט, וועלכע קומט צוליב אַ פריצייטיקע שוואַנגערשאַפט, ווערט סיי־ווי צעשטערט אַ פּאָר חדשים נאָך דער הייראַט...״ נייטען האָט געקוקט אויף זיינע ליבע עלטערן און נאָך עלטערן, ווי פילן זיי זיך פון אַזעלכע געשפּרעכן? אַ קלוגיטשקער פּוסטער שמייכל, האָט אַלץ פאַרדעקט. איין זאַך איז וויכטיק ביי דער היינטיקער יוגנט; דאָס באַנק ביכל. ער געדענקט די פאָטאָגראַפיע, וואָס זיין פאָטער האָט געבעטן זיין מוטער, זי זאָל נעמען פון אים און נייטענען, ווי נייטען דער שייןגעקליידטער יינגל דערלאַנגט זיין פאָטער זיין ערשטן באַנק־ביכל. טאַטע און זון קוקן זיך איבער. דער גליקלעכער טאַטע קלאַפּט זיין יינגל אויף דער פּלייצע — דאָס איז דער מוסטער פון אַלע גראָטענע קינדער אין לאַנד, צו זיבן יאָר לייגט שוין דער תכשיט געלט אין באַנק און דאָס ביכל האָט ער צומיינסטן ליב...

דעם דאָקטערס זון האָט געהאַט אַלץ און גאָרנישט, געלט, פּריוואַטע פרייַנט, ווען אים, נייטענען, האָט זיך גאָר געוואָלט ווייגען. ער האָט געמעגט קומען אין קאָלעדזש ווען ער האָט געוואָלט, ענדיקן פריער אָדער שפּעטער — זאָל דאָס קינד זיך אַמוזירן — מען איז

דאָך נאָר איינמאָל יונג... מיר האָבן דאָס נישט געהאַט. אָבער די איינציקע אמתע פריינט נייטענס איז אַלץ נאָך פאַרבליבן די פאַמיליע ראָזענבערג, און ספּעציעל זייער עלטסטער זון יוסף. זיי זיינען טאַקע געווען צוויי באַזונדערע וועלטן, זייער שטייגער לעבן — אָרעם — און רייך, נאָבל — און פּרעך, פרומקייט און אפּיקורסות. איין זאַך האָט זיי שטאַרק צוזאַמען־געהאַלטן — זייער פריינדשאַפט, אַ בלינדע געטריישאַפט, דאָס איז, ווי צוויי וועלטן האָבן זיך פאַרמאָסטן, ווער עס איז גערעכט!

דאָס איז געווען אין יאָר 1965. זומער, אין דרויסן איז היים, אינעם הויז פון דער פאַמיליע ראָזענבערג הערשט אַ גרויסער אומעט, די מוטער פילט זיך זייער שוואַך, זי איז קראַנק. דר. גרינבערג האָט געזאָגט צו זיין זון, אַז די פרוי ראָזענבערג, איז אויף דער וועלט — אַ גאַסט אויף אַ ווייל: זי האָט קענסער... די מוטער ווייסט דאָס, אָבער די ליבע צו דער פאַמיליע איז גרעסער פון אירע ליידן. זי האָט געבעטן דעם מאַן, אַז זי וויל שטאַרבן ביי זיך אין בעט. אויך די ליבע קינדער פון גרוים ביז קליין, ווייסן אַז די מוטער איז זייער קראַנק, אָבער קיינער ווייזט נישט אַרוים קיין טרויער. היינט איז פרייטאָג צונאַכטס, אַרום דער שטוב פון דער גראָסערי־מאַן שטייט אַ וויג־שטול, וואו די מוטער ליגט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און הערט זיך צו צום געשפּרעך וואָס גייט אָן אַרום איר.

נייטענס עלטערן זיינען ערגעץ אויף אַ פּאַרטי, אָבער נייטען, מיט די לאַנגע האָר, מיט די משונה־קאָלירטע הויזן און די סאַנדאַלן, אַ פרעמדער און דאָך אַזאַ נאָענטער צו דער ליבער פאַמיליע ראָזענ־בערג. ער זיצט צוגערוקט צו דער וואַנט לעבן זיין פריינט יוסף, ער הערט זיך צו צו די געשפּרעכן פון יעדן אין שטוב. וואָס עס האָט פּאַסירט צו יעדן: פרייד און לייד, ווי אַלעמאָל ענטפערט דער טאַטע געלאַסן, אָבער טיף אין זיינע אויגן זעט נייטען טרויער, וואָס עסט אים אויף. פון זינט זיין פרוי איז קראַנק געוואָרן, האָט זיך מר. ראָזענבערג געעלטערט. זילבערנע האָר באַפּוצן זיין פּאַטריאַכאַלן קאָפּ. אין שטוב איז שטיל און יעדער טראַכט וועגן זיך, אָדער אַרום זיך. פּלוצלונג דערהערט זיך אַ געוויין, אַ האַרצרייסנדיק געוויין פון אַ מאַן, אַ

שטאָלצן, אַ מענטש וואָס האָט אַלץ און גאָרנישט. קיינער רירט זיך נישט פון אָרט, דאָס האָט נייטען זיך צעוויינט. ער שעמט זיך נישט מיט זיינע טרערן, ער זעט ביי יעדן אויגן וואָס פרעגן: וואָס איז געשען? אַלע וואַרטן, אפילו פרוי ראָזענבערג האָט ברייט צעעפנט די אויגן, און נייטען האָט אָנגעהויבן זיך מתוודה זיין, און עס האָט פון אים אַרויסגערעדט אַלץ. דער טרויער און צער אין הארצן. ער האָט דערמאָנט זיינע עלטערן. זיי זיינען צו אים ווי פרעמדע. ער האָט שוין אַזוי פיל מאָל געפּרואווט צו זיי רעדן, זיי הערן אים אויס, און טראַכטן אַז ער איז פון זינען אַראָפּ. הייננטיקע קינדער, געלט „עדיוקיישאָן", מען צאָלט אין קאָלעדזש אפילו ווען ער לערנט נישט, אַ מאַשין, פריינט, וואָס פעלט אים? האָט מען אַזויגס געהאַט ווען מיר זיינען געווען אין זיינע יאָרן? — זאָגט דער פאָטער, דר. גרינבערג, ער איז אַנטוישט. און נייטען טענהט: אַז ער איז עלנט. ער וויל גלויבן אין ג־ט און אין מענטש און ער קאָן נישט. דער איינציקער אינהאַלט אין לעבן איז די ליבע פאַמיליע ראָזענבערג, זאָלן זיי אים מוחל זיין, ער וואַרעמט זיך אין זייער ליכט, ווי גערן ער וואָלט וועלן זיין איינער פון די קינדער. ער האָט ליב יוסף'ן, נישט ווי אַ פריינט, נאָר ווי אַ ברודער. ער האָט באַשלאָסן אַלץ אַרויסרעדן, דערציילן וואָס אין הארצן ביי אים טוט זיך. און נאָכדעם באַשליסן וואָס ער זאָל טאָן? און וואו אַהין ער זאָל גיין? ער גלייבט אַז עס איז דאָ אַ ג־ט, אָבער ווי דערלאָזט ער די עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען טאָג־טעגלעך: מאָרד, רויבעריי, גנבה, אויסגעלאַסנקייט... וואו איז דער אמת? ווער קען אים העלפן? נייטען שווייגט אַ ווײַלע, אַלע בלייבן שטיל. ווי אַ קליין קעצעלע האָט זיך צו אים צוגערוקט יוסף'ס קלענסטע שוועסטערל, מירעלע, אַ מיידעלע פון אַ יאָר זעקס זיבן. זי שפּאַרט אָן איר קעפּעלע אויף זיינע פיס און גלעט אים מיטן הענטעלע, דאָס איז פון רחמנות פאַר זיינע טרערן. נייטען טוט אַ גלעט דאָס קינד איבער איר גאָלדענע, זיידענע האָר און זעצט פאָר:

איך האָב אויסגעשפּאַנט גאַנץ ניו יאָרק, אומעטום זיך צוגעקוקט, ביי מיר אין קאָפּ און אין הארצן איז געבליבן אַ פּוסטקייט, איך האָב גאָרנישט געפונען. איך וועל אייך אויסמאָלן אַ בילד, פון די

ימים טובים אין די רעפאָרם שוהלן. ווי איר ווייסט זיינען מיינע עלטערן נישט קיין אָרטאָדאָקסן, זיי גלייבן אין ג־ט, טוען גוטע זאַכן פאַר מענטשן און זיינען נאַציאָנאַלע יידן, אַזוי האָבן זיי מיך דערצויגן. איינמאָל אין יאָר גייען מיר אין שוהל יום כפור, איך האָב ביי זיך באַשלאָסן צוקוקן זיך צו אַלעם און פאַרשטיין, צי די מענטשן זיינען ערנסט, ווייל ווען איך קוק אויף אייך, מיינע ליבע, שעם איך זיך פאַר אייך, איך פיל ווי אַ „יידישער־גוי״. אמת, מען האָט פאַר מיר געמאַכט אַ „פּארטי״ צו מיין בר־מצוה, מען האָט אַ סך געגעסן, געטרונקען, געזונגען און געטאַנצט און אפילו געמאַכט אַן אַפּיל פאַר ישראל־באָנדס, מענטשן האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט און געגעבן וויפל זיי האָבן געקאָנט, איך אָבער בין געוואָרן אַנטוישט, ווייל מען האָט נישט איינגעלאַדן מיין ליבן פריינט יוסף, ווי קומט אַ פּראָסטער בחור צו אינטעליגענטע מענטשן? אמת, מיך האָט יוסף באַרואיקט, אַז ווי שטאַרק ליב ער האָט מיך, וואָלט ער קיינמאָל נישט געגאַנגען צו אַזאַ שמחה, ווייל דער וויין און דאָס עסן זיינען ניט כשר. איך האָב אים געגליבט, ווייל ער איז אויפריכטיק, אָבער דאָס איז מיין פאַרדראָס... די צווייטע אַנטוישונג פון מיין בר־מצוה, וואָס אויף צומאָרגנס האָט מיין ליבער פאָטער מיך פאַרזיכערט, אַז די תפילין מוז איך נישט אָנטאָן אַלע טאָג, דאָס בלייבט אין זכרון אויפן גאַנצן לעבן, אפשר צו ווייזן מיינעם אַ זון. דעריבער דערצייל איך אייך, הערט מיך אוים ווי יום־כיפור קוקט אוים אין אַ רעפאָרם טעמפּל. אויף דער גאַס לענג אוים דעם טעמפּל, זיינען געשטאַנען רייען מיט אויטאָמאָבילן פון די יום־כפור מתפללים, ס׳איז נאָך געווען ווייט צו כל־נדרי. די בראַנזענע טירן זיינען געווען פאַרמאַכט, אָבער פאַרן אַריינגאַנג האָבן זיך געצויגן צוויי לאַנגע רייען פון מענער און פרויען, וואָס האָבן געוואַרט מען זאָל עפענען ג־ט׳ס הויז. זיי האָבן געוואַרט מיט געדולד פון מענטשן וואָס שטייען ווי פאַר אַ טעאַטער־קאַסע. אויף ביידע זייטן פון פלאַכע אַריינפיר־טרעפּ האָבן זיך אַרויסגעהויבן בוימלעך פון קאָלירטע פלאַנצן, אין פראָנט ביים אַריינגאַנג איז געווען אַ דעכל, ווי אַ חופה, און אויבן איבערן קאַרניז אַ באַגילדעטע מנורה, אַ מאַרמאַר־טאָוול ביי דער וואַנט האָט אָנגעגעבן די צייט ווען מען הייבט־אָן דאָס ג־ט׳ס דינסט. די רייען אויטאָמאָבילן אַרום דעם טעמפּל

זיינען אַלץ געוואָרן געדיכטער. די יידן, וועלכע זיינען אַרויס פון זייערע מאַשינען, זיינען געגאַנגען צום אַריינגאַנג.. די קריסטאַלענע שאָפּערן זיינען געשטאַנען אין רעדלעך, געדרויכערט, געדעדט און גע־וואַרט ביז דער ג־טעס דינסט וועט זיך ענדיקן און זייערע באַלעבאַטים וועלן קומען צוריק. ווען די טירן האָבן זיך געעפנט, האָבן די רייען פאַמעלעך זיך געעומען רוקן פאָראויס, די מונדירטע טיר־לייט האָבן אָפּגענומען די בילעטן פון די מענער און פרויען, וואָס האָבן הנאה איינמאָל אין יאָר צו זען ג־טס בימה און צושיקן זייער געבעט דורך אַ פּאַרמיטלער צום הימל. אַ היטער ביים טיר, אַ קריסט, האָט אונדז אָפּגעשטעלט, ווייל מיר האָבן קיין בילעטן נישט געהאַט, מיר האָבן געקראָגן בלויע קאַרטלעך און אָנווייזונגען אויף די טרעפּ צו די באַלקאָן־פּלעצער. דאָס זיינען ערטער פאַר פּרייוויליקע מתפּללים, אָדער נייגעריקע באַזוכער. פאַר די געדרייטע טרעפּ, אויסגעבעטע מיט רויטן געבלומטן פּלוש, זיינען מיר פאַרבייגעגאַנגען אַ צווייטן קאָנטראָל. עס איז נאָך געווען פרי. איך האָב באַטראַכט די ווענט, די בלויע הימל־סטעליע, דאָס געדעמפּטע ליכט, וואָס איז ענלעך צו אַ „מיטינג־האָל״. ביי די שטענדרס זיינען געשטאַנען די הויפּט באַאַמטע, די גבאים, דער ראַביי האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעפּוצטער אַריסטאָקראַט. מען האָט געהערט אַ שטילע מעלאָדיע פון ליטורגישע מוזיק. איך האָב אַרויסגענומען פון דער לייווענטער טאַש, וואָס איז געהאַנגען איבערן שטול, אַ קליין מחזור׳ל אין שוואַרצע טאָוולען, די יום־כיפּור תפילות זיינען געווען אויף ענגליש. דער אונטערשטער זאַל אין טעמפּל איז שוין געווען פאַרפולט. מענער, פרויען און קינדער זיינען געזעסן מיט מחזורים׳לעך, ווי זיי וואָלטן, להבדיל, אין די הענט געהאַלטן פּראָגראַמען פון אַ פאָרשטעלונג. די מענער האָבן נישט געטראָגן קיין טליתים, נאָר געזעסן מיט הוילע קעפּ. אויף דער בימה, גרויס ווי אַ טעאַטער בינע, זיינען געשטאַנען צוויי באַלעמערס, איינער פאַרן ראַביי און דער צווייטער פאַרן קאַנטאָר. אַ פּראָזשעקטאָר האָט באַלויכטן דעם גרויסן ארון־קודש, דעם ארגל האָט מען נישט געזען אָבער ס׳האָבן זיך געהערט די סאָפּראַנאָ־שטימען פון די פרויען וואָס האָבן ווי קאַנאַריקלעך פאַרהילכט די באַס־שטימען פון די מענער משוררים. דער חזן איז געשטאַנען מיטן פּנים צום עולם און מיטן רוקן צום ארון־

קודש. ביים ערשטן באַלעמער, איז געשטאַנען דער ראַביי אין אַ קיטל מיט אַ קליין שמאָל טליתל. דער ראַביי האָט געמאַכט אַן אַפּיל צו שטיצן דעם ראַבינער קאַלעדזש, פאַר יונגע ראַביים. אין דער פּאַרכטיקער נאַכט, ווען די שטערבליכע שלאָגן זיך על חטא פאַר זייערע זינד און זיינען אַנגעוויזן אויף רחמים פון הימל, טאָרן זיי נישט פאַרגעסן די זין פון ישראל, וועלכע טראָגן דעם ליכטיקן פאַקל. נאָכן ראַביים אַפּיל זיינען אַ צאָל מענער און פרויען אַרום-געגאַנגען איבערן טעמפּל זאַמלען געלט. טעלערס מיט געדרוקטע קאַרטעלך, ווי לאָטערי-צעטלען, זיינען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט דורך די רייען. די מתפּללים האָבן געעפנט זייערע בייטלען און אַרויסגענומען די טשעק-ביכלעך. די מערסטע האָבן גלייך אַוועקגעלייגט מזומנים, טייל האָבן אויסגעשריבן טשעקס, אַנדערע האָבן אויף די קאַרטלעך געשריבן וויפל זיי וועלן געבן. קיינער האָט נישט פאַרשעמט דעם אַפּיל, אפילו די מתפּללים פון באַלקאָנען. די תפילה נאָכן אַפּיל איז אַוועק ווי אַ גלאַטער פּלייטן-שפּיל, דער חזן האָט געזונגען די תפילות. עס האָט זיך דערהערט דער שפּיל פון אָרגלען און דאָס שטילע געזאַנג באַגלייט פון דעם געמישטן כאָר. צו שמונה-עשרה איז דער חזן געבליבן אויף זיין אָרט, ביים זינגען קדוש קדוש, האָבן די דאַוונערס נאָכגעזאָגט: אלי! אלי! — אַזוי האָט אויסגעזען דער הייליקסטער יום-טוב ביי די רעפאָרם יידן. וועגן זיך קען איך גאָרניט זאָגן — איך האָב גאָרנישט געלערנט וועגן מיין פאָלק, איך קען נישט ריידן די שפּראַך פון מיין פאָלק און וויים נישט צו איך דאַרף זיך שעמען.

ווען איך בין געווען אַ אינגל, געדענק איך ווי מיין פריינד יוסף פלעגט טראָגן עסן פאַר זיין פאָטער אין דער גראָסערי. איך פלעג אים נאָכגיין. אָט געדענק איך איינעם אַזאַ שיינעם, וואַרימן זומער-טאָג. מיר ביידע, אין קורצע הייזלעך מיט סניקערס, דערנענטערן זיך צו פּראָספּעקט פּלעיס. פּלוצלונג דערזעען מיר אַ חתונה, מענטשן טאַנצן אין די גאַסן, די זון שמייכלט. איך בין געבליבן שטיין פאַר־בליפט: יוסף — האָב איך אים געפרעגט — פאַרוואָס טאַנצן זיי אין דרויסן? וואו זיינען חתן-כלה? יוסף האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און מילד, אָן כעס, אָדער אומגעדולד, מיר דערקלערט: „דאָס פירט מען

איבער אַ ספר־תורה, דער חתן איז ישראל, דאָס פאָלק — ישראל, די כלה איז די תורה!! יעדער ייד איז דאָ אַ מחותן, מירביידע אויך, קום לאָמיר טאַנצן". איך האָב אים געזאָגט, אַז איך טראָג נישט קיין יאַרמולקע, מען וועט מיך פאַרטרייבן. דעמאָלט האָט יוסף אַרויסגע־נומען אַ ריין צענויפגעלייגטע יאַרמולקע, וואָס ער פלעגט אַלע מאָל מיט זיך טראָגן אין קעשענע, ווי אַ זאַך מאַכט זיך. איך בין געוואָרן מיטגעריסן מיט מיין פריינט און צוזאַמען מיט אים זיך געלאָזט אין אַ ווילדן טאַנץ אַרום דער ספר תורה. יידן מיט קאַפּאָטעס און לאַנגע פאות, קורץ געשוירענע האָבן געטאַנצט און אונדז אַרומגענומען. מיר האָבן געזונגען העכער פון אַלע, געפרייט זיך מער פון אַלע, פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט. די ספר־תורה האָט מען געטראָגן נישט מער ווי איין גאַס. אָבער דאָס בילד פון יענעם טאָג איז פאַרבליבן אין זכרון ביי מיר אויף שטענדיק. יוסף איז דעמאָלט גלייך נישט געגאַנגען אָפּטראָגן דאָס עסן דעם פאָטער, ווייל מיר האָבן ביידע נישט געוואָלט אַדורכלאָזן קיין זאַך. די פיל געסט, ישיבה בחורים, די פרייד און די שמחה האָט אונדז פאַרכאַפּט. שפּעט נאָכמיטאָג, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין דער גראָסערי פאַרשוויצטע, אויסגעמאַטערטע פונעם טאַנצן, און פאַרשעמטע ווייל דאָס עסן איז קאַלט געוואָרן, און איר ליבער פריינט ראָזענבערג, זייט געזעסן אַ הונגעריקער, האָבן מיר מיט פרייד — איבערשלאָגנדיק איינער דעם צווייטן — זיך אַנטשולדיקט פאַר אייך צוליבן קומען שפּעט, דערפאַר האָבן מיר, איך און אייער יוסף, באַקומען צוויי קניפּ אין די בעקלעך... איר, מר. ראָזענבערג, האָט געווישט אַ טרער פאַר פרייד, און אונדז באַרואיקט: אַז איר — אויף אונדזער אָרט — וואָלט אויך אַזוי געטאָן און צוגעגעבן, אַז איר זייט שטאָלץ מיט אונדז. מיר האָבן געקראָגן אַ פּאָר קענדים און מיר זיינען גיך אַ היים געלאָפן דערציילן אַלעמען פון אונדזער פרייד. אָ, ווי אַנדערש האָבן מיינע עלטערן אויפגענומען מיין דערציילן. טאַטע־מאַמע האָבן געלאַכט: אונדזער זון טאַנצט מיט די חסידים... איך האָב געפּרואווט זיי אַרומנעמען, קושן, געוואַרט איך זאָל פון זיי קריגן אַ גלעט איבערן בעקל, אָבער ס'איז נישט געקומען. מען האָט אָפּגעלאַכט פון מיינע געפילן, איבערדערציילט צו פריינט און בע־קאַנטע און געמאַכט פון מיין פרייד דאָס געלעכטער. די יאַרמולקע

האָב איך געבעטן ביי מיין פריינט אַ מתנה. איך האָב זי צענויפגעלייגט און אַריינגעלייגט אין אַ פּלאַסטיק בעג, כדי ס׳זאָל נישט צעקנייטשט ווערן און דאָס אָפּגעהיט ווי אַ טייערע מתנה, און אַזוי איז געשען אַ צווייט מאָל מיט יאָרן שפּעטער.

מיין פריינט יוסף און די ברידער זיינע האָבן געלערנט אין דער ישיבה חיים בערלין, אויפן ראַג פּיטקין און סטאָן עוו. דאָס איז געווען יום-טוב סוכות. אַן אַנטוישטער אין לעבן, אָן פריינט, בין איך געלעגן אויף אַ „ראַקינג-טשער" (וויג-שטול) אין קליינעם גערטנדל פון אונדזער הויז. שפּעטער בין איך אַריין אין אייער סוכה, וואָס איר האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט אויפגעשטעלט, די ווענט זיינען געווען באַהאַנגען מיט קאָלירטן מאַטעריאַל, מיט שיינע באַפּוצונגען, לאַנגע בענק זיינען געשטאַנען אַרום לאַנגן טיש, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט מיט אַ ווייסן טישטוך. דעם זעלבן טאָג יום-טוב, פאַרנאַכט-צו האָב איך אַריינגעקוקט דורך די ווענטלעך פון דער סוכה, און געזען, ווי איר, פרוי ראָזענבערג, פאַרשטעלט מיט אייערעביידע הענט די אויגן און בענטשט ליכט, און איך טראַכט: אָ, ווי פרום איז די פרוי! פאַרוואָס קענען מיינע עלטערן נישט איינזען ווי שיין די יידישע מנהגים זיינען, ווי ריין, ציכטיק און צניעות׳דיק די פאַמיליע ראָזענבערג איז, און די ליבשאַפט וואָס הערשט אין דער דאָזיקער משפחה פון איינעם צום אַנדערן. אפשר איז מיר אומעטיק, ווייל איך האָב נישט קיין שוועסטער און קיין ברידער. און אָט זע איך ווי מר. ראָזענבערג קומט מיט זיינע זין פון שוהל. היינט איז פרייטאָג-צו-נאַכט, די משפחה הערט זיך צו צום קידוש, מען עסט צוזאַמען, מען זינגט זמירות. שפּעטער צו קומען געסט און שכנים, אָ ווי פריילעך איז זיי. נישט איינמאָל האָט זיך מיר געוואָלט מאַכן אַן ענד צו מיין לעבן. איך האָב אָבער צופיל ליב מיינע עלטערן און וויל זיי נישט וויי טאָן...

מיר איז געווען טרויעריק, און איך האָב געפילט אַ טיפן רחמנות צו זיך אַליין, און טרערן זיינען מיר געקומען אין די אויגן. פּלוצעם — דערפיל איך אַ לייכטן גלעט איבער מיינע האָר, איך שטעל מיך שנעל אויף, און זע ווי לעבן מיר שטייען יוסף און צפּורה די עלטערע שוועסטער זיינע, ביידע מיט צעפּלאַמטע באַקן און מיט אַ ליבלעכן

שמייכל — מיר שטערן דיר נישט? יוסף און צפורה מאַכן זיך נישט זעענדיק, ווי איך וויש מיין שוויים מיט די טרערן צוזאַמען — אפשר וואָלסטו געוואָלט מיט אונדז מיט גיין אין ישיבה? היינט איז שמחת תורה, וועט מען דאָרט טאַנצן מיט די ספרי תורה׳ם ווי דעמאָלט, דו געדענקסט? מיט אַמאָל איז דער גאַנצער טרויער פון מיר פאַר־שוואונדן. — אודאי געדענק איך, איך האָב אפילו די יאַרמולקע. עס געדויערט נישט לאַנג און די גאַנצע גרופּע יונגע, פרומע און פריילעכע בחורים און מיידלעך מאַרשירן איבער די גאַסן. פּיטקין עוו. איז באַ־לויכטן, מען זעט פּאָלים אויף די גאַסן, אַלעמאָל זאָגט אַן אנדערער אַ חכמה און אַלע לאַכן, מען לאַכט אפילו ווען ס׳איז נישטאָ פון וואָס צו לאַכן, מען לאַכט ווייל מען איז יונג, ווייל מען איז צוזאַמען מיט פריינד, ווייל עס איז יום־טוב און עס איז יום־טובדיק אויף דער נשמה, אפילו איך בין אויך אויפגעלייגט. איך וויל נישט זיין לעכערלעך אין די אויגן פון יוסף׳ס פריינט. איך וויל אים נישט פאַרשעמען, איך זאָג אויך אַמאָל אַ חכמה און מען לאַכט, און אָט איז מען אין דער ישיבה, אונטן איז דער בית־מדרש, אויבן די קלאַסן און די דאָרמעטאָרי. ביי אַ לאַנגן טיש, לעבן דעם באַלעמער שטייען עטלעכע חשובע רבנים מיט טליתים איבער די קעפּ און רופן אויס נעמען, ווער ס׳זאָל טאַנצן מיט דער תורה, מען זינגט אויף אַ ניגון, די תורה׳ם גייען איבער פון האַנט צו האַנט. ביי די ווענט שטייען אַ סך בענק, אויף וועלכע עס שטייען פרויען, יונגע און אַלטע, יעדנס פּנים לויכט מיט פרייד. יוסף קריגט אַ תורה און ער טאַנצט מיט מיר,ביידע האַלטן מיר שטאַרק די תורה. יוסף׳ס אויגן באַגעגענען זיך מיט צפורה׳ס, פון אירע אויגן שפּראָצט אַ ליכטיקע פרייד, זי איז שטאָלץ מיט איר ברודער, באַמערקט זי אויך מיך? אוי, ווי גערן וואָלט איך וועלן האָבן אַזאַ שוועסטער. אַלע טאַנצן, גרויס און קליין אין אַ ראָד אָדער באַזונדער, ביידע פריינט טאַנצן. עס בייטן זיך ניגונים, די ווענט שאָקלען זיך, קיינער פרעגט מיך נישט ווער איך בין, איך בין אַ ייד, צוגלייך מיט אַלע יידן. ביידע זיינען מיר דורכגעווייקט פון שוויים, אָבער פול מיט פרייד.

עס האָט שוין געבלויט אין די פענסטער, ווען איך בין געקומען אַ היים. טאַטע־מאַמע זיינען נישט געשלאָפן — וואָס איז געשען,

מיין זון? — איך בין היינט גליקלעך, האָב איך זיי געענטפערט. איך האָב געזען אויף זיך אַ שפּאָטישן קוק. מען לאַכט פון מיר, מען פרייט זיך נישט מיט מיין פרייד. דאָס האָט מיך זייער ווי געטאָן... אין מיין האַרצן איז פאַרבליבן אַ פאַראיבל, פאַרוואָס ווען איך דערצייל זיי אַז איך האָב פאַרבראַכט מיט פריינט אין גריניטש ווילעדזש, וואָס געפעלט זיי — וואָלטן זיי געוועזן צופרידן — מיינס גלייכן... איך האָב ביי מיר אָפּגעמאַכט אַז קומענדיקן יום־כפור נאַכט, וועל איך פּרובירן פאַרברענגען מיט מיין פריינט, נאָך דעם וועל איך דאַרפן עפּעס באַשליסן. איך האָב געפּרואווט זיך נעמען אין די הענט אַריין און לערנען גוט. דאָס איז מיר געלונגען, ווייל איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ סך מיט לייענען און לערנען. מיינע עלטערן האָבן אָנ־געקוואָלן. איך בין זעלטענער געקומען צו דער „היפּי־גרופּע", כמעט נישט אַרויס פון הויז, דער טעלעפאָן האָט מיך פאַרבונדן מיט אַלע פריינט, איך האָב אָבער מער נישט געפילט קיין פרייד פון די פאַר־ברענגענישן.

מען האָט געוואָלט נאָר דאָס געלט, די מאַשין, מיין טאַטנס נאָמען. אַלץ וואָס איך האָב געטאָן איז געווען אָן געפיל. ווען מיינע עלטערן האָבן פּרובירט מיר איינרעדן אַז עס איז נישט שלעכט אַמאָל זיך דורכרעדן מיט אַ פּסיכיאַטער, האָב איך זיך אויסגעלאַכט — איך בין אַליין מיין אייגענער דאָקטער. איך האָב געבעטן טאַטע־מאַמע מיר זאָלן פאָרן אַ ביסל אָנקוקן די וועלט — לאָמיר פאָרן קיין איראָפּע און ישראל. דער טאַטע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, איך בין צופיל פאַרנומען. דער טאַטע פרעגט: „אפשר מאַכן מיר אַ „פּאַרטי" אין הויז? וועסט זען מענטשן, באַקענען זיך מיט מיידלעך, אפשר בין איך גאָר פאַרליבט, זאָל איך זיך נישט שעמען צו זאָגן, דו ביסט שוין אַ דערוואַקסענער, און געלט פעלט נישט". אומזיסט זיין מי, מיין טאַטע איז אַ דערפאָלגרייכער דאָקטער אָבער ער זעט נישט דעם דיאַגנאָז פון זיין אייגענעם זון... אַ ביסל וואַרעמקייט פון עלטערן צו זייער קינד.

און אָט איז ווידער זומער, עס דערנענטערט זיך דער חודש סעפּטעמבער, און איך זאָג צו מיינע עלטערן, אַז יום־כפור וויל איך

גײן דאַווענען אין אַן אָרטאָדאָקסישע שוהל. איך בעט זײ אַז זײ זאָלן מיטגײן מיט מיר. זײ זײַנען געוואָרן אויפגערעגט, און מיך באַשולדיקט אַז איך חבר זיך נישט מיט קײן ריכטיקע פרײַנט, איך וועד משוגע פון וואוילטאָג, איך האָב צופיל... ערב יום כיפור באַפעלט מיך דער טאַטע אַז איך זאָל גײן מיט זײ אין דעם רעפאָרם טעמפּל דאַווענען, איך זאָל זײ נישט פאַרשעמען פאַר זײערע פרײַנט. אָבער איך בין געווען אײַנגעשפּאַרט און בין אַוועק אין אַן אָרטאָדאָקסישער שוהל און געקויפט אַ טיקעט, אָנגעטאָן מײַנע טונקעלע ברילן און אַוועק צו כל נדרי. איך האָב מורא געהאַט פאַרשפּעטיקן בין איך געקומען פרי. די טירן פאַר מענער און פרויען זײַנען שוין געווען אָפן, ס׳זײַנען געקומען אַלץ מער מתפללים. די שוהל איז געווען געפּאַקט, אַ סך ליכט האָבן געברענט, און אויך יאָרצײַט־ליכט. מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. די מענער אין ווײַסע קיטלען און טליתים, מיט גומענע שיך, פיל פון זײ אין ווײַסע יאָרמולקעס. די פרויען אין ווײַסע קלײדער אָדער בלוזעס, מיט ווײַס באַדעקטע קעפּ. אויף דעם באַלעמער קומט אַרויף דער רב, אײַנגעהילט אין קיטל און אויפן קיטל דער טלית, זײַן ווײַסע באָרד, זײַן פנים לויכט. אַ דרך־ארץ׳דיקע שטילקײט באַהערשט אַלעמען. דער רב רעדט שטיל צום עולם מיט הארץ, יעדער וואָרט באַזונדער, ער רעדט וועגן דעם הײליקן טאָג יום־כפור. ער מאַכט אויך אַן אַפּיל, מענטשן זאָגן צו און מען גלויבט זײ אויפן וואָרט. מ׳עפנט דעם ארון־קודש, דער רב שטעלט זיך מיטן פנים צום ארון־קודש, אַלע שטעלן זיך אויף און דער חזן הײבט אָן זינגען די תפילה: „כל נדרי״, אַ ציטער גײט אַריבער מײַן לײַב, אָ, וואָס פאַר אַ הײליקײט. שפּעטער האָב איך געהערט אַז דאָס איז אַ גערער חסידים־שטיבל און דער בעל תפלה איז חזן ווערדיגער מיט זײַנע זין און משוררים. דער עולם קען די ניגונים און זינגט מיט, ס׳זינגען נאָר די מענער. ווען דער עולם האָט זיך געקלאַפּט אין האַרצן על חטא, האָב איך זיך אויך געקלאַפּט, ווי דער בחור, מײַן שכן, וועלכער האָט געהאַט אַ פּלאַץ נעבן מיר. איך קען אים נישט, און ער האָט מיך נישט געפרעגט ווער איך בין, און נישט געקוקט אויף מײַנע לאַנגע האָר און קאָסטיום. דער בחור האָט פאַרשטאַנען אַז איך פאַרשטײ נישט די ווערטער פון מחזור, האָט ער געפּרואווט פאַרטײַטשן מיר

וואָס מען זאָגט. איך האָב זיך אויפגעשטעלט, ווען אַלע האָבן דאָס געטאָן און אויך זיך געזעצט צוגלייך מיט אַלע. און אַ וואונדער איז, אַז אין דעם חסידים־שטיבל האָב איך דערפילט דעם הייליקן יום־טוב, די אויפריכטיקע טרערן, דאָס געבעט פון חזן, און דאָס פאַסטן איז מיר גרינג געווען.

נאָך דער איבערלעבעניש, האָב איך באַשלאָסן, אַז כ׳וועל ענדיקן קאַלעדזש און גיין אין דער אַרמיי, עס איז מיר נמאס געוואָרן דאָס אַרומגיין ליידיק, אָן אַ האָפענונג אויף ווייטער פאַר אַ בעסער לעבן. איך בין אַנטוישט, איך בעט אייך מיינע טייערע, נישט צו זיין ברוגז אויף מיר, פאַר קומען מיט מיינע יסורים און זאָרגן צו אייך, אַ מענטש קען נישט זיין אַליין.

אין דרויסן האָט געבלאָזן אַ קיל ווינטל, און נייטען אַליין האָט נישט באַמערקט ווי יוסף׳ס שוועסטערל אויף זיינע קני איז איינגעשלאָפן מיט אַ זיסן שמייכל. דער מאָרגן־שטערן האָט זיך באַוויזן און אויך ערגעץ ווייט... ווייט האָט אַ רויטער פלעק אָנגעזאָגט אַז די זון קלייבט זיך אויפצוגיין. מר. ראָזענבערג האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין בענקל, אַלע אַ חוץ מרס. ראָזענבערג, האָבן זיך אויפגעשטעלט, און צוגעקומען צו נייטענען. מר. ראָזענבערג האָט געזאָגט: „דיין נשמה איז נישט קיין פאַרלוירענע, נאָר אַ הייליקע, דו וועסט זיך באַרואיקן און געפינען דעם ריכטיקן וועג אין לעבן. עס קען זיין אַז דיינע עלטערן, האָבן דיך נישט פאַרשטאַנען, אָבער דיינע עלטערן זיינען נאָבעלע מענטשן, זיי האָבן דיך שטאַרק ליב״. נייטען איז צוגעגאַנגען צו דער מרס. ראָזענבערג׳ס „וויג־שטול״ האָט אַ גלעט געטאָן איר האַנט און קוים איינהאַלטנדיק די טרערן, איז ער אַוועק צו זיך אין הויז.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט נייטען זיך פאַרשריבן פריוווויליק קיין וויעטנאַם. ווען מ׳האָט אים געפרעגט, וואָס קען ער טאָן אין דער אַרמיי? האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. נייטען האָט געענדיקט קאַלעדזש ווי אַן עלעקטריק־אינזשינער, און ער קאָן נאָך אַליין גאָרנישט טאָן, ער האָט נאָך נישט פּראַקטיצירט, פילייכט זיך לערנען זיין אַ סאַניטאַר? אַ ביסל איז אים נאָענט די פּראָפעסיע, ווייל

זיין פאָטער איז אַ דאָקטער. מען האָט אים פאַרשריבן ווי אַ געהילף פאַר אַן אמבולאַנס, מיט דער אַרבעט פון אַ נוירס. מען האָט אים אָפּגעשיקט קיין ניו־דזשוירזי. ער האָט זיך אָפּגעשווירן, אָנגעטאָן מי־ליטערישע קליידער. ער האָט טעלעפאָנירט זיין פאָטער וואו ער איז, וואָס ער גייט טאָן און געבעטן ער זאָל זיך קומען געזעגענען, ער זאָל קומען אליין נישט מיט דער מאַמען. דער מאַמען זאָל ער איבערגעבן אַ גרוס, אַז זי זאָל זיך נישט זאָרגן וועגן אים. אויך האָט ער געשריבן עטלעכע ווערטער צו דער ליבער פאַמיליע ראָזענבערג, באַדאַנקט פאַר זייער פריינטלעכקייט, געוואונטשן דער פרוי ראָזענבערג אַ בעסערונג אין געזונט און געבעטן יוסף׳ן אים נישט פאַרגעסן און לאָזן וויסן וועגן זיך און זיין פאַמיליע פון צייט צו צייט. ער האָפט אַז ווען ער וועט צוריק קומען פון דער אַרמיי, אין וועלכער ער איז געגאַנגען אַלס פליכט צו זיין לאַנד, וועלן זיי זיך מיט אים נישט דאַרפן שעמען. דעם זעלבן אויפדערנאַכט, איז דר. גרינבערג געקומען מיט אַ העלי־קאָפּטער, מען האָט אים גלייך צוגעלאָזט צו זיין זון. נייטען האָט אויסגעזען שלעכט און אויסגעדאַרט אין זיינע מיליטערישע קליידער. פאָטער און זון האָבן זיך אַרומגענומען און געשוויגן, און דער פאָטער האָט געפרעגט: פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? מיין זון. „מלחמה איז טויט״, האָט דער פאָטער, אַ טרויעריקער, אַ זאָג געטאָן. פאָטער און זון האָבן אַ גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט צוזאַמען,ביידע האָבן געוויינט. אַלץ וואָס נייטענען האָט אַזוי שטאַרק וויי געטאָן, האָט ער זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. זיין פאָטער, דער דאָקטער, איז געזעסן אַ דערשלאָגענער, ער האָט איצט געזען זיין און דעם זונ׳ס לעבן אין אַן אַנדער ליכט. ער, דער גוטער דאָקטער, האָט געפעלשט אין זיין אייגענעם זון, ער האָט פּרובירט אים צוזאָגן אַלץ גוט צו מאַכן, אָבער עס איז געווען צו שפּעט. די נאַכט איז פאַרביי, דער זון האָט געבעטן איבערגעבן זיינע גוטע וואונטשן דער ליבער מוטער, זיינע פריינט און זיין ליבן חבר יוסף מיט זיין משפחה. זיי האָבן זיך צעקושט, געדריקט איינער דעם אַנדערן צום האַרצן און זיך צעשיידט. נייטען איז געווען פאַררעכנט אין אַ בריגאַדע פון דריי — אַ דאָקטער, אַ סאַניטאַר, ער האָט געדאַרפט פירן דעם אמבולאַנס, און העלפן אין אַ נויט ווי אַ סאַניטאַר.

אין עטלעכע טעג אַרום איז נייטען שוין געווען אין סאַמע פּייער. מען האָט געשלעפּט די פאַרוואונדעטע, געקראָכן ראַטעווען ווען מען האָט זיי באַשאָסן, געפּרואווט העלפן וויפל ער האָט געקענט און אַלעמאָל ווען ער איז געגאַנגען אונטער אַ האָגל פון קוילן, האָט ער געבעטן צו ג־ט פאַר הילף, ער זאָל זיי באַשיצן. איצט האָט ער דערזען די מלחמה מיטן טאַטנס אויגן, מענטשן זיינען געפאַלן ווי פליגן, פאַרוואונדעטע, צעקריפּלטע... עס האָט אים זייער ווייט געטאָן דאָס האַרץ פאַרן פאָטער. פאַר אים איז געשטאַנען דער טאַטע, נישט קיין ציניקער, נאָר אַ מידער, צעבראָכענער טאַטע, וואָס בעט פאַר־געבונג און אַ מעגלעכקייט גוט צו מאַכן... ער, נייטען, האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט אַזוי. זאָל זיין טאַטע בלייבן אין זיין זכרון אַ שטאָלצער גוטער מענטש, נישט אַ בעטנדיקער...

דער ערשטער פון זיין בריגאַדע איז געפאַלן דער דאָקטער, אַן ערנסטער מענטש, וועלכער האָט דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה און געבליבן אליין... ער האָט געוואָלט העלפן קראַנקע אויפן פראָנט מיט נאָר וואָס ער האָט געקענט, יעדער האָט אים ליב געהאַט. דער דאָקטער איז געפאַלן ביים שלעפּן אַ קראַנקן. ער, נייטען, און דער סאַניטאַר האָבן אים געבראַכט מיטן אַמבולאַנס אין שפּיטאָל, ער איז געשטאָרבן אויפן וועג. קיין צווייטער דאָקטער פאַרן אַמבולאַנס איז נישט געווען, עס איז געווען אַ מאַנגל אין דאָקטוירים. זיי האָבן זיך בײדע אַן עצה געגעבן, פּאַפּאָוו האָט געהייסן זיין פריינט. זיי האָבן געאַרבעט שווער, כמעט נישט גערוט, ביז זיי זיינען אַרויף אויף אַ מינע, זיין פריינט איז צעריסן געוואָרן, אים אליין האָט עס אַרוים־געוואָרפן פון דער מאַשין, ער איז לאַנג געלעגן באַוואוסטלאָז. ווען ער האָט געעפנט זיינע אויגן האָט ער זיך דערזען אין אַן אָקסידזשען טאַנק. ער האָט שווער געאָטעמט און שוויים איז געגרונען פון זיין פּנים. אַ יונגע בלאָנדע נוירס איז געשטאַנען ביי זיין בעט און אים געמאַכט אַן איינשפּריצונג. ער האָט געוואָלט עפּעס פרעגן און נישט געקענט עפענען די ליפּן. ווידער איז ער אַריין אין אַ הינער־פּלעט, ווען ער האָט זיך איבערגעוועקט, האָט ער געזען אַ דאָקטער, די נוירס און נאָך אַ פּאָר מענטשן. קיין אָקסידזשען טאַנק איז מער נישט געווען, מען האָט אים געגעבן אַ מעדיצין און געהייסן שלאָפן.

דער דאָקטער האָט געזאָגט: איצט אַז דער קריזיס איז אַריבער, וועט ער שוין לעבן, ער איז יונג און דאָס איז זיין מזל... ער איז ווידער געשלאָפן און לאַנג נישט געוואוסט צי ער האָט הענט און פיס און וואו ער איז און וואָס מיט אים איז געשען, זיין קערפּער איז געווען צעקלאַפּט און אַ וואונד אין דער רעכטער לונג, מען האָט אים גוט צוגעזען, אָבער ער איז לאַנג געווען קראַנק. ער געדענקט, ווען די נוירס האָט אים דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפירט אויפן וויג־שטול, אויף דער פרישער לופט, האָט ער געחלשט, עס איז אים געווען שווער צו אָטעמען. אין איין פרימאָרגן איז געקומען אַן אַנדערע נוירס. די פריערדיקע נוירס, וואָס האָט אים אַזוי לאַנג באַדינט, האָט געהאַט אַזויפיל געדולד צו זיינע קרעכצן און געשרייען, זי האָט אַלעמאָל געהאַט פאַר אים אַ טרייסט וואָרט און אים דערציילט, ווי אַזוי איר גאַנצע משפחה איז אומגעקומען פון אַ באָמבע אויפרייס, ווען זי איז געווען ביי דער אַרבעט — און זי איז איצט אויך טויט, זי איז דער־שאָסן געוואָרן ביים שלעפּן די בעטלעך מיט די פאַרוואונדעטע — דאָס איז מלחמה. זיינע פיס זיינען גאַנץ, אָבער ער האָט נישט קיין כוח אַרומצוגיין, ער נוצט אַ שטעקן, ער פילט אין זיך אַזאַ ווילן צום לעבן. איצט ווייסט ער שוין וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט געקראָגן אַ בריוו פון זיין פריינט יוסף, זיין מוטער איז געשטאָרבן, דער פאָטער איז קראַנק און שוואַך. זיי וואוינען איצט אין ישראל אין אַ קיבוץ. נאָך זיין מוטערס טויט האָט יוסף אָפּגעפירט איר קערפּער צו באַערדיקן אין ישראל, דער פאָטער האָט געוואָלט אַז ער זאָל בלייבן דאָרט, ביז ער און די משפחה וועלן קומען זיך באַזעצן אויף שטענדיק. אויף שנעל האָט מר. ראָזענבערג פאַרקויפט די גראָסערי, מיט דער הילף פון „דזשוינט" האָבן זיי זיך באַזעצט אין אַ קיבוץ און זיי זיינען זייער צופרידן. זיי אַלע בענקן נאָך אים און זיינען גערן אים צוזען. צפורה בעט אים איבערצוגעבן אַ ספּעציעלן גרוס... ווען נייטען האָט זיך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל און איז אַריין אין עראָפּלאַן אויפן וועג אַ היים, האָט ער שוין געוואוסט אויף זיכער, אַז ער וועט פועלן ביי זיינע עלטערן זיך צו באַזעצן אין ישראל, זיי וועלן זיך באַמיען צו־פאַריכטן דעם ריס צווישן אים און זיי. נייטען האָט זיך געהאַלטן ביי זיין באַשלוס. ביים אַהיימקומען, אין פלי־פּלאַץ, איז געקומען אַ גרופּע

פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, עס זיינען געקומען פיל פריינד, צווישן זיי זיין מוטער. אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט.

„וואו איז דער טאַטע״? האָט נייטען געפרעגט. ווען זיי זיינען געקומען אַ היים, האָט נייטען אַריינגעשריגן אין הויז, פון וויטן — „דעדי״! „איט איז מי״! ער איז געווען זייער מיד און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן. אַ נערוועזער איז ער אריין אין שטוב. די די הויז איז געווען פּוסט, וואו איז דער טאַטע? די מוטער האָט נישט אויסגעהאַלטן, געפאַלן מיטן קאָפּ אויף די פאַרבראָכענע הענט און וויינענדיק דערציילט: אַז דער פאָטער האָט זיך דערשאָסן אין דעם טאָג ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט נייטענען, ער האָט איבער־געלאָזט אַ בריוו פאַר אים, פאַר נייטענען, אויב ער וועט קומען געזונט פון דער אַרמיי. קיין איין קרעכץ האָט די מוטער נישט געהערט פון זון, קיין איין טרער נישט געזען, ער איז אריין אין זיין צימער, זיך אָוועקגעלייגט אויפן בעט און ווי ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אויפגעהערט טראַכטן, אויפגעהערט לעבן, זיינע אויגן זיינען געווען געווענדט צום בילד פון פאָטער אין מיליטער יוניפאָרם, וואָס איז געהאַנגען איבער זיין בעט. אַ גאַנצע דיסקוסיע האָט ער געהאַט מיט זיין טויטן פאָטער, ער האָט אים באַשולדיקט אין שוואַכקייט. פאַר זיינע אויגן איז געש־טאַנען דער דאָקטער פון אמבולאַנס, וויפיל לעבנס ער האָט געראַ־טעוועט. אָבער ווער איז ער צו משפּטן זיין פאָטער? יוסף האָט אים געלערנט אַז פריער ג־ט און דערנאָך די עלטערן זיינען הייליק. אַזוי איז געווען ג־טס ווילן, אַזוי איז געווען זיין פאָטערס ווילן. אַ פּאָר טעג איז ער אַזוי געלעגן אָן עסן און אָן טרינקען, געשריען פון שלאָף, געליטן שווידערלעכע ווייטאָקן סיי פיזיש, סיי גייסטיק. ער האָט געהערט זיין מוטער שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, און באַוואונדערט ווי קאָן זי לעבן אָן דעם טאַטן? ער איז דאָך געווען איר קרוין, איר גרויסקייט און זי גייט אָן מיטן לעבן פונקט ווי גאַרנישט וואָלט געשען. ער האָט זיך דערמאָנט אין בריוו וואָס זיין פאָטער האָט געלאָזן פאַר אים, ער לייענט און שלינגט די טרערן, זיין פאָטער בעט אים: ער זאָל אים פאַרגעבן, ער האָט אַלעמאָל עפּעס פאַרשפּעטיקט, סיי ביז דער צוויי־טער וועלט־מלחמה, און אויך איצט נאָך דער מלחמה ביים דערציען

דעם זון. ער איז מיד און האָט נישט דעם מוט אָנצוהויבן פּונדאָסניי. ער בעט אים אָפּצוהיטן די מאַמען, זי האָט אויך נישט פאַרשטאַנען דעם זון, זאָל ער איר העלפן געפינען אַ וועג צו זיך, זי וועט זײַן שטאַרק צעבראָכן. ער קושט אים און בענטשט אים, אויב אים וועט זײַן שווער אין לעבן, זאָל ער זיך האַלטן מיט דער ליבער פאַמיליע ראָזענבערג, זיי זײַנען אמתע פרײַנט און וועלן אים נישט פאַרלאָזן. דער בריוו האָט געהאַט אַ סך פלעקן פון זײַנע טרערן, דער בריוו איז אַרויסגעפאַלן פון זײַנע פאַרחלשטע הענט.

יעם — האָט ער זיך געזאָגט — איצט, מער ווי אַלעמאָל, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרקויפן דאָס הויז מיטן טאַטנס אָפיס און פאָרן צו זײַן פרײַנט קיין ישראל, ער דאַרף און מוז האָבן פרײַנט. ער איז אַראָפּ פון זײַן בעט, געעפנט די טיר און זיך געלאָזט גיין פון די טרעפּ אַראָפּ צו זײַן מוטער. ער האָט זײַן מוטער געטראָפן אַ געעלטערטע, אַ שוואַכע, גרויע פרוי, זיצן אַ פאַרשולדיקטע אויפן בענקל נעבן דער טיר. ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט, געפאַלן דעם זון אויפן האַלדז און לאַנג געוויינט. ער האָט געגלעט איר פּלייצע און געשעפּטשעט: מאַמע, ס׳וועט זײַן גוט, ס׳וועט נאָך גוט זײַן... און אַליין געווישט זײַנע טרערן. ער האָט איר געגעבן דעם פאָטערס בריוו, זי האָט אים געזאָגט אַז זי האָט דעם בריוו געלייענט און זיך געשראָקן ווי אַזוי ער וועט האַנדלען. — „וועסטו מיט מיר פאָרן קיין ישראל?“ פרעגט נייטען. — „אַלץ וואָס דו וועסט פאַרלאַנגען, מײַן קינד, וועל איך טאָן“... שפּעטער האָט נייטען אַלץ פאַרקויפט אַ חוץ דעם פאָטערס און מוטערס בילדער און נאָך קלייניקייטן. נייטען האָט געבעטן זײַן מוטער אים מוחל זײַן, פאָרן פאָרן דאַרף ער איין טאָג צום געזעגענען זיך מיט זײַנע פרײַנט. אין דרויסן איז געווען אַ שניי מיט אַ ווינט, נייטען איז געפאָרן קיין מאַנהעטן, וואו ער האָט צענויפגערופן זײַנע פרײַנט, די „היפּיס“ און ביטניקעס זיך צוזאַמענקומען פאָרן זאָגן זיי „גוד־ביי“.

ווידער גייט נייטען איבער וואַשינגטאָן־סקווער, איבער בליקער סטריט. ער גייט פאַרביי די בענק שיטער באַזעצט פון מענטשן. ס׳איז קאַלט און נאַס פון שניי, אַ פּאָר טייבעלעך בלאָנדזשען צווישן די

בענק, זיי זוכן שפּייז, טאָמער וועט אימעצער זיך דערבאַרעמען אויף זיי. ווי אַמאָל זעט ער פון רעסטאָראַנט־שויב, איינגעראַמט אין בלויען גלאָז, קעפּ פון יונגע מענער מיט בערדלעך, די משוגעים פון גרינימיטש ווילעדזש. ווער זיינען זיי? פּוסט און פּאַסטניקעס, צי דען איז ער אויך אַזוי געווען? ער קומט צום פּלאַץ, וואו זיינע אַמאָליקע פריינט וואַרטן אויף אים. דאָס האַרץ קלאַפּט, ער עפנט די טיר, אַ טויטע שטילקייט. וואו איז דער העלאָ? דער הוראַ? ער זעט אַנטוישטע פּנימער, קרענק־לעכע. נישטאָ, פאַרשוואונדן די פרייד... ער שפּאַרט זיך אָן אויף זיין שטעקן און קומט צו צום טיש, וואו ראָני, דער פילאָזאָף האָט עפּעס גערעדט און ער האָט אים איבערגעשלאָגן. נייטען הויבט אויף זיין האַנט, דער פילאָזאָף אַן אָנגעבלאָזענער זעצט זיך, נייטען קוקט אויף זיינע פריינט מיט ליבשאַפט און רחמנות. די איצטיקע שטילקייט דערמאָנט אים אין דער שוהל, יום כיפּור אין גערער חסידים שטיבל. ער רעדט צו זיי שטיל און מיט געפיל: „העלאָ! מיינע פריינט, דאָס בין איך נייטען, אייער פריינט, וועלכער האָט געטיילט מיט אייך גוטס און שלעכטס. איך בין געקומען אייך זאָגן: העלא און גוד־ביי. אין עטלעכע ווערטער האָט ער דערציילט וועגן זיינע וואַקלעניש, וועגן דער מלחמה, וועגן זיין פאָטערס טויט און די חרטה פון אים אליין, וואָס צוליב אים האָט דער פאָטער זיך גענומען דאָס לעבן... איך בין נישט געקומען אייך אַגיטירן, טראַכט זיך אַריין און גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אפשר וועלן נאָך אייערע עלטערן, חלילה שטאַרבן פון ערגערניש, אויב איר פאַרמאַגט נאָך אַביסעלע ליבע צו זיי, גייט צוריק אַ היים און דערפרייט זיי. ער האָט אָנגעוויזן אויף די מאַסן הונגעריקע אין צייט פון מלחמה, וויפל זיי קענען העלפן זייער לאַנד. ווען מיר זיינען יונג ווילן מיר עפּעס נייעס, אַזוי איז געווען מיט מיר, איך בין מיד און האָב באַשלאָסן זיך צו סעטלען. איך האָב אָפּ־געגעבן מיין חוב צו „אָנקעל סעם", איצט פאָר איך מיט מיין מוטער קיין ישראל, וואו איך וועל אָנהויבן אַ ניי לעבן. ווען איר וועט קומען קיין ישראל, זוכט מיך אָפּ. איך האָב אייך אַלעמען ליב און זע אין אייך זיך אליין... עס האָבן זיך געצויגן הענט, מען האָט אים געוואָלט קושן. אפילו דער פילאָזאָף האָט אַ פּיר געטאָן מיט זיינע פינגער איבער זיינע ווייסע האָר און געזאָגט: „איי־בעטיו", ער איז גערעכט,

איך גיי היינט זעען מיין „אַלד פאָלקס", און ער האָט אָפּגעווישט אַ טרער פון זיין באַק.

ביים פלי־פעלד, וואו נייטען און זיין מוטער זיינען געקומען אָפּ־פליען קיין ישראל, זיינען געקומען אַ סך פריינט און בעקאַנטע, פון אָרגאַניזאַציעס וואו דר. און מרס. גרינבערג האָבן באַלאַנגט. ס'זיינען אויך געקומען אַלע פריינט נייטענס פון גריניטש־ווילעדזש. וואָס זיינען זיי שולדיק? זיי זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן פון פאַלשע אידייען ווי ער, אַזוי די גאַנצע יוגנט היינט צו טאָג. זיי זיינען אים אָבער טייער. ער האָט מיט זיי דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס. ער זעט ביי אַ סך פון זיי טרערן אין די אויגן. ער קאָן נישט איינהאַלטן די טרערן, זיין טאַטע... מען האָט אים געבראַכט בלומען און אַנדערע זיסע זאַכן מיטצונעמען. זיי זיינען אומעטיק און שרעקן זיך, אַז די עלטערן וועלן זיי נישט וועלן צוריק אריינלאָזן אין הויז. נייטען גיט זיי מוט און בעט אַלעמען אים צושרייבן און קומען קיין ישראל אים זען. ער האַלט די מוטער אונטערן אָרעם, זיין כעס צו די עלטערן איז שוין לאַנג אַוועק. ער וועט איר היטן ווי דער טאַטע האָט געבעטן...

אין ישראל האָט אויף זיי געוואַרט יוסף און צפורה, ביידע פריילעך און פיין אָנגעטאָן, אָפּגעברענטע פון דער זון. יוסף און נייטען נעמען זיך אַרום אָן ווערטער. אויך צפורה קושט מרס. גרינבערג און באַגריסט זיי מיטן קומען קיין ישראל. זיי נעמען אַ באָס וואָס פירט זיי גלייך צום קיבוץ. נייטען פרעגט ביי יוסף'ן אויף זיין פאַמיליע און יוסף ענטפערט אים אַז אַלץ איז בסדר, עס וועט זיין אַ גרויסע שמחה מיט די טייערע געסט. עס איז אַוועק אַ יאָר, מען האָט געפּראַוועט צוויי חתונות; מר. ראָזענבערג און מרס. גרינבערג, אויך נייטען און צפורה האָבן חתונה געהאַט.

אין שטוב איז אומעטיק און פריילעך. מען קען נישט פאַרגעסן דעם גרויסן פאַרלוסט פון די טייערע, און פריילעך וואָס די משפחה איז גרעסער געוואָרן... יעדער ווייסט וואָס און פאַר וועמען ער טוט. ס'איז זייער לאַנד, זייער היים.

# שונאים

דאָס איז געווען איין חודש פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה
אין מאַי 1941. די פאַמיליע פון הרב ראַבינאָוויטש האָט געוואוינט
אין פוילן אין אַ קליין שטעטעלע ראַקיטנאַ. פון דור צו דור חסידישע
מענטשן. זיי האָבן זיך שטאַרק געמאַטערט מיט פרנסה, האָבן לאַנדס־
לייט פון אמעריקע זיך דערבאַרעמט און אַרויסגעשיקט צום רב ר׳
שלום ראַבינאָוויטש אַ וויזע, און אַז ער וועט זיך איינאָרדענען וועט
ער אויך די משפחה קענען ברענגען צו זיך. עס זיינען אַוועק אַ
פּאָר יאָר, ער שיקט צוביסלעך געלט און האָפט צו ג־ט אַז ער וועט
אויך די משפחה קענען ברענגען. זעט אויס אַז ר׳ שלומן גייט ניט
אַזוי גוט אין גאָלדענעם לאַנד. פון זיינע בריוו קען מען ניט פאַרשטיין
צי בענקט ער אַזוי שטאַרק צו דער אַלטער היים אָדער צו זיין ליבער
משפחה. זיין פרוי, רבקה, באַקלאָגט זיך ניט, זי טראָגט דעם יאָך פון
זיבן קינדערלעך קיין ע״ה. ווען אַ מענטש לעבט מיט האָפענונג, איז
גאָרניט צו שווער. דער עלטסטער זון מאיר האָט געלערנט אין ישיבות,
געגעסן טעג... געהונגערט... די עלטערן זיינע האָבן געהאָפט אַז
ער וועט זיין אַ רב. אים אָבער האָט זיך געגלוסט שטודירן, פאָרן אין
אַ גרויסער שטאָט, זיך דערנערן אלס אַ לערער. דאָס ביסל געלט,
וואָס דער פאָטער האָט געשיקט אַ היים איז געווען ווייניק פאַר
דער גרויסער פאַמיליע, האָט זיין פאָטער געשריבן, אַז ער, מאיר,
זאָל זיך לערנען שחיטה און קומען צו אים. שוחטים האָט ער געשריבן,
פאַרדינען אַ סך געלט. מאיר האָט זיך געלערנט שחיטה. ווען ער האָט
דעם ערשטן מאָל מיט זיינע אייגענע הענט געקוילעט אַ הינדל, איז
ער געקומען אַ היים אַ בלאַסער און אויפגערעגטער — איך קען עס
ניט, איך וועל עס ניט טאָן. זיין מאַמע האָט אים ווי אַ קינד געגלעט,
געקושט און טרערן האָבן באַגאָסן אירע באַקן. אָן ווערטער האָט זי
געוויזן אויף די אַלטע צעבראָכענע מעבל, אויף די האַלב־נאַקעטע
קינדער. זי האָט געזאָגט: וויל איך דען אַז דו זאָלסט פאָרן? האָב

איך געוואָלט אַז דײַן ליבער טאַטע זאָל פֿאָרן? ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך ווידער זען. אפֿשר וועט דײַן מזל העלפֿן אַז מיר זאָלן אויפֿגעריכט ווערן, און ווידער זײַן צוזאַמען. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגענט — וויפֿל פּײַן און לײַדן אין אירע אויגן. ער האָט נאָכגעגעבן און געפֿאָרן קיין ניו־יאָרק. די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן צוויי קליינע וואַליזעס. פֿאַר זײַנע אייגענע זאַכן וואָלט איינע אויך גענוג געווען. די צווייטע איז פֿול מיט פּעקלעך פֿאַרן פֿאָטער און קרובים.

מאיר האָט ניט באַוויזן זיך צו דערווייטערן פֿון דער היים, ווי דער צוג האָט זיך פֿאַרהאַלטן, און נאָכער גאַר פֿאַרקירעוועט אין דער אַנדערער זײַט צו די גרענעצן פֿון רוסלאַנד. די מלחמה מיטן דײַטש האָט אויסגעבראָכן. אים האָט זי פֿאַרוואָרפֿן טיף אין מיטל אַזיע. אימעצער האָט ביי אים צוגענומען זײַנע וואַליזעס. זײַן אַנצוג איז געווען צוריסן אויף פּיצלעך. די שיך — מיט שטריקלעך פֿאַרבונדן. ערגעץ אין אַ שול האָט מען זיך אויף אים דערבאַרעמט, מען האָט אים געגעבן אַ געלעגער אַלעמאָל אין אַן אַנדער אָרט. ער איז געווען אַ שיק אינגל ביי יעדן יידן וואָס האָט אים געגעבן עפּעס עסן. די ליבסטע צײַט איז פֿאַר אים געווען שבת און יום־טוב, פֿרומע מענטשן האָבן ליב געהאַט מיט אים פֿאַרברענגען אין תּורה. קיין שוחטים האָט מען ניט גענדאַרפֿט, צו ביסלעך האָט מאיר אליין אָנגעהויבן פֿאַרדינען. פֿון דער היים און פֿון טאַטן האָט ער גאָרניט געהערט. די יאָרן פֿון מלחמה זײַנען געגאַנגען, באַקאַנטע האָבן אים גערופֿן דער ישיבה־בחורל. זײַן אויסזען איז געווען איידל, הויך און שלאַנק מיט אַ שיינעם פּנים און מיט פֿאַרטראַכטע אויגן. מען האָט אים אפֿילו פּרובירט רעדן אַ שידוך. ער האָט געבענקט נאָך זײַן משפּחה און געחלומט וועגן זײַן פֿאָטער, וועלכער וואַרט אויף אים. די מלחמה האָט זיך געענדיקט, ווי אַלע פּוילישע איז ער געפֿאָרן מיט עשאַלאָנען דורך גאַנץ אייראָפּע און דײַטשלאַנד. זײַן משפּחה האָט זיך ניט געפֿונען אין דער ליסטע פֿון לעבנגעבליבענע, האָט ער געהאָפֿט אויף אַ נס אפֿשר האָבן זיי זיך געראַטעוועט און זײַנען צוזאַמען מיטן פֿאָטער. ער האָט זיך געהאַלטן מיט אַ גרופּע ישיבה־לײַט, ביי 500 מענער, פֿרויען און קינדער.

ווי נאָר זיי האָבן פאַרלאָזן רוסלאַנד, האָט מען אים אָנגעטאָן אַן אַנצוג. דער דזשאַינט האָט אים געהאָלפן קריגן פּאַפּירן קיין אמעריקע. אין זיין בוזעם קעשענע האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן דאָס צעקנייטשטע פּאַפּירעלע — דעם פּאָטערס אַדרעס, וועלכן ער האָט אָפּגעהיט ווי אַ הייליקע קמיע. עסן, טרינקען האָט אים אין וועג ניט געפעלט.

דער גאַנצער וועג קיין אמעריקע איז געוואָרן איינגעקריצט אין זיין האַרצן. דער עשאַלאָן מיט די ישיבה־לייט איז געפאָרן לאַנגזאַם. אויסגעהונגערטע פון פאָרן אין לאַסט־וואַגאָנעס, האָבן זיי זיך פאַר־זאַמלט אין לאָדזש אין אַ הויף פון אַ שוהל. דאָרט האָט יעדער גע־קראָגן קליידער, געלט און עסן. דאָ זיינען הערצער צוריסן געוואָרן צוליב פאַרלוירענע האָפענונגען צו טרעפן אימעצן פון דער משפחה.

טשעכאָסלאָוואַקיע — פּראָג. אויף בעטלעך פאַר די לאַגערניקעס, דער פּלאַץ אַרומגעצוימט מיט דראָטן. אָט לויפט די באַן קיין פראַנק־רייך. מאיר האָט גענומען באַטראַכטן די לאַנדשאַפט, עס לויפן פאַרביי גרינע פעלדער, הייזער קוקן אַרויס פון צווישן ביימער, סטאַדעס בהמות, שעפּסן, ברוין־צעאַקערטע ערד, בריקן, שטויביקע וועגן צווישן בערג און פעלדער. איבער אַלץ אַ בלויער הימל און פאַרנעפּלטע האָריזאָנטן.

ווי אומשולדיק די נאַטור זעט אויס, ווער קען זיך גלויבן אינעם חורבן פון יידישן פאָלק? מאיר וויל האָפן אַז זיין משפחה האָט זיך געראַטעוועט, און ווי נאָר ער וועט קומען קיין אמעריקע, וועט ער אַלעמען טרעפן לעבעדיק און געזונט. זיין פאָטער וועט זיין צופרידן, ער האַלט זיך מיט אַ גרויסן עולם ישיבה־לייט. דאָ זיינען פאַראַן מענטשן פון אַלע ישיבות, ליטווישע, פּוילישע — אַלע האָבן איין ג־ט, איין תורה, איין שטרעבונג — אָפּהיטן ג־טס וועגן, און ער איז איינער פון זיי. אַמערסטן האָט זיך אים פאָרגעדענקט פראַנקרייך לעבן ווערסיי אין באַאי איז געווען אַ גרויסער הויף — אַ שאַטאָ מיט אַ סך שטאָקיקע הייזער, צעוואָרפן צווישן בוימער און גראָז. זיי האָבן געהאַט זייער בית המדרש. אויפדערנאַכט אויף די וועראַנדעס האָט מען געקענט זען גרופּעס זיצן און לערנען תורה. זיי האָבן געהאַט זייער קיך, וואו מען האָט געקאָכט פאַר די וועלכע קאָנען אליין נישט

קאָכן, אָדער ווילן זיך ניט פאַרנעמען מיט דעם. זייער דאָקטער אויך אַ ישיבה מאַן. מען האָט זיך געהאַלטן ווי איין גרויסע פאַמיליע. יעדנס פרייד איז געווען אַ פרייד פאַר אַלעמען. דער טרויער איז געווען אַ טרויער פאַר אַלעמען. מען האָט געמאַכט חתונות, און אַלע האָבן זיך געפרייט ווי אויף אַן אייגענער חתונה. אויך ער, מאיר, האָט דאָרטן חתונה געהאַט מיט אַ שיינער באַשיידענער מיידל, אַ שוחט׳ס אַ טאָכטער, חנהלע האָט זי געהייסן. קיין עלטערן האָט זי ניט געהאַט, זיינען אַלע געווען מחותנים. אַלע האָבן געטאַנצט און באַשיינט די חתונה. וועאר איז געווען צו אים גלייך. ער געדענקט ראש השנה, ווי מען איז געגאַנגען צו תשליך צו אַ ברונעם, דעם גאַנצן וועג האָט מען געטאַנצט. פאַרוים האָבן געטאַנצט די קינדערלעך, נאָך זיי די מענער, פאַרפלאָכטן הענט איבער האַלדז און נאַקן, נאָכער די פרויען. מען האָט געטאַנצט און געזונגען מיט פרייד, ווי אויף אַן אייגענער שמחה.

ווען מאיר איז געקומען קיין אמעריקע, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ אַטאַקע. קיין רב איז ער אין אמעריקע ניט געווען נאָר אַ שמש אין אַ שול. די משפּחה איז אומגעקומען ביי די דייטשן. דאָס אַלעס האָט ער זיך דערוואוסט דורך זיינע לאַנדסלייט, וואָס דער דזשאָינט האָט ביי זיי געקראָגן אַ וויזע פאַר אים. מאיר איז געוואָרן שמש אויפן אָרט פון זיין פאָטער, געווען דערשלאָגן און טרויעריק. עס האָט זיך אין אים אויפגעוועקט דער ווילן צו לערנען. אין די פּאָר פרייע שעה אין טאָג, האָט ער געלערנט ענגליש. ער האָט זיך אַרומגעזען אַז זיין אַ שמש איז ניט פאַר אים, האָט ער געפּרואווט ווערן אַ שוחט, האָבן די יוניאָנס אים ניט דער־לאָזט. האָט ער פּרובירט לערנען מיט קינדער אין אַ תלמוד תורה, האָבן די קינדער אָפּגעלאַכט פון זיין ענגליש. מאיר האָט באַשלאָסן ניט אויפצוגעבן. אין וויליאַמסבורג האָט ער געפּרואווט אַ רעד טאָן מיט ישיבה בחורים, וועלכע האָבן געהאַט הונגער אין די אויגן, עקשנות אַרום די ליפּן, און דעם אייפ׳ער פון בני־תורה, מיט היץ און ליבע צום לערנען, ווי די ישיבה בחורים פון אַנדערע ישיבות. קיין אַרבעט האָט מאיר ביי זיי ניט געקראָגן, ער איז געווען פון אַ ליטווישער ישיבה — דאָ זיינען זיי בעלזער, אָדער סאַטמערער. זיי זיינען געבוירן אין אמעריקע און האָבן אויף אַלץ אַן ענטפער.

חנהלע האָט געשוואַנגערט. זיי האָבן געוואוינט אין אַ דריי צימערדיקער דירה אין עסעקס סטריט. ברום סטריט האָט אויסגעזען ווי אַ קליין שטעטל, גראַנד סטריט איז געווען לעבעדיקער. די אַלטע גאַסן פון דער איסט-סייד זענען אים ניט געווען געפעלן. בייטאָג רוישן די יידישע קוואַרטאַלן ווי באַזאַרן. אָט זעט ער רידזש סטריט, ריווינגטאָן סטריט, וואָס פאַר אַ מיש-מאַש דער איסט-סייד איז — דאָ איז אַ קראָם מיט שבת׳דיקע לייכטער, דאָ איז אַ קראָם פון בייזבאָל זאַכן, דאָ איז אַ סאַלאָן פון ביר און וויסקי, דאָ איז אַ שוי פענסטער פון טליתים מיט זילבערנע עטרות.

ביי אים אין הויז איז געווען ריין, אָבער דעם דלות האָט מען געקענט אָנטאָפּן מיט די הענט. זיינע פריינט האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט — ווער עס איז געוואָרן אַ בוטשער, ווער עס האָט פאַרלאָזן ניו-יאָרק און געפאָרן אין די קליינע שטעטלעך זיין אַ שוחט אָדער אַ מלמד. ער האָט קיין מזל ניט געהאַט.

צוביסלעך האָט מאיר זיך דערוואוסט מערער וועגן זיין טאַטן. מען האָט ניט אָפּגעשאַצט זיין וויסן אין תורה. מען האָט געוואָלט ער זאָל זיך אַמעריקאַניזירן. אַלע זיינע לאַנדסלייט האָבן דאָס געוואָלט. ער האָט ניט געקענט ווערן אַ האַלבער ייד, איז ער, נעבעך, געגאַנגען געבראָכן מיט פרנסה.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן מאיר מיט זיין פרוי געקראָגן אַן איינלאַדונג צו אַ באַנקעט פון די לאַנדסלייט, לכבוד די נייַ-אָריבער-געקומענע. נאָך לאַנגע טראַכטענישן, זיינען זיי אַוועק צום באַנקעט, דאָס איז געווען אין מאַנהעטטן. ווען מאיר מיט חנה׳ן זיינען אַריין אינעווייניק, איז דער זאַל געווען איבערגעפּאַקט. דער צוועק — אַן אָפּיל פאַר ארץ ישראל. אין פראָנט טיש זיינען געזעסן געהויבענע געסט.ביידע, מאיר און חנה, האָבן זיך געזעצט אויף זייערע זיץ פלעצער ביים דורכגאַנג. זיי האָבן באַגייסטערטע געקוקט אויפן עולם. עס זיינען אַרויסגעטראָטן רעדנער, אַגיטירט און באַוויזן אַז ווערנאָך ווי זיי, דאַרפן זיך אָנשטרענגען און העלפן בויען דאָס יידישע לאַנד, זייער היים. זאָל יעדער קויפן באָנדס... ווי ערשטווינט איז מאיר געוואָרן, ווען ער האָט דערזען לעבן זיך דעם פאָרזיצער פון דעם

פאַריין — מר. לערנער. — קומט אַרוים אויף אַ פּאָר מינוט, איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדן. איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז אונזער באַגעגעניש איז ניט קיין צופעליקע, איך אַליין האָב אייך געשיקט די איינלאַדונג, איך האָב פאַרשריבן די נומערן פון אייערע פּלעצער. ער האָט געוואונטשן זיי גליק אין דעם נייעם לאַנד, און געזאָגט: איך בין שוין אַ עלטערער מענטש, אין דער אַלטער היים, זיינען מיר, איך און דיין טאַטע, זכרונו לברכה, געווען חברים אין ישיבה. מיר זיינען געווען זייער געטריי איינער צום אַנדערן, איז קיין וואונדער ניט, וואָס ווען איך בין אָפּגעווען אין אמעריקע אַ שיינע פּאָר יאָר, האָב איך געקראָגן אַ בריוו פון דיין טאַטן — פּיליכט קען איך אים שיקן פּאַפּירן, וואָלט ער גערן געפאָרן קיין אמעריקע, ווייל אין קליינעם שטעטל איז זייער שווער צו האָבן פּרנסה. עס האָט לאַנג ניט גענומען און מיר האָבן זיך באַגעגנט. ער האָט אויסגעזען הויך, שיין און בכבוד׳דיק, אָבער קיין אַרבעט האָט ער ניט געקענט אָנהאַלטן. אַלעס האָט געשמעקט מיט אַפּיקורסות, מיט פאַלשקייט. די שטעלע פאַר אַ רב איז געווען אין אַ קאָנסערוואַטיווער שול. קיין משגיח האָט ער אויך ניט געקענט זיין, ווייל מען פלעגט שטעלן שטעמפּלם אויף ניט־קיין־כשרע זאַכן. ער איז געוואָרן אַ סעילסמאַן. אין דער היים וואַרט מען אויף זיינע פּאָר גראָשן אַ פרוי מיט 7 קינדערלעך, האָט ער געבעטן דיך קומען, און זיך ניט דערוואַרט. די גאַנצע משפּחה איז נעבעך אומגעקומען. יעצט צו דער זאַך, איך פיל אַ חוב צו דיין פאָטער — איך אַליין בין רייך, איך מאַך אַ לעבן ביי סטאָקס, דאָס הייסט אויף וואָל סטריט — אַזאַ בירזשע. איך וויל אייך געבן אַ פּאָר דאָלער, איר וועט מיר אָפּגעבן, איך וועל דיך באַקענען ווי מען מאַכט דאָרט פּרנסה, דאָרט קענסטו בלייבן אַן ערליכער ייד. איך בעט אייך — זאָגט מיר ניט אָפּ! שבת און זונטאָג איז דאָרט געשלאָסן. דאָ איז אַן אַדרעס, אויב דו, מאיר, וועסט מיך ווילן זען, קום מאָנטאָג עלף אַזייגער.

ביז מאָנטאָג האָבן מאיר און חנה ניט געקענט באַשליסן, אָבער אַזוי ווי מען דערלייגט גאָרניט צום געשעפט, האָט מאיר זיך איבערגעטאָן אין שבתדיקן אַנצוג, און פונקט 11 אַזייגער האָבן ביידע נייע פריינט געשפּאַנט איבער וואָל סטריט.

די זון האָט באַלויכטן די קאָרניזן און דעכער פון די הויכע הייזער. מאיר האָט אַרויפגעקוקט אויפן טורעם פון דער „באַנקירן־קאָמפּאַני״, ער האָט מיט די אויגן איבערגעציילט דרייסיק שטאָק. די געגנט איז אים געווען פרעמד. מר. לערנער האָט אים געזאָגט — דאָ ליגט דאָס רייכטום פון דער וועלט, אויף וואָל סטריט רינט דאָס גאָלד פון דער וועלט. ווען מיר וועלן אַריינגיין אינעווייניק אין דער בערזע, וועסטו זען די אמתע סטאָק־הענדלערס, די צוקונפטיקע מיליאָנערן.

דאָ ווענד זיך ווי מען שטעלט איין ביי די אַקציעס, אויב איינער פאַרלירט ביים קויפן סטאָקס, איז עס דערפאַר וואָס ער האָט ניט נאָכגעקוקט דעם רעקאָרד, ער האָט אַריינגעלייגט אַ קליינעם חלק געלט, און ס׳איבעריקע צוגעבאָרגט ביי דעם פאַרמיטלער־בערזע מעקלער. אַזאַ איינער קען ניט אויסהאַלטן אַ מינדסטן בלאָז פון אַ ווינט, מען דאַרף ריזיקירן. איך וויל דיר פאָרלייגן אַ מתנה, שטעל איין דאָס געלט, און זאָל דיר זיין מיט גליק.

די געביידע איז געווען אַן איינפאַכע. זי האָט אפילו ניט אויס־געזען ווי אַ באַנק־הויז. זיי זיינען אַריינגעקומען אין אַ גרויסן זאַל, צעטיילט מיט ווענטלעך און פענסטערלעך. אין יעדן אָפּטיילונג אַ שרייבטיש מיט אַ שטאָלענער שאַפע, פון וועלכער אויף רעדלעך פאָרן אַרויס שווערע שופלאָדן. היינט איז געווען דער טאָג פון וויזיטן. מען האָט געוויזן אויפן פילם ווי עס האָבן אויסגעזען די ערשטע טראַנ־זאַקציעס. מאיר איז געפירט געוואָרן פון איין זאַל צום צווייטן. זיי זיינען געשטאַנען אויף דער גאָלעריע אויבנ־אָן, געבויט ווי אַן אַמפי־טעאַטער. אויף דעם באַלויכטענעם לייוונט איז געלאָפן אַ לענטע מיט בוכשטאַבן. מאיר האָט געקוקט אַראָפּ צום פילקעפּיקן עולם, ער האָט זיך אליין געפרעגט: ווער זיינען די קויפער און פאַרקויפערס — קבצנים אָדער מיליאָנערן? מיט אַ פּאָר דאָלער קען מען איינהאַנדלען סטאַקס, אָבער ווען די רייכע גלוסט זיך אַ שאָקל טאָן די אָרימעלייט, ברעכן זיי האַלז און נאַקן. עס איז אַ לויפעניש, אַ גערודער. לעבן מאירן איז געשטאַנען זיין פריינט מר. לערנער, דו האָסט געזען — יעצט מאיר וויל איך איבערחזרן וואָס איך האָב שוין געזאָגט. די ערשטע פּאָר טויזנט דאָלער וועל איך דיר געבן, גיי זוך אָפּ אַ מעקלער,

און פּרוביר דיין מזל, אויב דו וועסט רייך ווערן — שיק דאָס געלט קיין ישראל, אויב דו וועסט פאַרלירן — ביסטו מיר גאָרניט שולדיק. איך האָב געגנוג. באַטראַכט זיך מיט דיין ליבער פרוי, איך האָב דיר נאָכגעשפּירט די גאַנצע צייט פון דיין זיין אין אמעריקע, אַ מענטש טאָר ניט זיין אַזוי שטאָלץ. גלויב מיר, איך האָב ניט געוואָלט אַז עס זאָל געשען מיט דיין פאָטער, וואָס עס איז געשען. ער איז געווען יינגער און בעסער פון מיר. איך בין ניט קיין פרומער, אָבער איך האָב שטאַרק רעספּעקטירט זיין פרומקייט, דאָך קיין פּרנסה האָט ער ניט געהאַט, און ניט געוואָלט אָפּנויגן פון זיינע וועגן אפילו צוליבן הויזגעזינד.

נאָך לאַנגע באַראַטונגען און איבערלייגענישן האָבן מאיר און חנהלע גענומען די צוויי טויזנט דאָלער. זיי זיינען דעם טאָג געגאַנגען צוזאַמען. זיי האָבן געוואונען. דער טעם פון אומגעריכטער עשירות האָט מאירן און חנהן פאַרשיכורט.

נאָך די ערשטע פּאָר וויזיטן אויף וואָל סטריט, איז מאיר געווען פאַרקאָכט אין דעם קעסל פון גאָלד. דער אַפּעטיט האָט זיך צעפלאַקערט און זיינע איינשטעלענישן זיינען געוואָרן גרעסער. ער האָט גלייך גע־לאָזן וויסן זיין לאַנדסמאַן, אַז ער שיקט אָפּ דעם חוב — די צוויי טויזנט דאָלער.

אַלעס איז געקומען צוזאַמען. חנהלע האָט אים געבוירן אַ צווילינג — 2 מיידעלעך. שיינדעלע — די ערשט־געבוירענע, אַ נאָמען נאָך מאירס מוטער, און פייגעלע — אַ נאָמען נאָך איר מוטער. דער כבוד איז געקומען צוזאַמען מיטן רייכטום. ווי אַ פרומער בחור האָט ער אַ טייל פון זיין פאַרדינסט אָפּגעגעבן פאַר צדקה. ער האָט גע־קראָגן אַ דירה אויף וועסט ענד עוו. אין מאַנהעטן, וואָס האָט אַרויס־געקוקט צום האדסאָן. דורך די פענסטער האָט מען געקענט זען שיפן און די גרויסע געביידעס פון דער שטאָט ניו־יאָרק. ער האָט נאָך געבראַכט מיט זיך דעם געשמאַק פון אַ פרומען יונגערמאַן. צווישן די שיינע און טייערע בילדער, טעפּיכער און קריסטאַלן, האָבן זיך אויך געפונען אַ מנורה, אַן אתרוג־פּושקע, אַ כוס של אליהו אין דער גרויס פון אַ קרוג, אַ חלה־צודעק מיט קאָלירטע ירושלים־אויסנייענגען.

אין 7-8 יאָר פון זינט מאיר האָט איבערגעטראָטן די שוועל פון וואָל סטריט, האָבן פּאַסירט זייער אַ סך זאַכן.

ער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו דאַוונען. אין זיין הויז האָט מען שוין ניט געהיט שבת. מיט דער דינסט, ווייב און קינדער האָט מען גערעדט ענגליש. קיינער האָט אים איצט ניט גערופן דער גרינער, קיינער האָט ניט געדענקט זיין יוגנט. צום אָנהויב איז אים אפילו געווען אַ ביסעלע שווער. ער געדענקט אפילו נישט ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן: אַ פאַרנומענער טאָג אויף דער בירזשע, פאַרפעלט אָנטאָן תפילין, אַ בים אין לאַנטשאַנעט... אַזוי איז דאָס געגאַנגען. ער איז געגאַנגען צו פאַרברענגענישן-פּאַרטיס, געגעסן טריפות... די ערשטע צייט האָט עס אים געעקלט, אָבער ער איז אַ גוטער, נאַציאָנאַלער ייד, העלפט ישראל, גיט צדקה. פון זיינע אַמאָליקע פריינט אַנטלויפט ער, ווער וויל הערן מוסר-רייד — ער איז קיינעם גאָרניט שולדיק —יעדער לעבט ווי ער וויל. אויך זיינע פריינט פון אַמאָל, ווען זיי זעען אים אָן אַ היטל מיט אַ סיגאַר אין מויל שבת, אַנטלויפן. עס טוט זיי ווי, זיי שעמען זיך.

ווי גרויס איז געווען די שמחה, ווען ביי דער פאַמיליע ראַבינאָ-וויטש איז געבוירן געוואָרן דער צווילינג-שוועסטער, ביידע זייער ענלעך — כמעט איין פּנים.

ווען חנהלע איז געלעגן אין בית-ישראל האָספּיטאַל, זיינען איר געקומען באַזוכן זייער אַ סך חבר׳טעס, מיידלעך און ווייבלעך. זיי האָבן זיך מיט איר געפרייט ווי מיט אַ שוועסטער. מען האָט צוגעגרייט אין שטוב צוויי קליינע בעטלעך, פאַר די קינדער וואָס אָנצוטאָן. אויך פאַר די טייערע טאַטע-מאַמע אַ מתנה! מאיר האָט געמאַכט אַ גרויסן קידוש אין שוהל וואו ער איז געווען שמש.

מאיר און חנה זיינען געווען גליקלעך, זיי האָבן געגעבן די קינדער נעמען נאָך זייערע ליבע און טייערע מאַמעס. און עס האָט זיך געדאַכט אַז די הייליקייט שוועבט איבער זיי. ווען די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַרומקריכן, זיינען זיי געוואָרן אייפער-זיכטיק איינע אויף דער אַנדערער. זיי פלעגן זיין געקליידעט אין די

זעלבע זאַכן און קאָלירן, אַ פֿרעמדער האָט קײנמאָל ניט געוואוסט ווער איז שײַנדעלע און ווער איז פֿייגעלע, אויך די עלטערן האָבן אָפֿט זיך טועה געווען. בײדע האָבן געהאַט גאָלד־בלאָנדע האָר, בלויע אויגן, קלײנע אויערלעך, אַ גלײַך נעזעלע, און ליפּעלעך נאָר צום קושן. בײַ שײַנדעלען זײַנען געווען 2 חן־גריבעלעך, ווען זי האָט געלאַכט האָט זיך יעדן געוואָלט לאַכן. צוליב די חן־גריבעלעך פֿלעגן די ערשטע צײַט די עלטערן זײ אונטערשײדן. די כאַראַקטאָרן זײַנען געווען בײַ די צווײ קינדער פֿאַרקערטע. שײַנדעלע, גוט ווי די וועלט, פֿלעגט אַלעמאָל אָפּטרעטן דאָס אָרט פֿאַר איר שוועסטער, זי ליב האָבן און קושן. פֿייגעלע, פֿאַרקערט, איז געוואָקסן אַגרעסיוו. זי איז געווען קאַפּריזנע, שלעכט פֿול מיט אַנגריפֿערישקײט, פֿאַר יעדער זאַך מקנא זײַן דער שוועסטער. פֿייגעלע האָט מקנא געווען שײַנדעלען פֿאַר די פֿרײַנט, פֿאַר די קלײניקײטן וואָס די קינדער שײַנקען איר. ווען זײ זײַנען דרײַ יאָר אַלט געוואָרן, האָט מען זײ געמאַכט אַ געבורטס־טאָג פּאַרטי, זײ האָבן געקראָגן אַ סך שפּילצײַג, און פֿון די עלטערן אויך צווײ גרויסע ליאַלקעס — בײדע די זעלבע.

עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז די קינדער זײַנען גליקלעך, אָבער ניט לאַנג. שײַנדעלע איז געוואַקסן אַ באַלעבאַסטשקע, רײן ציכטיק. בײַ איר אין צימער איז אַלעס געווען אויף אַן אָרט. פֿייגעלע האָט ניט געקענט פֿאַרטראָגן קײן אָרדענונג. קײן זאַך איז ניט געלעגן אויפֿן אָרט, און קײנער האָט איר ניט געקענט זאָגן קײן דעה.

דאָס איז געווען אין פֿרילינג, ווי אַ נײַע וועלט וואָלט געבוירן געוואָרן — די בוימער באַפּוצט מיט ווײַסע קווײטעלעך, גראָז הויבט אָן שפּראָצן. חנהלע איז נאָר וואָס געקומען פֿון דרויסן, זי האָט געבעטן דער גאַווערנאַנטקע אָנצוטאָן די קינדער גײן אַ ביסעלע שפּאַצירן. זאָלן די קינדערלעך זיך אויך פֿרײען מיט דעם פֿרילינג. מען האָט אָנגעטאָן די קינדער און געגאַנגען צו די טרעפּ. די מוטער האָט גע־פֿירט שײַנדעלען פֿאַר אַ הענטעלע, די נוירס האָט געפֿירט פֿייגעלען, און פּלוצלונג האָבן אַלע אַרויסגעלאָזן אַ האַרצרײַסנדיקן געשרײ. פֿייגעלע האָט מיט בײדע הענט אַ שטופּ געטאָן איר שוועסטערל, וועלכע האָט זיך געקולעט פֿון טרעפּ צו טרעפּ. פֿאַרגליווערטע זײַנען

אַלע אַ ווײַלע געשטאַנען. ווען זיי זײַנען צוגעלאָפֿן צום קינד, איז עס געלעגן אומבאַוועגלעך. מען האָט געוויינט, גערופֿן אַ דאָקטער, אַן אַמבו־לאַנס. דאָס קינד האָט ניט צעבראָכן העלנט און פֿיס, אָבער איז בלינד געוואָרן. זי איז אָפּגעלעגן אַ לאַנגע צײַט אין האָספּיטאַל, מען האָט געבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים, ניט געזשאַלעוועט קיין געלט, עס האָט ניט געהאָלפֿן. חנהלע איז אויך געווען אַ לאַנגע צײַט קראַנק.

אין קינדערגאָרטן האָט מען יעצט געוואוסט ווער איז ווער, און נאָך מער ווי אַלעמאָל האָבן קינדער געקלעפּט צו שיינדעלען פֿון רחמנות. די עלטערן פֿלעגן אָפּגעבן פֿייגעלען אַ סך מער צײַט און ליבשאַפֿט, זיי האָבן געמיינט אַז דאָס קינד לײַדט פֿון דעם וואָס זי האָט אָפּגעטאָן צו איר שוועסטער. ווען זיי האָבן זיך געשפּילט, פֿלעגט זי זיך אַרויסווײַזן ווי אַ גוטע — שלאָגט ניט די בלינדע, נעם ניט צו בײַ דער בלינדער. אין הויז האָט זי ליב געהאַט אַרײַנצולויפֿן צו איר שוועסטער אין צימער, צעברעכן אירע שפּילצײַג, צערײַסן אַ קלייד. דאָס האָט זי געצאָלט פֿאַר דער ליבשאַפֿט, וואָס איר האָט זיך געדאַכט אַז די עלטערן גיבן מער צו איר שוועסטער. אַזוי זײַנען יאָרן גע־גאַנגען. עס זײַנען געוואַקסן צוויי שוועסטער — צוויי שונאים. זיי זײַנען געגאַנגען אין באַזונדערע שולן, געהאַט באַזונדערע צימערן, באַזונדערע פֿרײַנט.

די פֿרייד פֿון הויז איז שוין לאַנג פֿאַרשוואונדן. מאיר האָט פֿאַרלוירן אינטערעס אין לעבן. עס האָט זיך אים געדאַכט אַז ער לעבט שוין אָן אייביקייט. די קינדער זײַנען שוין אַלט געווען 14 יאָר. זיי האָבן נאָך אַלץ געוואוינט אויף וועסט־ענד עוו. האָבן זיי איינמאָל געקראָגן אַ בריוו פֿון דער שווייץ פֿון חנה׳ס אַ שוועסטער, זי האָט געבעטן איר שוועסטער, זי זאָל קומען איר זען ווײַל זי איז קראַנק. עס איז געווען ענדע אויגוסט, דער אָנהויב פֿון לערניאָר. די פֿאַמיליע האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַרום טיש, געטראַכט זיי זאָלן אַלע מאַכן די רייזע. די עלטערן זײַנען ניט געווען אין אייראָפּע פֿון דער צײַט ווען זיי זײַנען געקומען קיין ניו־יאָרק. די עלטערע — שיינדעלע, די בלינדע, האָט זיך זייער דערפֿרייט. אירע אויגן, ברייט צעעפֿנט, האָבן געשײַנט. זי איז צוגעלאָפֿן צום פֿאָטער און מוטער, זיי אַרומגענומען און גע־

קושט. זי האָט געזאָגט אַז זי איז אַזוי גליקלעך. פֿייגעלע איז געזעסן קאַלטבלוטיק און געקלאַפּט מיט די פֿינגער אין טיש. אויף דער פֿראַגע צי זי וויל פֿאָרן, איז זי פּלוצלונג אויפֿגערעגט געוואָרן און געפֿרעגט: פֿאַרוואָס פֿאָרן זיי ניט אָן איר. זי וויל זײַן פֿרײַ, זי בלײַבט דאָ. דער־שטוינטע זײַנען טאַטע־מאַמע אויפֿגעשטאַנען פֿון זייערע ערטער און געקוקט אויף זייער טאָכטער, ווער איז זי? ווי פֿאַרדאָרבן שלעכט און אכזריותדיק דאָס מיידל איז. שיינדעלע איז אויך אויפֿגעשטאַנען, צוויי גרויסע טרערן זײַנען גערונען פֿון אירע בלינדע אויגן, זי האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר שטילערהייד אַרויס פֿון צימער. אַלע דרײַ, פֿאָטער, מוטער און פֿייגעלע האָבן זיך איבערגעקוקט. פֿאַרוואָס האָסטו זי, זי איז בלינד, זי איז דײַן בלוט און פֿלייש. מען האָט באַשלאָסן — חנה מיט שיינדעלען פֿאָרן, מאיר מיט פֿייגעלען בלײַבן. די נוירס און גאָווערנאַנטקע וועלן העלפֿן אין שטוב.

דאָס זעגענען זיך צווישן די שוועסטער איז געווען קאַלט. אין וועג איז שיינדעלע געווען גאָר אַן אַנדער קינד, לעבעדיק און פֿריילעך, אָן זאָרג. זי האָט געזאָגט צו איר מוטער אַז בענקען וועט זי נאָך איר ליבן פֿאָטער, אָבער עס וואָלט זיך איר קיינמאָל ניט געוואָלט קומען צוריק אַ היים. זי פֿילט ווי אַ נײַער מענטש.

ווען זיי זײַנען געקומען קיין שווייץ צו חנהס שוועסטער, זײַנען זיי געווען גרויסע געסט. דער שוועסטערס מאַן איז געווען אַן עלטערער מענטש אָן אויגן דאָקטער. ער און זײַן פּלימעניק פֿיליפּ פֿון ניו־יאָרק האָבן געפּירט מיט אַ גרופּע דאָקטוירים אַ וויסנשאַפֿטליכע אַרבעט צו העלפֿן בלינדע מענטשן. אַהער פֿלעגט מען ברענגען קראַנקע פֿון גאָר דער וועלט. דער האָספּיטאָל האָט געהייסן אַ וואָלנ־טיר. יעדער, ווער עס האָט געוואָלט פּרובירן זײַן מזל איז אַרײַנגענומען געוואָרן. די דאָקטוירים האָבן געאַרבעט זייער שווער. מען פֿלעגט אָפּערירן, נאָכאַמאָל אָפּערירן.

עס איז געשען, אַז נאָך אַ געשפּרעך פֿון דעם דאָקטער מיט חנה'ן, האָט דער דר. שוואַרץ געגעבן אַ סך האָפֿענונג, אַז שיינדעלע קען נאָך אַמאָל זען. אויב די מוטער זאָל קענען זיך פֿאַרהאַלטן אין לאַנד אַ לענגערע צײַט, קען זײַן, אַז מען וועט קענען אירע אויגן

אָפּערירן. דערווייל, קען זי גיין אין סקול פּאַר בלינדע. די מוטער האָט געשריבן אַ בריוו צו מאירן, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן חנה זאָל דערווייל בלייבן מיט שיינדעלען אין דער שווייץ. אויך פון פייגעלען פלעגן קומען בריוו אַז זי פאַרברענגט זייער גוט.

אין דעם זעלבן הויז האָט געוואוינט זייערער אַ גוטער פריינט מר. מאררים ווייס. זייער זון אברהם האָט געלערנט מיט פייגעלען אין איין קלאַס. זיי פלעגן מאַכן די אוראָקן צוזאַמען. זומער צייט פלעגן זיי אָפט גיין צום וואַסער זיך באָדן און פאַרברענגען.

עס זיינען אַוועק צוויי מאָנאַטן, שיינדעלע האָט געהאַט אַן אָפּעראַציע, עס האָט ניט געהאָלפן. די מוטער האָט זיך געקליבן פאָרן אַ היים, אָבער דאָ האָט שיינדעלע אָנגעהויבן וויינען — זי גייט ניט אַ היים, זי האָט ליב איר פאָטער און שוועסטער, אָבער זי קען מער ניט פאַרטראָגן די באַליידיקונגען פון איר שוועסטער. זי וועט בלייבן דאָ ביי די נאָבעלע מענטשן. זי וועט גיין אין סקול, אין דער פרייער צייט וועט זי אַרויסהעלפן ווי אַ וואָלענטיר אין האָספּיטאָל. זי לעבט מיט האָפענונג אַז זי וועט נאָך אַמאָל זען די וועלט מיט אַלע מענטשן צוגלייך. עס האָבן ניט געהאָלפן קיין טרערן, חנהלע האָט זיך געזעגנט מיט איר טאָכטער, צוגעזאָגט שרייבן אָפטע בריוו, און קומען זי זען. עפּעס האָט זי אַרויסגעלייענט פון צווישן די שורות, אַז אין דער היים איז ניט אַלעס גוט — אימעצער, אָדער מאיר, אָדער פייגעלע איז קראַנק, אָדער עפּעס אַן אַנדער אומגליק. איר האַרץ האָט איר געזאָגט אַז זיי דאַרפן זי.

ווען חנה איז געקומען אַ היים, האָט זי געטראָפן גאַר אַ טרויעריקן צושטאַנד. מאיר האָט אויסגעזען שוואַרץ ווי די ערד ער איז ווי מיטאַמאָל אַלט געוואָרן. איר טאָכטער פייגעלע — בלאַס און אָפּגעצערט, די דינערשאַפט — פול מיט סודות. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איר מאַן האָט איר דערציילט, אַז ער האָט באַמערקט אַז פייגעלע ברעכט און עסט גאָרניט, ער האָט איר געבעטן גיין מיט אים צום דר. האָט זי ניט געוואָלט. זי האָט איינמאָל געחלשט, ער האָט געבראַכט זייער שטוב-דאָקטער, וועלכער האָט זי אונטערזוכט און געלאָזט וויסן דעם פאָטער, אַז פייגעלע שוואַנגערט. מאיר האָט מורא

געהאַט אַז דאָס קינד וועט זיך נעמען דאָס לעבן, האָט ער באַפוילן זי היטן און אַליין איז ער אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ. דער דר. זאָגט עס איז צו שפּעט פאַר אַן אַבאָרט. זיי האָבן אַ גאַנצע נאַכט זיך באַראַטן, ביז זיי זײַנען געקומען צום באַשלוס זיך דערנידעריקן און גײן בעטן די עלטערן פונעם בחור-פּרײַנט אברהם, אַז מען זאָל חתונה מאַכן די קינדער. עס איז פאַרפאַלן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פון ג־ט, האָט אויך ג־ט זיי פאַרלאָזן. מען דאַרף אפילו ניט פרעגן פאַרוואָס ג־ט שטראָפט זיי, זיי האָבן דאָס כשר פאַרדינט. וואָס קענען זיי טאָן?

עס איז געווען 9 אין דער פרי, ווען מר. און מרס. ראַבינאָוויטש האָבן אָנגעקלאַפּט בײַ דער פאַמיליע ווײַס. ביידע זײַנען געזעסן בײַם פרישטיק. אַמאָל האָבן די ווײַס'ס ניט געהאַט דעם מוט קומען צו גאַסט צו די הויכגעשעצטע פאַמיליע ראַבינאָוויטש, יעצט זײַנען זיי געווען ווי אָנגעבלאָזן, און ווי עפּעס קומט זיי אַרויס. עס האָט לאַנג ניט גענומען, און די פאַמיליע ווײַס איז אַרויס מיט באַשולדיקונגען געגן פייגעלעס אויסגעלאַסנקייט. זי האָט זיך ערלויבט צו באַשולדיקן זייער זון, אַז פון אים גייט זי האָבן אַ קינד. זי האָט אפשר געהאַט עסקים מיט אַ סך בחורים. אָבער זי האָט אײַנגערעדט זייער בן־יחיד, אַז ער האָט זי ליב און זיי זאָלן חתונה האָבן — זיי וועלן דאָס ניט דערלאָזן. ער איז נאָך אַ מינדעריעריקער און מוז פאָלגן די עלטערן. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס מיידל האָט דאָס געטאָן מיטן ווילן פון אירע עלטערן, כדי אַרײַנצוקריגן זייערע מיליאָנען. לאָזט אונזער זון צורוה. מאיר און חנה האָבן זיך אויפגעהויבן, זייערע אויגן זײַנען געווען פול מיט טרערן, אונטערהאַלטנדיק איינער דעם אַנדערן זײַנען זיי אַרויס פאַרשעמטע. דער שטוב דר. האָט זיי געגעבן אַן עצה מען זאָל איר אַרײַנגעבן אין אַ מיידל-מוטער הויז. דאָרט וועט קיינער ניט וויסן ווער זי איז. זי וועט קענען ווײַטער לערנען. מען וועט אָפּגעבן דאָס קינד צו מענטשן, וואָס ווילן אַדאָפּטירן אַ קינד, דעמאָלט וועט זי קומען אַ היים. זי איז יונג, און זי וועט דאָס איבערקומען, ווי אַ סך יונגע מיידלעך, מיט וועלכע עס טרעפט.

די ערגסטע זאַך איז געווען וואָס פייגעלע און אברהם האָבן

זיך ליב, האָבן באַשלאָסן חתונה צו האָבן און ערציען זייער קינד, אָבער אברהם איז ווי אין וואַסער אַריין, מעט זעט ניט און מען הערט ניט פון אים. די עלטערן האָבן גענומען זייער קינד, און מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון שטוב־דאָקטער זיינען זיי אַוועקגעפאָרן קיין באָסטאָן. דאָרט האָבן זיי אַריינגעגעבן פייגעלען אין אַן אַנשטאַלט פאַר מאַמעס פון אומגעזעצליכע קינדער. די דירעקטאַרשע איז געווען אַ יונגע פרוי פון אַ יאָר 30, זייער סימפּאַטיש מיט אַן אָקספאָרדישן אַקצענט. זי האָט באַוואונדערט די שיינקייט פון פייגעלען. זי האָט צוגעזאָגט צו באַזאָרגן אַ סקול און אויך אַ פיינעם צימער. אין דער פרייער צייט וועט זי קענען העלפן אין אָפיס. אָבער די עלטערן טאָרן ניט קומען צו אָפט, נאָר 1 מאָל אין מאָנאַט. טאַטע־מאַמע האָבן געטרייסט זייער טאָכטער, און האָבן זיך צוריקגעקערט אַ היים. זייער צובראָכנקייט האָט קיין גרענעץ ניט געהאַט. זיי האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיט דער דינערשאַפט. אין שטוב איז געווען אַ טרויעריקע שטילקייט.

פון דער שווייץ פלעגן קומען אָפטע און גוטע בריוו. שיינדעלע לערנט זיך גוט. זי האָט זיך אויסגעלערנט אַרויסהעלפן דעם דאָקטער. ווען זי וועט ענדיקן הייסקול, וויל זי לערנען פאַר אַ קראַנקען־שוועסטער. זי איז גליקלעך ביי דער ליבער טאַנטע אין הויז. אויך פיליפּ באַהאַנדלט זי ווי אַ שוועסטער, ער נעמט זי אָפט אויף אַ שפּאַציר. זי וויל וויסן וואָס מאַכן טאַטע־מאַמע און איר שוועסטער. זי וויל ניט זיין ברוגז מיט איר, זי האָט זי ליב, זי האָפט נאָך אַמאָל זיי צו זען. זי פלעגט שרייבן זייער שיין, ווי מען האָט די בלינדע קינדער געלערנט. טאַטע־מאַמע פלעגן די בריוו קושן און באַגיסן מיט הייסע טרערן, דאַנקען ג־ט דערפאַר.

מאיר ראַבינאָוויטש איז לעצטנס ניט געווען אויף דער בירזשע אין וואָל־סטריט. ער האָט ווי מורא געקראָגן פאַר דער „באַנקירן־קאָמפּאַני”, ווי צוליב דעם רייכטום וואָלטן זיינע אומגליקן געקומען. ער האָט זיך געזען מיט זיינע לאַיערס, האָט איבערגעשריבן זיין גאַנץ רייכטום אויף די קינדער, אַריינלייגענדיק דאָס געלט אין עטלעכע בענק און איבערגעלאָזן פאַר זיך מיט זיין פרוי נאָר וואָס ער האָט געדאַרפט. ער האָט געקויפט אַ קליינעם פאַרם, איבערגעפירט די טייערע זאַכן, וואָס

האָבן אים דערמאָנט פון אַמאָל — ווי די מנורה, דאָס חלה־צודעקל, אליהוס כוס, אויך ליבע, טייערע קליינינקייטן פון די קינדער. אויפ־געגעבן די הויז, און אין ניו־יאָרק איז ניט געבליבן קיין פאַמיליע ראַבינאָוויטש — ווי אין וואַסער אריין. ער האָט געבעטן זיינע לאָיערס זיי זאָלן ניט דערציילן וואו ער איז אַהינגעקומען.

ווען די פאַמיליע ראַבינאָוויטש איז געקומען אויפן פאַרם, האָבן זיי געזען אַ גרויסע פון שטיין געבויטע הויז, פאַרנט אַ ווערענדע מיט אַ גאָרטן, אַן איינזאַמע ווערבע איז געשטאַנען אין אַ זייט, ווי זי וואָלט געטרויערט אויף איר איינזאַמקייט. די צעגרינטע פעלדער האָבן שעמערירט אין דער וואַרעמער זון. אויף אַ ליידיקן פלאַץ אין פראָנט פון הויז האָבן אַרומשפּאַצירט הינער, הענער, קליינע הינדעלעך און אינדיקעס. זיי האָבן זיך געיאָגט, געשלאָגן איבער אַ קערנדל. שטיי־ענדיק אין דער טיר פון זיין הויז איינער אליין, האָט מאיר אַרומגע־נומען מיט זיין בליק די גרינע פעלדער, די ווייטע, בלויליכע האָריזאָנטן. אָט דאָ וועט ער אָנהויבן זיין ניי לעבן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם גוטמוטיקן סאַרקאַזם, מיט וועלכן זיינע געטרייע לאָיערס האָבן אויפ־גענומען די נייס, אַז ער מאיר ווערט אַ פאַרמער, זיי האָבן נביאות געזאָגט אַז אין אַ יאָר אַרום וועט ער ווידער זיין אויף וואָל סטריט.

די נאַכט איז צוגעפאַלן פּלוצלונג, עס איז געווען שטיל, פאַר־וואָלקנט. הינער האָבן זיך באַוועגט אומרואיק, קעץ האָבן געיאָמערט, הינט האָבן זיך געבייזערט. פון די אַרבעטער הייזלעך האָט דער ווינט אָנגעטראָגן דאָס געוויין פון קינדער, טענער פון אַ גיטאַרע, אַ שטיל זינגען פון מיידלעך.

מיטאַמאָל איז עפּעס געפאַלן אויפן דאַך, ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט געוואָרפן שטיינדלעך־טראָפּנס. באַלד איז אַרויסגעפאַלן אַ רעגן. עס האָט גערוישט און געפּליוצט ווי אַ שטורם, גערוישט און געשמיסן אין די פענסטער. מאיר איז אַריינגעגאַנגען אינווייניק, ווי ביים טיש איז געזעסן חנה, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און שטיל געוויינט. ער איז צוגעקומען נעענטער, אַ גלעט געטאָן דאָס ווייב איבערן קאָפּ און זיך צוגעזעצט אויף דער באַנק: מען טאָר ניט וויינען, מען דאַרף דאַנקען ג־ט וואָס אַלע לעבן. פאַר די פאָר לעצטע יאָר

זיינען מיר דורכגעגאַנגען זייער אַ סך, מיר האָבן אָבער ניט געהאַט דעם מוט קוקן דעם אמת אין די אויגן. זייער אַ סך מענטשן האָבן ליב די נאַטור, און דאָס לעבן אויף אַ פאַרם. קיינער האָט אונז ניט געטריבן פון ניו־יאָרק און מיר קענען אַלעמאָל קומען צוריק. די זאַך איז, אַז איך און דו ווילן תשובה טאָן. דאָ, אָפּגעריסן פונעם רוישיקן ניו־יאָרק, קענען מיר זיך רואיק אָפּגעבן דין וחשבון, און בעטן ג־ט פאַרגעבונג. מיר האָבן זייער אַ סך געזינדיקט, ג־ט שטראָפט די צדיקים אויף דער וועלט, איך בין דאָך אַמאָל געווען אַ ישיבה בחור, געלערנט די תורה. איך קען יעצט ניט פאַרשטיין ווי איך און דו האָבן זיך געקענט אַזוי פאַרגעסן, אונדזערע עלטערן האָבן אונז ניט געקענט מוחל זיין וואָס אונדזערע קינדער טראָגן זייערע הייליקע נעמען — זיי זיינען דאָך קדושים. איך האָב דיר, חנהלע, קיינמאָל ניט דערציילט, אַז ווען דער ערשטער אומגליק האָט אונז געטראָפן, און שיינדעלע איז בלינד געוואָרן, בין איך געקומען אין שוהל, דאָס איז געווען אין די הייליקע טעג, איך בין געשטאַנען ביים פענצטער, אַריינגיין מען זאָל מיך דערקענען האָב איך ניט געוואָלט, מען וועט אַנטלויפן פון מיר, מען קען מיך און מען שעמט זיך מיט מיר. די פענסטער זיינען געווען אָפן, די ליכט האָבן געברענט, אַ טויטע שטילקייט. איך הער ווי דער חזן זאָגט כל נדרי, איך פּרוביר אים נאָכזאָגן, איך האָב דאָך אַמאָל געקענט אויף אויסווייניק. איך פאַרמאַך מיינע אויגן און יעדער וואָרט וואָס איך זאָג איז היים ווי פייער. איך פיל, דאָס בין איך, דאָס האָב איך געזינדיקט. ווען דער חזן איז דערגאַנגען צו אל תשליכנו לעת זקנה, פאַרלאָז מיך ניט אויף דער עלטער, האָט דער קוואַל פון טרערן געפּלאַצט. ווי קום איך דער זינדיקער בעטן ג־ט. איך בין אַזוי אַלט, ניט אין יאָרן נאָר אין איבערלעבונגען, איך האָב געוואָלט אָפּקומען פאַר מיינע זינד. איך בין שולדיק אין דיין צער און אין די יסורים פון די קינדער. איך האָב לאַנג געוויינט, אָבער זעט אוים, ניט אויפריכטיק. איך בין געקומען אַ היים, באַשלאָסן אַז אַלעס איז פאַרפאַלן, ג־ט וועט מיר ניט מוחל זיין. אַזוי זיינען אַוועק נאָך עטליכע יאָר. אָבער יעצט, ווען דער אומגליק מיט פייגעלען איז געשען, האָב איך מער ניט געקענט קוקן מענטשן אין די אויגן. דאָ, מיין טייערע ליבע חנה, וועלן מיר אָנהויבן אַ ניי לעבן. מיר האָבן

אַ פּאָר דינער, װעלכע װעלן זיך פֿאַרנעמען מיט דער װירטשאַפֿט, דו װעסט זײ קענען העלפֿן אױב װעסט װעלן. דו װעסט דאַרפֿן פֿאָרן צו די קינדער פֿון צײַט צו צײַט. אפֿשר װעט ג-ט העלפֿן זײ װעלן זיך נאָך אַמאָל אומקערן צו אונדז. איך האָב באַשלאָסן לערנען תּורה. מיר זײַנען זינדיק און האָבן דאָס אַלעס פֿאַרדינט.

די ערשטע צײַט איז פֿײגעלע געװען זײער דערשלאָגן און מיט קײנעם ניט גערעדט. אין די פּאַפּירן איז געװען פֿאַרשריבן מיס. ראַבינאָװיטש, קײנער האָט ניט געװאוסט איר ערשטן נאָמען. זי פֿלעגט אַרױסהעלפֿן אין אָפֿיס אַרבעט. אַ סך פֿלעגט מיט איר פֿאַר־ברענגען די דירעקטאָרין פֿונעם אַנשטאַלט, איר נאָמען איז געװען שאַרלאַט יונג, זי איז געבױרן אין ענגלאַנד, מיט איר איז אױך געשען אַזאַ מעשׂה, זי האָט געהאַט אַן אומגעזעצלעך קינד, װאָס אימעצער האָט אַדאַפּטירט. עס איז שױן באַלד 16 יאָר פֿאַרבײַ, אָבער פֿאַרגעסן דאָס קינד קען זי ניט. דאָס איז די סיבה װאָס זי אַרבעט מיט אַזעלכע מאַמעס פֿון אומגעזעצליכע קינדער, זי פֿילט זײ מיט און װיל זײ העלפֿן. אירע עלטערן האָבן זיך מיט איר געשעמט און דערפֿאַר אַװעקגעשיקט קײן ניו־יאָרק צו איר אָנקל. איר אָנקל שמעון און טאַנטע רחל שנײדער, זײַנען זײער פֿײַנע און גוטע מענטשן. זײ זײַנען ביזנעסלײַט, האָבן אײן זון פֿיליפּ, אַן אױגן דאָקטער, װעלכער ספּעציאַליזירט זיך אין אײראָפּע, װאױנט בײַ זײַן אָנקל דר. שװאַרץ אין די שװײץ, ער קומט זײער אָפֿט זען זײַנע עלטערן, און אױך איר, זײַן קוזינע.

װען שאַרלאַט האָט אַלעס דערצײלט פֿײגעלען, האָט אױך פֿײגעלע געפֿונען פֿאַר נױטיק איר דערצײלן אַז זי און איר פֿרײַנט האָבן זיך ליב, װילן חתונה האָבן און ערציען דאָס קינד, אָבער זײַנע עלטערן לאָזן ניט, זײ מײנען אַז פֿײגעלע װיל זײער געלט. פֿײגעלע שעמט זיך װאָס דער פֿרײַנט אירער, אַבֿרהם, איז פֿאַרשװאונדן און זי געלאָזט אין אַזאַ שװערער צײַט אַלײן מיטן קינד. שאַרלאַט פֿלעגט אײַנרעדן פֿײגעלען דאָס קינד לאָזן צו אַדאַפּטירן, זאָל דאָס קינד ניט לײַדן. דו ביסט יונג און שײן, דו װעסט באַגעגענען דײַן ריכטיקן חבֿר, ער װעט גאָרניט װיסן, און דו װעסט גליקלעך זײַן. אַזױ איז בײַ זײ

געווען אָפּגערעדט אַז דאָס קינד, וואָס וועט געבוירן ווערן, וועט מען געבן צו פיינע פּאַרמעגליכע מענטשן. פון צייט צו צייט פלעגן אירע עלטערן קומען זי וויזיטן. זיי האָבן איר דערציילט אַז זיי וואוינען אויף אַ פאַרם, דאָרטן זיינען דאָ אַ סך שכנים, קיינער קען זי ניט, די נאַטור איז זייער שיין. זי וועט מאַכן נייע פריינט, זאָל זי זיך ניט זאָרגן. זיי וועלן אָנהויבן אַ ניי לעבן. אויך די שוועסטער ווייסט ניט וואָס עס איז געשען. זי האָפט נאָך אַמאָל האָבן אָן אָפּעראַציע, אפשר וועט זי זיך אויסהיילן. זי האָט ליב די שווייץ און האָט ליב דאָס לעבן דאָרט. אַ פּאָר מאָל האָט פייגעלע געפרעגט די עלטערן, אפשר קען זי נעמען דאָס קינד מיט זיך, זי האָט ליב אברהם׳ן און האָט ליב דאָס קינד. זיי האָבן איר געזאָגט, אַז זי איז נאָך יונג און וועט זי וועט וועלן אַמאָל חתונה האָבן, וועט דאָס איר שאַטן. פייגעלע האָט געזען אַז זי קען ניט העלפן, האָט זי אונטערגעשריבן פּאַפּירן, אַז זי גיט אָפּ דאָס קינד צו אַדאָפּטירן. פון דער צייט אָן איז זי געוואָרן נאָך מער אומעטיק און אַריינגעטאָן אין זיך.

פייגעלע האָט געבוירן אַ טאָכטער. דאָס קינד האָט געוואויגן 10 פונט, האָט געהאַט אַ חן־גריבעלע אויף יעדער באַק, געדיכטע בלאָנדע האָר און אַ צאַרט־ווייסע הויט. דאָס קינד, האָט דער דאָקטער געזאָגט, וועט וואַקסן אַ שיינהייט. מר. און מרס. ראַבינאָוויטש האָבן זיך מיט טרערן באַגאַנגען, אַ קינד פון זייער ליבער פייגעלע, דאָס ערשטע אייניקל, אייגענע פליש און בלוט, און זיי וועלן עס קיינמאָל ניט קענען זען. אַזוי איז ג־טס ווילן. זיי האָבן געהאַלדזט און געקושט זייער טאָכטער, זיך געזעגנט און צוגעזאָגט קומען זי נעמען אַ היים. וואָס מער פייגעלע איז געקומען צו זיך, אַלץ מער האָט זי זיך באַגאַנגען מיט טרערן. די פּאָר טעג וואָס זי איז געלעגן אין בעט, האָט מען איר אַ דריי מאָל געבראַכט דאָס קינד אין בעט. זי האָט דאָס אַזוי ליב, ווי קען זי דאָס אַוועקגעבן, ווער קען דאָס אָפּהיטן ווי זי, עס איז דאָך אַ טייל פון איר און איר ליבן אברהם. עס איז אָבער געווען צו שפּעט, דאָס קינד האָט מער ניט באַלאַנגט צו איר.

זי איז געקומען מיט די ליבע עלטערן אויפן פאַרם, אַלע האָבן יעצט אויסגעזען אַנדערש עלטער, טרויעריקער, און שטילער. ליכטיקע,

פריידיקע טעג, וואַרעמע פּרימאָרגנס. פייגעלען האָט אויפגעוועקט דער טומל פון העגער און הינער. אומזעבאַרע פייגעלעך האָבן גע־זונגען אַרום הויז. די זון איז אויפגעגאַנגען, אַ רואיקער ווינטל האָט אַ טרייסל געטאָן דעם ווערבע־בוים. פייגעלע איז געשטאַנען ביים פענצטער טרויעריק און פאַרטראַכט. זי האָט געזען ווי דער יונגער פרוכטגאָרטן ווערט פאַרפלייצט פון זון, די בלעטער פון די ביימער ווערן דורכזיכטיק־גרין. פייגעלע, אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער, מיט לאַנגע גאָלדענע האָר, וואָס האָבן דערלאַנגט ביז איבער איר טאַליע, האָט גענומען אין האַנט אַ כלי וואָס איז געשטאַנען אָנגעפילט מיט קערנער, אַראָפּ פון די טרעפּ. זי האָט אָנגענומען הויפנס און געזייט אַרום זיך און שטיל גערופן „קיפּ, קיפּ, קיפּ". הינער, הינדעלעך זיינען אָנגעלאָפן פון אַלע זייטן, זיינען צוגעפאַלן צו די קערנער מיט אַ זשעד־נעקייט. מאיר און חנה זיינען געשטאַנען ביים פענסטער און מיט אַ ציטער אין האַרצן איר נאָכגעפאָלקט יעדער ריר. אוי, ווי שיין דאָס קינד איז, ג־ט באַשיץ זי, גיב איר כח, פאַרלאָז זי ניט. פייגעלע פילט אַז אירע עלטערן שפּירן איר נאָך. זי שטעלט לאַנגזאַם אַוועק די קע־רענדלעך, און גייט זיי אַקעגן. זי קושט די טאַטע־מאַמע, באַמיט זיך זיין רואיק, ניט וויינען. זי איז זייער שוואַך, די עלטערן זיינען גליקלעך זען דאָס קינד.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לערניאָר, דער לעצטער יאָר אין הייסקול. פייגעלע האָט גוט געלערנט, ווי גוטמאַכן געוואָלט, וואָס זי האָט צעבראָכן איר און טאַטע־מאַמעס לעבן. אין די ווינטער נעכט, פלעגן זיי זיצן צוזאַמען. זי האָט ליב געהאַט הערן ווי איר פאָטער און מוטער דערציילן וועגן זייער יוגנט, זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, ווי זיי זיינען געקומען קיין אַמעריקע. זי האָט זיך גע־פרייט מיט די יידישע יום־טובים, די עלטערן האָבן איר דערציילט פאַרוואָס מען פייערט זיי.

זי האָט זיי פאַרשטאַנען, ניט ווי אַ קינד נאָר ווי אַ גרויסער, דערפאַרענער מענטש. אַ גאַנצן טאָג איז מען געווען פאַרנומען מיט אַרבעט. די מאַמע — חנה האָט געהאָלפן צוזען די באַלעבאַטישקייט, דער פאָטער האָט געלערנט און ספרים געשריבן. פייגעלע האָט גע־

לערנט און געגרייט זיך צום פאָרן קיין ישראל אויף אַ יאָר אין אַ קיבוץ. קיין בריוו צו איר שוועסטער פלעגט זי ניט שרייבן, כאָטש אין יעדער בריוו צו די עלטערן, פלעגט שיינדעלע פרעגן וואָס איר שוועסטער מאַכט — ווי אַ וואָנט איז געבליבן צווישן זיי.

דאָס איז געווען חנוכה. דער פאָטער — מאיר האָט אָנגעצונדן מיט ציטערדיקע הענט די ליכט אין חנוכה לעמפּל, וואָס ער האָט נאָך געבראַכט פון ניו־יאָרק. חנהלע האָט געבאַקן לאַטקעס. דער פאָטער מיט פייגעלען זיינען געזעסן לעבן די ליכט און געזונגען, ווען אין הויף איז אַריינגעפאָרן אַ מאַשין. אַלע זיינען צו צום פענסטער, און ווי ערשטוינט זיינען אַלע געבליבן, ווען זיי האָבן דערזען אויס־שטייגן מר. און מרס. ווייס.

פייגעלע האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעהאַלטן אין פענסטער ניט אומצופאַלן. זי איז געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, נאָכער האָט זי געבעטן מיט אַ שוואַכן קול — מאַמע, נעם מיך אַוועק פון דאַנען, איך וויל קיינעם ניט זען. טאַטע־מאַמע האָבן אַוועקגעפירט פייגעלען צו איר צימער. חנה האָט זיך צוגעבויגן צו פייגעלען און שטיל גע־פרעגט: וואָלסטו וועלן זען אברהם׳ן? פייגעלע האָט געענטפערט — אויב ער קען ברענגען מיין קינד. די מוטער האָט איר אַ קוש געטאָן, און ביידע, מאיר מיט חנהן, זיינען אַרויס באַגעגענען די אומדער־וואַרטע געסט.

מאיר און חנה האָבן זיך געשטאַרקט און געמאַכט זיך ווי זיי געדענקען ניט אַז די מענטשן האָבן זיי אַרויסגעטריבן. קומט אַריין, זייט אונזערע געסט, עס מוז זיין זייער וויכטיק, אויב אַזוי שפּעט ביינאַכט, אין אַזאַ קאַלטן טאָג, זייט איר צו אונדז געקומען. די געסט זיינען נאָכגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אויך זיי האָבן זיך גע־ענדערט. מען זעט ניט אויף זייערע פּנימער קיין גדולה.

אין צימער איז געווען וואַרעם און ליכטיק. מר. און מרס. ווייס זיינען געבליבן שטיין אויפן שוועל. מען האָט זיי געבעטן אַראָפּנעמען די מאַנטלען, נעמען עפּעס עסן. די ווייס׳ם האָבן דערציילט, אַז פונעם טאָג וואָס זיי האָבן באַליידיקט פייגעלען און אַרויסגעטריבן דעם

מר. און מרס. ראַבינאָוויטש, האָבן זיי נאָך קיין מינוט רו ניט געהאַט. זיי האָבן טאַקע געשריען אויפן זון, ניט געוואָלט הערן פון חתונה האָבן ביי 15 יאָר, האָט אָבער זייער זון ליב פייגעלען. זיי האָבן געמיינט, ער איז אַ קינד און וועט זי פאַרגעסן. נישטאָ זיך וואָס צו פאַרבינדן מיט אַ פרוי און קינד, ווען מען איז נאָך אַליין אַ קינד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער וויל דוקא האָבן פייגעלען און דאָס קינד, זיין קינד. ער איז געוואָרן קראַנק, געקראַגן היץ און געבעטן פייגעלע זאָל קומען צו אים. מיר האָבן אייך געזוכט און ניט געפונען ניט אין וואָל סטריט, ניט ביי פריינט. אברהם איז געווען לאַנג קראַנק. מיר האָבן געהאַט די בעסטע דאָקטוירים. יעצט איז ער געזונט, גייט ווייטער לערנען, אָבער אונדז וויל ער ניט קענען. אויב ער דאַרף אַ פאָר דאָלער, אַרבעט ער ביי אַ גראָסערי־מאַן, ער העלפט איבערטראָגן פעקלעך. אַ גאַנצן זומער פאַרט ער אַרום זוכן פייגעלען. ביידע האָבן טרערן אויסגעווישט פון די אויגן — פאַר וועמען דאַרפן מיר די געלט? ער באַמערקט אונז ניט, דערציילט גאָרניט וועגן זיך. מיר האָבן גע־דונגען די בעסטע דעטעקטיווס, און אַלעס וואָס מיר ווייסן איז, אַז איר וואוינט דאָ. האָט רחמנות, העלפט אונדז אומקערן אונזער זון, לאָזט אונדז רעדן מיט פייגעלען. אין צימער איז שטיל. מאיר האַלט די האַנט אויפן שטערן, די אויגן פאַרמאַכט. חנהלע ווישט די טרערן. אויך אברהמ׳ס עלטערן הערן ניט אויף צו העשן, ווי צעבראָכן זיי זעען אויס. חנהלע רעדט שטיל, קוים וואָס מען הערט זי. מיר וועלן אייך ניט אַרויסטרייבן, אונדז טוט וויי דאָס האַרץ פאַר אייך. מיר בעטן אייך לאָזן פייגעלען צורו. זי האָט זער ליב אברהם׳ן, אָבער אפילו ווען ער קומט דאָ, וואָלט זי אים ניט געוואָלט זען — זי בענקט נאָך זייער קינד, מיר אויך. מיר האָבן דאָס קינד געזען, אַ ליכטיקער מלאך. זי האָט אָבער אונטערגעשריבן אַז זי גיט דאָס קינד צו פרעמדע. זי וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבן מיט קיינעם, אפילו מיט אברהמ׳ן, סיידן ער וועט איר קענען געבן דאָס קינד.

מר. און מרס. ווייס האָבן גענומען דעם אַדרעס פון דעם פלאַץ וואו פייגעלע האָט איר קינד געבוירן. זיי האָבן ניט געוואָלט נעכטיקן. זיי וועלן זיך באַמיען קריגן דאָס קינד צוריק. די פאַמיליע ווייס איז אַוועקגעפאָרן.

מאיר און חנה זיינען אַריין אין פייגעלעס צימער. זיי האָבן איר אַלעס דערציילט און געפרעגט, אפשר וויל זי יאָ חתונה האָבן מיט אברהמ׳ן. איר זייט יונג, און וועט נאָך קענען האָבן קינדער. פייגעלע האָט ניט געוואָלט הערן, יעדעס מאָל וואָס זי וועט זען אברהמ׳ן, וועט זי טראַכטן פון דער עוולה צו איר אומשולדיקן קינד. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פייגעלע פאָרט אָפּ אין אַ וואָך אַרום קיין ישראל — אפשר וועט זי זיך בארויקן. זי איז אוועקגעפאָרן קיין ישראל אין אַ קיבוץ.

אין דער לעצטער בריוו פון שיינדעלען האָבן זיי געלייענט צווישן די שורות אַז זי איז פאַרליבט אין דעם יונגן דאָקטער פיליפּ, וועלכער וואוינט ביי איר שוואָגער און שוועסטער, דר. שווארץ. זיי האָבן געוואוסט אַז פיליפּ איז דעם שוואָגערס פלימעניק, און אַז ער פראַקטיצירט דאָרט אין האָספּיטאַל. ער איז עלטער פון שיינדעלען, אַ יאָר 30 איז ער אַלט, אָבער וואָס דאַרף דער דאָקטער פיליפּ האָבן זייער שיינדעלען, טאַקע שיין און איידל ווי אַ מלאך, אָבער דאָך אַ בלינדע.

שיינדעלע האָט געלערנט זייער פלייסיק. איר פּנים האָט אַלע־מאָל געשמייכלט, די אויגן געשיינט, כאָטש זיי זיינען געווען בלינד. מען האָט זי ליב געהאַט און רעספּעקטירט. אויך אין הויז פון דר. שווארץ איז פריילעכער געוואָרן מיט דעם קומען פון דער גוטער מיידל. מרס. שווארץ פילט אַ סך בעסער. אין הויז העלפט אַרויס אַ נוירס, שיינדעלע איז געטריי צו איר ווי אַן אייגן קינד. זיי האָבן איר שטאַרק ליב. דר. שווארץ איז זיכער — זי וועט נאָך אַמאָל זען. אַלע זעען אַז פיליפּ איז פאַרליבט אין שיינדעלען.

עס איז געווען פרילינג. דער הימל איז געווען אַזוי לויטער־שיין. עס האָט געשמעקט מיט זומער, און אַ וואַרעמע זון האָט גע־נאָסן פרייד אין אַלעמענס הערצער. עס איז אַזוי גוט צו לעבן, אַרומ־שפּאַצירן, זיך צוקוקן צו די פּנימער פון מענטשן. פּנימער גוטע און בייזע, פריילעכע און פאַרזאָרגטע.

זיי גייען אין צווייען, פיליפּ און שיינדעלע. זיי רעדן ווייניק.

היינט איז זייער פרייער טאָג, און דעם גרעסטן טייל פונעם טאָג האָבן זיי פאַרבראַכט אין דעם שטאָטשין פּאַרק, אויף אַ באַנק אַרומגע־רינגלט מיט בלומען. פיליפּ האָט שוין אַ סך מאָל געזאָגט שיינדעלען, אַז עס גייט אים ניט אין די פרייד, ווייל זי, זיין טייערע שיינדעלע, קען דאָס ניט זען. היינט איז אַ וואונדערבאַרער טאָג. עס ווילט זיך אים זינגען און טאַנצן, ווייל ער איז מיט איר. ער בעט איר זי זאָל ווערן זיין פרוי. זיי וועלן פאָרן קיין ניו־יאָרק, ער וועט רעדן מיט זיינע עלטערן, ער איז דאָך דער איינציקער זון. אויך וועט ער רעדן מיט אירע עלטערן. אמת, זיי קענען אים ניט, ער האָפט אָבער, אַז אויך אירע עלטערן וועלן צושטימען. זיי האָבן זיך אַרומגענומען. מיט־אַמאָל איז שיינדעלע געוואָרן זייער אומעטיק, זי איז זיכער אַז פיליפּס עלטערן וועלן ניט וועלן אַ בלינדע מיידל. פיליפּ איז געווען אַ ביסל אומרואיק, די דריטע אָפּעראַציע און די לעצטע דאַרף זיין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום. זיי האָבן באַשלאָסן האַלטן דעם סוד ביז נאָך דער אָפּעראַציע.

זיי האָבן גענומען אַ שיפל, פיליפּ האָט געפירט דאָס שיפל, שיינדעלע האָט צוגעהאָלפן מיט די וויאָסלעס. פיליפּ האָט דערציילט שיינדעלען, אַז ביי זיי אין הויז וואוינט אַ קוזינע, שאַרלאָט יונג. זי האָט געבוירן אַן אומגעזעצלעך קינד, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן צו אַדאָפּטירן. אירע עלטערן האָבן זיך מיט איר געשעמט, האָבן זיי זי געשיקט צו אונדז. זי איז יינגער פון מיר מיט אַ צוויי יאָר. ווען די עלטערן האָבן זי געבעטן קומען צוריק האָט זי ניט געוואָלט, זי האָט זיי ניט געוואָלט מוחל זיין. זי האָט אַ גוטע אַרבעט, זי אַרבעט צווישן אַזעלכע אומגליקלעכע מאַמעס און אומגעזעצלעכע קינדער, ווי זי אַליין. זי האָט מיר שוין אַ פּאָר מאָל געזאָגט, אַז די בעסטע צייט אין איר לעבן איז ווען איך קום זען מיינע עלטערן און איר. זי מיינט אַז איך בין פאַרליבט אין איר, איך האָב איר שוין אַ סך מאָל געפרעגט פאַרוואָס זי האָט ניט חתונה, זי האָט דאָך אַזעלכע פיינע פאַרערער. דעם מאָל אַז איך וועל קומען אַ היים, וועל איך איר ווייזן מיין מיידעלע. אויך שיינדעלע האָט דערציילט וועגן אירע קינדער־יאָרן און איר שוועסטער, וועלכע האָט זיך אַלעמאָל געשעמט מיט איר, און דאָך האָט זי איר שטאַרק ליב. אויך וועגן אירע עלטערן.

עס איז געקומען דער טאָג פון דער אָפּעראַציע. פיליפּ האָט געבראַכט שיינדעלען אין אָפּעראַציע צימער, זיך ניט געשעמט פאַרן אָנקל — זי אַ קוש טאָן און געוואונטשן גליק. די אָפּעראַציע האָט ער אַליין געוואָלט מאַכן. ער איז געווען ערנסט און רואיק. הײנט האָט דר. שוואַרץ, זיין פעטער, אים געהאָלפן. עס איז אַוועק אַ טאָג, און צוויי און דריי...

ווען דער טאָג איז געקומען אַראָפּנעמען דעם באַנדאַזש פון די אויגן, האָבן אַלע זיך געהאַלטן רואיק, אָבער אינווייניק האָט יעדער זיך געשראָקן. קיינער האָט אָבער ניט אַרויסגעוויזן זיין נערוועזקייט. דער אָנקל איז געזעסן אויפן שטול, די נוירס האָט געגלעט שיינדעלעס האַנט, דר. פיליפּ האָט אָפּגעוויקלט די מאַרליע. ער האָט דאָס געטאָן אַזוי גיך. עס איז געווען זייער שטיל, מען האָט געקענט הערן די קלאַפּענדיקע הערצער. מען האָט געבעטן שיינדעלע זאָל עטוואָס עפענען די אויגן. זי האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט זי ניט זען, האָט זי נאָך שטאַרקער פאַרקוועטשט די אויגן־דעקלעך. מיט אַ צאַרטער פאָטערליכער שטים האָט דר. שוואַרץ זי געבעטן, עפן, קינד מיינס, די אויגן. זי האָט געעפנט אַ ביסעלע און דערזען ליכט, זי האָט זיך דערשראָקן און פאַרמאַכט די אויגן מיט ביידע הענט. אַ טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אויף אירע קני — זי האָט צעעפנט אַ ביסעלע די פינגער און ווידער דערזען ליכט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, אָנגעכאַפּט די האַנט פונעם אָנקל און געקושט מיט פאַרמאַכטע אויגן. זי זעט. יעצט האָט זי געהאַלטן אין איין פאַרמאַכן און עפענען די אויגן. זי האָט זיך באַגעגנט מיטן שטראַלענדיקן קוק פון פיליפּן. אוי, ווי גליקלעך זי איז יעצט געווען. זי האָט געמאַכט פאַרזיכטיקע קליינע טריט, צו יעדן אין צימער, פיליפּ האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ, זי געקושט און מזל טוב איר אָפּגעגעבן. די ערשטע טעלעגראַמע האָט מען געשיקט צו אירע עלטערן, אַז זי וועט אין גיכן קומען אַ היים, זיי זאָלן ניט פאָרן צו איר.

די פרייד פון מר. און מרס. ראַבינאָוויטש, ווען זיי האָבן זיי באַגעגנט ביים אַעראָפּלאַן, איז געווען רירענד. זיי האָבן באַדאַנקט דר.

פיליפּ פאַר דער אָפּעראַציע און אים געבעטן מיט זיין משפּחה זיי באַזוכן אויפן פאַרם.

שיינדעלע איז געווען גליקלעך, יעדע זאַך האָט זי געפרייט, זי האָט באַטראַכט אירע עלטערן און האָט דערציילט פונעם אָפּמאַך צווישן איר און פיליפּ. ווען זי האָט געהערט אַז פייגעלע לעבט אין ישראל, האָט זי געפרעגט, צי זיי האָבן איר געשריבן אַז זי זעט.

עס איז אַוועק אַ טאָג און צוויי, און פיליפּ איז ניט געקומען, אויך ניט געקלונגען. שיינדעלע איז געוואָרן אומרואיק און זיך גע־ערגערט, פיליכט האָט ער זי מער ניט ליב. אויפן דריטן טאָג איז געקומען פיליפּ, ער איז געווען זייער אומעטיק און דערשלאָגן. מען האָט אים פיין אויפגענומען. ער האָט גאָרניט באַמערקט, פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען. זיי האָבן זיך געלאָזן צו דער איינזאַמער ווערבע בוים.

זיי זיצן און שווייגן. פיליפּ גלעט שיינדעלעס האַנט, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אויף זיין קני. ער קוקט ווייט און זאָגט: מען האָט זיך דערפרייט מיט מיין קומען, מיינע עלטערן און קוזינע זיינען אפילו צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. מען האָט גערעדט און געלאַכט, געמאַכט זיך איינער דעם אַנדערן אמתע און ניט אמתע קאָמפּלימענטן. זיצנדיק ביים טיש, האָב איך אַרויסגענומען דיין בילד, געוויזן צו יעדן איינעם און געבעטן מיר ווינטשן מזל טוב, דאָס איז מיין אויסדערוויילטע. מיינע ליבע עלטערן האָבן באַוואונדערט ווי שיין דו ביסט, ווי אַ מלאך. דאָ האָט מיין קוזינע — שאַרלאָט יונג, זיך אויפגעשטעלט און ניט מיר ניט דיר געזאָגט: אַ ודאי אַ פּנים פון אַ מלאך... ווען זי האָט געבוירן דאָס אומגעזעצליכע קינד אין מיין אַנשטאַלט, האָב איך אויך אַזוי געזאָגט צו אירע עלטערן, איך האָב אויף איר שטאַרק רחמנות געהאַט. זי האָט געבעטן דאָס קינד, געוויינט, מען האָט געמיינט זי וועט זיך דאָס לעבן נעמען. עס איז אָבער געווען צו שפּעט. זי האָט אונטערגעשריבן מען זאָל דאָס קינד אַדאַפּטירן. מיט אַ צייט שפּעטער איז אַ בחור געקומען און געבעטן דאָס קינד, ער וועט באַצאָלן וויפל מען וויל. ביי אונדז איז אָבער אַ געזעץ, מען טאָר ניט דערציילן וואו דאָס קינד איז. ער האָט קיין אַדרעס ניט געלאָזן. נאָכער איז געשען

אַן עקסידענט מיט די עלטערן וואָס האָבן דאָס קינד אַדאָפּטירט, און דאָס קינד איז יעצט אין אַ יתומים הויז. יעצט קענסטו זאָגן דיין מלאך, צי זי וויל דאָס קינד, קען איך איר העלפן. טאַמער גלויבט איר מיר ניט, קומט אין מיין אָפיס, איך וועל אַלעס באַווייזן. — מיין טאַטע־מאַמע האָבן געשוויגן, זיי האָבן שטאַרק רחמנות געהאַט אויף מיר. איך האָב זיך געלאָזט פירן, ווייל איך בין געווען זייער דער־שלאָגן. איך ליב דיך, מיין טייערע, און מיך אַרט עס ניט, אָבער פאַרוואָס האָסטו מיר גאָרניט דערציילט? — שיינדעלע האָט געש־וויגן. פיליפּ האָט ווייטער דערציילט: — מיר זיינען געקומען אין אַנשטאַלט, שאַרלאַט האָט געעפענט ביכער. מיס. ראַבינאָוויטש, פאָטער — מאיר, מוטער — חנה. די יאָרן שטימען. זי האָט אַרויסגענומען אַן אַלבום מיט בילדער, איך האָב דיך דערזען מיט די גאָלדענע האָר אויף דיינע אַקסלען. עס האָט זיך מיך געוואָלט שרייען פאַר ווייטאָג. דע־מאָלט האָט שאַרלאַט מיך געפירט אין יתומים הויז און געוויזן דאָס קינד, זי האָט מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז זי האָט געבעטן דאָס קינד קיינעם ניט געבן, אויב איך וועל מיט איר חתונה האָבן, וועלן מיר דאָס קינד אַדאָפּטירן. איך האָב איר געדאַנקט פאַר אָפּהיטן דאָס קינד און בין אַוועק. איך בין שוין לאַנג ניט געשלאָפן און געגעסן, איך בין אַזוי מיד. זאָג מיר, שיינדעלע טייערע, איך בעט דיך, איך האָב דיך אַזוי שטאַרק ליב. שיינדעלע האָט זיך אויפגעשטעלט און געבעטן איר פיליפּן אַריינקומען מיט איר אין הויז.

שיינדעלע האָט געבעטן אירע עלטערן און פיליפּן זיך זעצן אַרום טיש און אין קורצן דערציילט אירע ליבע עלטערן וואָס פיליפּ האָט איר דערציילט. זיי וואָלטן אפשר קיינמאָל ניט דערציילט דער שוועסטער וואָס מיט פייגעלען איז געשען, אָבער יעצט איז דאָס גליק פון ביידע קינדער געווען אויף דער וואָגשאָל.

מאיר האָט אַלעס דערציילט די קינדער, דערציילט ווי אברהם איז קראַנק זוכנדיק דאָס קינד און פייגעלען. ער איז שוין אפילו געפאָרן קיין ישראל אין קיבוץ. זי וויל איר קינד, זי איז דאָך אַ מאַמע. פיליפּ האָט אָפּגעווישט אַ טרער, אויך שיינדעלען האָט שטאַרק ווי געטאָן פאַר איר שוועסטער, וועלכע האָט נעבעך דורכגעמאַכט אַזוי פיל.

פיליפ האָט געבעטן די האַנט פון שיינדעלען ביי אירע עלטערן, און מיט שיינדעלען אַרויסגעפלויגן קיין ישראל אויפן צווייטן טאָג.

ישראל, מיין הייליק לאַנד, ווי טייער ביסטו. פיליפ און שיינדעלע האָבן איבערגעטראָטן די ערד פונעם הייליקן לאַנד. זיי זעען ווי פרומע יידן פאַלן מיטן פנים צו דער ערד, קושן זי און וויינען, מאַכן אַ ברכה, מען פרייט זיך און גיבן אָפּ מזל טוב וואָס זיי האָבן זוכה געווען איבער־צוטרעטן די הייליקע ערד. אַלע נעמען זיך פאַר די הענט און מען טאַנצט אַ ריקודל. פרעמדע און נאָענטע, כל ישראל חברים. זיי פרעגן ווי קומט מען צום גליל. עס איז אַזוי גרינג צו אָטעמען. עס ווילט זיך זינגען, אַרומנעמען די גאַנצע וועלט. ווי הייליק, ווי שיין איז ארץ ישראל. זיי זיצן אין באָס און קוקן אַרויס. אַלע מיטפּאַרער, די פּאַ־סאַזשירן זינגען. עס הערט זיך „ארץ זבת חלב ודבש“, אָט זינגט מען שוין „תל אביב... תל אביב“. זיי זעען מאַרשירן קינדער מיט לאָפּע־טעס, אַלעס לעבט, אַלעס זינגט...

אין קיבוץ צו פייגעלען זיינען זיי געקומען צווישן טאָג און נאַכט. דער הימל מיט טויזענטער שטערן, די זון האָט זיך נאָך ניט פאַרבאַהאַלטן, אַ האַלב רויטער הימל. ערגעץ שפּילט אַ גאַרמאָשקע, אויך אַ פייפעלע פון אַ פאַסטוך. אין גרויסן זאַל איז יעצט ליכטיק, מען גרייט זיך צו טעניץ. עס לעבט דער קיבוץ, עס אָטעמט דאָס יידישע לעבן. זיי פרעגן וואו מען קען זעען די מיס. ראַבינאָוויטש.

זיי גייען שטיל, כמעט ביזן פעלד. דאָרט שטייט אַ באַנק. אויף דער באַנק, אָנגעטאָן אין הויזן מיט אַ סוועדערל, זיצט אַ פּרינצעסין מיט צעלאָזענע גאָלדענע האָר. זי קוקט ווייט און טראַכט פון עפּעס. זי הערט ניט ווי זיי קומען צו, און שיינדעלע רופט אויס שטיל, ניט צודערשרעקן איר שוועסטער, פייגעלע! פייגעלע טוט אַ ציטער, זי דרייט זיך אויס און שפּרינגט אויף. איין מינוט קוקן זיך ביידע שוועסטער אָן און פאַלן איינע דער אַנדערער אויפן האַלדז. זיי וויינען און לאַכן, נעמען זיך נאָך מער אַרום. פייגעלע טייערע! שיינדעלע טייערע! עס גיסן זיך טרערן פון פרייד. פיליפ שטייט דערשטוינט פון זייער ענלעכקייט, ווער איז ווער? די זעלבע הויך, די זעלבע האָר, די זעלבע אויגן און קול, נאָר זיין שיינדעלע איז אָנגעטאָן אין אַ

ווייס קלייד, און יענע, איר שוועסטער, אין אַן אַרבעטס קלייד. שיינדעלע ווישט אָפּ אירע טרערן און זאָגט שטיל — דו ווייסט פייגעלע, איך זע, אים מיין חתן האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקען. זיי באַקענען זיך, פיליפּ זעט אַזוי פיל טרויער אין פייגעלעס אויגן. זיי דערציילן ווי זיי האָבן זיך דערוואוסט פון פייגעלעס קינד, און אַז אויב זי וויל פאָרן מיט זיי קיין ניו־יאָרק, וועלן זיי איר העלפן צוריקנעמען דאָס קינד. פייגעלע זיצט אויפן באַנק און וויינט. זי בענקט נאָך איר קינד און אברהם׳ן, זי בעט מחילה ביי איר שוועסטער. זי זאָגט צו פיליפּ׳ן אַז שיינדעלע איז אַ הייליקע. זי איז ניט ווערט איר ליבער שוועסטער, וועלכע האָט דורך איר אַזוי פיל געליטן.

און ווידער פליען זיי אין אעראָפּלאַן. פייגעלע חלומט וועגן איר קינד און געליבטן. פיליפּ און שיינדעלע דאַרפן זיך צוריקקערן קיין שווייץ, וואו עס וואַרט אויף זיי די אַרבעט, אָבער זי פילן אַז לאַנג אין יענעם לאַנד וועלן זיי ניט קענען בלייבן. איינמאָל איבער־געטראָטן די הייליקע ערד, ציט זיי אויך יעצט צום אייגענעם לאַנד. זיי וועלן קומען, אויך אין ישראל וועלן זיי קענען טאָן זייער אַרבעט.

צום אעראָפּלאַן זיינען געקומען באַגעגענען די קינדער מאיר מיט חנה׳ן. אויך די פאַמיליע ווייס און אברהם. מען האָט זיך באַגריסט און געקושט. פיליפּ האָט טעלעפאָנירט אַ היים אַז ער קומט און בעט אַז אויך זיין טייערע קוזינע שאַרלאַט זאָל קומען. ער האָט גענומען זיין שיינדעלען, אויך פייגעלע מיט אברהם זיינען מיטגעפאָרן. ווי ערשטוינט זיינען אַלע געוואָרן, ווען אין הויז פון דער פאַמיליע פיליפּ זיינען אַ צווילינג־שוועסטער געקומען, מיט דעם זעלבן פּנים, די זעלבע האָר, אויגן און וואוקס. מען האָט זיך באַקאַנט, אויך אברהם איז דאָ געווען. פייגעלע און אברהם האָבן געוויינט און געבעטן שאַרלאַט זאָל זיי העלפן קריגן צוריק דאָס קינד. שאַרלאַט האָט זיך ענטשולדיקט, אויך זי האָט די טרערן פון רחמנות ניט געקענט איינ־האַלטן. אַ ודאי וועט זי זיי העלפן. ווי גליקלעך זיינען מאיר און חנה געווען, ווען זיי האָבן זייער פאַרם פאַרקויפט, און צוזאַמען מיט פייגעלען, אברהם און אייניקול דבורהלע געפאָרן זיך באַזעצן אין הייליקן לאַנד.

# די פאַרשפּעטיקטע בר־מצוה

## קאַפּיטל איינס

## אין דײַטשלאַנד

אין אַ שמאָלער גאַס, ניט ווייט פון רוישיקן צענטער אין בערלין, האָט געוואוינט דער באַוואוסטער דאָקטער גאָרדאָן. זיין רעזידענץ — אַ שיין צווייִשטאָקיק הייזקעלע, ווייס און רויט געפאַרבט — אַרומ־גערינגלט מיט אַ שיינעם סאָד, מיט ביימען און קוויטן.

אין דעם הויז האָבן געוואוינט די פעמיליע פון דאָקטער — דוד גאָרדאָן, זיין ליבע פרוי עמיליע און די גאָר געראָטענע טאָכטער חנה'לע. מיט זיי האָט געוואוינט אַ דינסט, אַ דייטשע פרוי, אנכען און אַ מאַן אַ באַדינער, וועלכער פלעגט איינקויפן פאַרן הויז, טראָגן פעקלעך און אָפּהיטן דעם גאָרטן.

דער דאָקטער איז געווען הויכגעשעצט ביי די קראַנקע, ביי שכנים, באַקאַנטע און אויך אין די סינאַגאָגעס און יידישע אינסטיטוציעס. אַלע האָבן געוואוסט אַז דער דאָקטער איז אַ גאָט־ספאָרכטיקער מענטש און אַז זיין שטאָלץ איז זיין טאָכטער חנה'לע.

אַזוי ווי מער קיין קינדער האָט אים ג־ט ניט געשאָנקען, פלעגט ער זיך אָפּגעבן מיט דער טאָכטער די גאַנצע פרייע צייט וואָס ער האָט געהאַט. דאָס זעלבע — די ליבע פרוי גאָרדאָן וואָס האָט זיך אַ סך פאַרנומען מיט כלל־טוערייַ, אָבער די מערסטע צייט איז זי געווען פאַרנומען מיט זייער ליבער טאָכטער. דאָס קינד איז געגאַנגען אין שולע, געלערנט מוזיק ביי אַ לערער וואָס קומט אין הויז, און ליב געהאַט טאַטע־מאַמע מיטן גאַנצן האַרץ. חנהלע איז שוין געווען אַ מיידל פון 15 יאָר, הויך־געוואַקסן און מיט פעך־שוואַרצע האָר און

טיפע פאַרטראַכטע בלויע אויגן. דאָס פּנים געטאָקט, אַלעמאָל מיטן גוטן שמייכל.

אין צווייטן הויז פון דער פעמיליע גאָרדאָן האָט געוואוינט א דייטשע משפחה מיט דעם נאָמען קורץ. דער מאַן האָט געאַרבעט אויף דער בערזע, די ווייב איז געווען א פאַרקויפערין פון בלומען אין א מאַגאַזין און זיי האָבן געהאַט א בן יחיד איגנאַץ פון א יאָר ניינצן־צוואַנציק. א הויכער בלאָנדער בחור מיט א קוק פון אַן עזותניק האָט ער זיין צייט פאַרבראַכט מיט א גרופּע יונגוואַרג — ליידיקגייערס. ניט איינמאָל איז דער בענאַק געווען פאַרמישט אין מיאוסע געשיכטעס. ער פלעגט זיך קליידן אין מיליטערישע קליידער, כאָטש פון דער מיליטער־שולע האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן צוליב זיין שיכורן און זיינע געשלעגן. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין פעטש פון פאָטער אָדער דאָס לאָזן אים אָן קעשענע־געלט. עס האָבן אויך נישט געהאָלפן די טרערן און געבעטן פון דער מוטער. ניט איינמאָל האָט זיין האַנט זיך געהויבן אויף קעגן די עלטערן.

איינמאָל, דאָס איז געווען אין אַפּריל 1939, דער פרילינג האָט זיך שוין געפילט אין דער נאַטור און אין געמיט. די בוימער האָבן אָנגעהויבן בליען, און עס האָט אויסגעזען ווי די וועלט גרייט זיך צו א גרויסן יום־טוב. א פאַרטראַכטע מיט א גוטן שמייכל אויף די ליפּן איז געגאַנגען חנהלע פון שולע מיט די ביכער אין די הענט. זי האָט שטיל געברומט א לידעלע. עס איז געווען גרוי־טונקל, די נאַכט האָט נאָך ניט פאַרנומען דאָס אָרט פון טאָג. אויף דער גאַס איז געווען שטיל און היימלעך. פּלוצלונג האָט פון הינטער איר פּלייצע א האַנט זיך אויסגעשטרעקט איבער איר מויל און האַלדז און מיט כח זי געשלעפּט — דאָס איז געווען איגנאַץ — שיכור און ווילד האָט ער איר די קליידער געריסן, אומגעוואָרפן און געדעדט מיט כעס: דו ביסט שטאָלץ, דו פערפלוכטע יודין, דו האָסט מיך ניט געוואָלט קענען מיט גוטן, וועסטו שוין מיך געדענקען! — חנהלע האָט זיך געראַנגלט, געכאַרכעלט ביז די כוחות זיינען איר אויסגעגאַנגען און זי איז אין אָנמאַכט געפאַלן.

ווען זי האָט געעפנט די אויגן האָט זי זיך דערזען א האַלב־

נאַקעטע, די ביכער צעשאָטן, די קליידער פאַרשמירט אין בלוט, זי האָט אײנגאַנצן געציטערט. מיט די לעצטע כוחות האָט זי זיך דער־שלעפּט אַהײם. װי אַ גנבטע איז זי אַרײן אין שטוב. צום גליק איז אין דער הײם קײנער ניט געװען. זי האָט זיך אָפּגעבאָדן, איבער־געטאָן זיך און אַ צעבראָכענע אַרײן אין בעט.

װען די עלטערן זײנען אַהײמגעקומען, האָבן זײ געטראָפן זײער ליבלינג־טאָכטער אין גרױסער היץ, זי האָט ניט געװאוסט װאָס מיט איר איז, אָדער װאָס זי רעדט. שפּעטער האָט זי אָפּט דערמאָנט דעם נאָמען איגנאַץ, טאַטע־מאַמע האָבן ניט געװאוסט װאָס דאָס מײנט. זײ פלעגן זיצן בײ איר בעט טאָג און נאַכט, און געזען װי דאָס קינד טריקנט אײן. זי פלעגט ניט עסן — נאָר באַקומען אײנ־שפּריצונגען. זי האָט אױך ניט דערקענט קײנעם און צו קײנעם ניט גערעדט. דורך דעם ציטער פון אירע אױגן־דעקלעך האָט מען דער־קענט אַז זי האָט אַ נערװן־צעטרײסלונג, אָבער װאָס איז געשען מיט איר?

דער פאָטער, דער דאָקטער, האָט געבראַכט די גרעסטע דאָק־טוירים פאַר אַ קאָנסיליום — יעדער האָט צוגעשטימט אַז דאָס איז אַ נערװעזער שאָק, און צי זי װעט איבערלעבן דעם קריזיס האָבן זײ ניט געװאוסט.

דערװײל האָט די צװײטע װעלט־מלחמה אױסגעבראָכן, עס איז געװאָרן אַ מהומה אין בערלין. די גאַסן זײנען געװאָרן באַזעצט מיט מיליטער. מען האָט געמאַכט איבערפאַלן אױף יידישע משפּחות. מען האָט געשלאָגן, געטריבן אין די לאַגערן, קאָנפעסקירט שװער פאַר־האָרעװעטע פאַרמעגנס. עס איז געװען אַ שרעק אין גאַס אַרױסצוגײן.

אין דער הײם פון די גאַרדאָנס איז געװען שטיל װי אין אַ קבר. טאַטע־מאַמע זײנען געזעסן אַרום זײער ליבער טאָכטערס בעט מיט טרוקענע אױגן. אָן טרערן, האָט בײ זײ די נשמה געװײנט. זײ האָבן געזאָגט תהלים, געבעטן ג־ט ער זאָל זײ צונעמען אַנשטאָט זײער ליבע טאָכטער. זי איז אַזױ יונג און אומשולדיק װי אַ מלאך, פאַרװאָס קומט דאָס איר? די גוטע הױזפירערין אַנכען, און דער גוטער

פּריטץ האָבן זיי ניט פאַרלאָזן, זיי געבראַכט עסן, טרינקען, אַ טרייסט וואָרט און דערציילט זיי פון אַלעס בייז וואָס אין דרויסן.

איינמאָל איז געקומען אַ גאַנצע גרופּע דייטשע זעלנער, מיט געווער אין די הענט, געפירט פון איגנאַצן. עס איז געווען פאַרנאַכט. אין צימער וואו אַלע זיינען געווען פאַרזאַמלט אַרום דער קראַנקער האָט מען געהערט דאָס קרעכצן פון חנהלען. טירן האָבן זיך געעפנט, בענקלעך זיינען געפאַלן, שפּיגלען און פענסטער זיינען צעבראָכן געוואָרן — צום דאָקטער איז צוגעגאַנגען איגנאַץ, אַ ריח פון בראָנפן איז געגאַנגען פון זיין מויל. אויפשטיין! — האָט ער געהייסן. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט. זי אויך! — האָט ער געהייסן, און באַלד זיינען צוויי דייטשן צו צו חנהלען און געפּרובט זי אויפשטעלן. טאַטע־מאַמע זיינען פאַרציטערט געוואָרן. זיי, די דייטשן, האָבן זי ניט געקענט איינהאַלטן און אַ פאַרחלשטע איז זי געפאַלן. האָב רחמנות, איגנאַץ! — האָט פּריטץ דער גערטענער זיך אָנגערופן — דאָס קינד איז קראַנק, זיי זיינען דאָך געווען דיינע שכנים! אַ שמיץ פון אַ בייטש האָט דורכגעשניטן די לופט און צובלוטיקט דאָס פּנים ביי פּריטצן. דו פאַרקויפטער טעלער־לעקער! — האָט איגנאַץ אויסגע־שריען. מיינע פריינט, איר ווייסט מיט וואָס די פאַרשאָלטענע מעדכען איז קראַנק? און ער האָט פאַראַלעמען דערציילט וואָס ער האָט איר געטאָן. טאָמער גלויבט מען אים ניט, זאָל מען פאַרשאַרן אירע האָר ביים האַלז און נאַקן — דאָרט האָט ער איר אַ סימן געלאָזן — אַ ביס פון זיינע ציינער — זאָג אַ דאַנק וואָס איך האָב זי ניט דערשטיקט — זאָגט ער צום טאַטן, אָבער וואַרט! מאָרגן וועט איר גיין אין די לאַגערן, איר וועט מיך האָבן פאַר אַן אָפּטן גאַסט, איך וועל מאַכן אייער לעבן ערגער ווי טויט. ער האָט אויסגעשפּיגן, און מיט אַ גע־לעכטער האָבן די סאָלדאַטן פאַרלאָזט די גאַרדאָנס.

אין צימער איז געווען טויט־שטיל, פּלוצלונג האָט די מרס. גאַרדאָן צוזאַמענגעבראָכן, זי האָט געוויינט און געלאַכט, געשאָלטן און געהאַט טענות צו ג־ט. דער דאָקטער האָט שטילערהייט געוויינט און געגלעט דעם קאָפּ פון זיין פרוי. דאָס קינד איז געלעגן ווי אַ גולם. אין באַזונדערע ווינקלעך האָבן געוויינט און געבראָכן די הענט פּריטץ און אנכען. דאָס פּנים ביי פּריטצן איז געווען באַגאָסן מיט בלוט.

דער ווינט האָט געריסן די פאַרהאַנגען. עס איז געווען קאַלט און נאַס, דער רעגן האָט אַריינגעגאָסן. קיין ליכט האָט קיינער ניט אָנגעצונדן. פּלוצעם האָבן זיי דערהערט אַ פרעמדן קול. ס׳איז מיר קאַלט! וואו בין איך? איך האָב מורא. עס האָבן געציטערט די פינגער ביי פּריצן, ביז ער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע. חנהלע האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ פון קישן, און ווי געפרעגט מיט די אויגן: — וואו בין איך? פאַרוואָס ווײנט איר? בין איך קראַנק?

דאָקטער גאָרדאָן איז צוגעקומען צו איר, זי אַוועקגעלייגט אויפן קישן, צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע, געגלעט איר שטערן און מיט טרערן שטילערהייד געשעפּשעט... אַ ביסעלע קראַנק קינדעלע, אַ ביסעלע... וועסט גיך געזונט ווערן און מיר וועלן ווידער זיין פריילעך. טו אַ שמייכל, עמיליע טייערע, ניט אמת? עמיליע האָט פאַרלוירן דעם לשון און ניט געקענט אַ וואָרט אַרויסרעדן. אנכען האָט יאָמערדיק געוויינט, אויך פּריטץ האָט אַ האַרצרייסענדיקן קרעכץ געטאָן. עמיליע האָט אָנגענומען די אויסגעדאַרטע האַנט פון חנהלען, געגלעט און געקושט און מיט טרערן באַנעצט איר פּנים און הענט.

דאָקטער גאָרדאָנס פּנים איז פריילעך געוואָרן און ער האָט אָנ־געהויבן געבן באַפעלן. פּריטץ! — זיי אַזוי גוט און צינד אָן דעם אויוון, עס איז דאָ קאַלט. אנכען! — זיי אַזוי גוט און ברענג צוויי גלעזער וואַרעמע מילך. ער האָט אונטערגעהאַלטן חנהלעס קאָפּ, איבערגע־קלאַפּט די קישן, אַ גלעט געטאָן דאָס קינד און מיט אַ שמייכל געזאָגט צו זיין ליבער פרוי: — מיט ג־טס הילף וועט אַלעס זיין גוט. מען טאָר זיך נישט מייאש זיין. באַלד האָט מען געבראַכט די וואַרעמע מילך, חנהלע האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער גלאָז, אויך די אָרימע מאַמע האָט קוים די ליפּן באַנעצט. נאָכדעם האָט דער פאָטער געמאַכט דער ווייב און טאָכטער איינשפּריצונגען זיי זאָלן איינשלאָפן.

ווען ביידע קראַנקע זיינען געלעגן אין שווערע חלומות, האָט מען די ליכט אין צימער קלענער געמאַכט. דאָקטער גאָרדאָן האָט באַפוילן די דינער זאָלן נעמען עסן, זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט ביז ער וועט עסן מיט זיי צוזאַמען. דער דאָקטער האָט אַרומגעוואַשן די וואונד אויף פּריטצ׳ס פּנים און איבערגעבונדן. ער האָט אים פאַראויסגעזאָגט

אַז מען האָט צו לאַנג געוואַרט מיט דער מעדיצינישער הילף, און דערפאַר וועט בלייבן אויף זיין פּנים אַ סימן אויפן גאַנצן לעבן.

ביי אַ קליין פייערל זיינען געזעסן ביים טיש — דר. גאָרדאָן, אַנבען און פריטץ. יעדענס פּנים איז געווען פאַרזאָרגט און פאַר־טרויערט, אַלע האָבן געשוויגן.

דר. גאָרדאָן האָט געזאָגט: מיינע פריינט! איר ביידע ווייסט ווי שטאַרק דער אומגליק האָט אונדז געטראָפן. מיין ליבע פרוי האָט איר קול פאַרלוירן, און זי קען נאָך, ג־ט באַהיט — פון זינען זיך רירן, נאָך גרעסער איז דער אומגליק מיט אונדזער ליבער חנהלע, עס איז 10000 מאָל ערגער, איך האָב דאָס קינד אונטערזוכט און האָב גע־וואוסט אַז אימעצער אַ מאָן האָט איר געשענדעט, אָבער ווער, ווי אַזוי, האָב איך ניט געוואוסט, איך האָב געטראַכט אַז אפשר איז דאָס אַ ליבע, ביז דער פאַרדאָרבענער איגנאַץ האָט דערציילט די טרויעריקע געשיכטע. איך גלויב אַז דאָס איז אמת. איך גלויב אויך אַז אַ קינד קען קומען. מיינע טייערע! מאָרגן גייט מען אַרויסשיקן פון בערלין יעדן ייד, דאָס הייסט אויך אונדז, מיר זיינען הילפסלאָז. מיר, איך און מיין ליבע פרוי, האָבן דאָ קיינע קרובים. ערגעץ אין ישראל וואוינט מיינער אַ ברודער, וועמען איך געדענק ניט. די איינ־ציקע גוטע פריינט זייט איר — איר זייט ביי אונדז ניט געווען קיין דינער, נאָר שטוב־מענטשן, מיר האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין סודות פאַר אייך. די צייט איז זייער קורץ, ווייל איך אייך בעטן: דאָ האָט איר מיין פרויס און טאָכטערס צירונג, גאָלד און זילבער, צעטיילט דאָס צווישן זיך און פאַרבאַהאַלט דאָס. ווען מען וועט אונדז פאַר־טרייבן — זייט ניט מיט אונדז, וועט איר אונדז קענען מער העלפן. איך קאָן אייך און איך גלויב אייך. איך גלויב אַז פריער ג־ט און נאָכער איר וועט אונדז ניט פאַרלאָזן. יעצט וועט איר גיין שלאָפן, איך וועל אָנשרייבן צוויי באַזונדערע בריוו צו מיין ליבער פרוי און ליבער טאָכטער; באַהאַלט די בריוו און אויב ג־טס ווילן וועט זיין אַז מען וועט אונדז מיט זיי צעשיידן, בעט איך אייך, האָט אַן אויג אויף זיי און ביי אַ געלעגענהייט גיט זיי מיין בריוו אָדער צוואה. איך בעט אייך און באַשווער אייך — פאַרלאָזט ניט אונזער קינד. זי וועט זיין זייער עלענט.

טרערן זיינען געראָנען פון זיינע אויגן, ער האָט גענומעןביידע ביי די הענט, זיי אַריינגעפירט אין צימער וואו ביידע, מאַמע און טאָכטער, האָבן שווער געקרעכצט. דער דאָקטער איז געבליבן שטיין אין טיר, ווייזענדיק מיט אַ וואונק זיי זאָלן זיך זעגענען. אנכען האָט מיט איין האַנט צוגעהאַלטן דאָס מויל ניט צו וויינען אין דער הויך. פּריטץ האָט שטיל אַ טרער אָפּגעווישט, און אַלע האָבן זיך צוריקגעקערט אין קיך. דר. גאָרדאָן האָט זיי געבעטן זיך צולייגן אויף אַ שעה ביז ער וועט גרייט ווערן מיט די בריוו.

לאַנג איז ער געזעסן מיט פּאַפּיר און פּען און קיין איין וואָרט ניט געקאָנט אָנשרייבן, דערנאָך האָט ער געשריבן און געמעקט. דאָס פּאַפּיר האָט באַקומען פלעקן פון זיינע הייסע טרערן. ער האָט פאַר־מאַכט די בריוו, פאַרקלעפּט, אָנגעשריבן וועלכע פאַר וועמען. מיט אַ רוף פון האַנט האָט ער זיינע פריינט צוגערופן. זייט געזונט, מיינע ליבע פריינט, באַהאַלט זיך ביז מען וועט אין אייך פאַרגעסן, וועט אייך גרינגער אָנקומען זיי העלפן. אויב איינע פון זיי וועט שטאַרבן — גיט ביידע בריוו צו דער געבליבענער. מיר וועלן זיך באַמיען — האָבן זיי אים צוגעזאָגט. אפשר וועט גאָרניט געשען, אויב יאָ — האָט פריטץ געזאָגט — וועלן מיר, איך און אנכען זיך קיינמאָל נישט שיידן, מיר האָבן זיך ליב שוין פון לאַנג, מיר האָבן נאָר ניט געקענט זיך באַשליסן חתונה האָבן. יעצט, ווען מיר האָבן אייער געלט און סוד, וועלן מיר זיין צוזאַמען און זען וואָס מיר קענען אייך העלפן. דאָקטער! מיר דאַנקען אייך שטאַרק פאַר אייער גוטסקייט צו אונדז, זאָל אייך ג־ט באַשיצן; און זיי האָבן פאַרלאָזן די היים.

דר. גאָרדאָן האָט פאַרלאָשן די לאָמפּן און זיך צוגעזעצט לעבן זיין ליבער פרוי. ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן. זי האָט געעפנט ברייט אירע שיינע בלויע אויגן, געעפנט איר מויל און קיין קול איז ניט אַרויסגעקומען, ער האָט איר געגלעט און געקושט, געפרעגט צי זי הערט און פאַרשטייט? זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער האָט זי באַרואיקט און געזאָגט אַז דאָס איז אַ צייט־ווייליקע זאַך, זי מוז זיך נעמען אין די הענט, ווייל זייער טאָכטער ־אַרף זיי. ער האָט גערעדט מיט אַ טרויעריקן קול, אָבער רואיק און

שטיל. ער האָט איר דערציילט וואָס איז געשען מיטן קינד. צוליב דעם, דאַרף מען זי טרייסטן און מאַכן זי לעבן, אַז מען לעבט קען מען נעמען נקמה, דאָס איז אַ הייליקער און שטאַרקער כוח. טרערן זיינען געראונען פון עמיליעס אויגן, אָבער זי האָט ניט געקרעכצט, דאַן האָט ער איר אַלץ דערציילט פון דעם אָפּמאַך מיט די באַדינערס און אַז זייער צווייטער נאָמען וועט מער ניט זיין פּריטץ, ער וועט זיך רופן היינע. ער האָט איר געבעטן זיך האַלטן שטאַרק וואָס עס זאָל ניט געשען, ווייל מאָרגן גייט מען זיי פאַרשיקן אין די לאַגערן, ער איז זייער מיד און וויל אַ דרעמל טאָן — זאָגט זי אים צו? ער קען אָן איר ניט לעבן, זי מוז לעבן. זיי האָבן זיך אַרומגענומען. ער האָט איינגעדרעמלט, און דער בלויער פרימאָרגן האָט זיך געגנבעט דורך די פענסטער וואַרפענדיק אַן ערשטן בליק אויף די שטילע אומגליקלעכע מענטשן.

דער פאָטער האָט זיך איבערגעוועקט און דערזען 2 פּאָר גרויסע אומעטיקע אויגן. ער האָט זיך גיך אויפגעשטעלט, אַ גלעט דער פרוי איבערן קאָפּ און געפירט זי צום בעט פון חנהלען. גוט מאָרגן קינד! אויך די מוטער שמייכלט. חנהלע הייבט זיך אויף אַסך שטאַרקער ווי נעכטן, כאָטש זי זעט אויס ווי אַ קליין מיידעלע. זי בויגט צו ביידענס קעפּ צו זיך און מיט אַ שמייכל ענטפערט זי — גוט מאָרגן! זי קושט זיי שטאַרק און פלוצלונג צעוויינט זי זיך און שרייט אויס: לאָזט מיך אָפּ! טאַטע טייערער, איך וויל שטאַרבן, איך טאָר ניט לעבן, העלף מיר, איך בין אומריין, פאַרשאָלטן... איגנאַץ.

דער פאָטער גלעט דער טאָכטער איבערן קאָפּ. ער טרייסט זי אַז זי איז אַ הייליקע, אומשולדיק. איגנאַץ איז אַן אויסוואָרף. זי מוז לעבן צוליב נקמה. יידן טאָרן ניט שטאַרבן. אויך ער און איר מאַמע, און זייערע ליבע פריינט פּריטץ און אנכען ווען לעבן צוליב נקמה.

חנהלע! אין דער צייט וואָס דו ביסט קראַנק געווען, האָט ער, איגנאַץ, אונדז אַליין דערציילט וואָס ער האָט געטאָן צו דיר, אָבער מיר האָבן אַ ג־ט און ער וועט אונדז העלפן נעמען נקמה. חנהלע! אַ גרויסע צרה איז געשען אין בערלין, היטלער האָט אַסך אַזוינע בלוטדורשטיקע איגנאַצן, זיי גייען היינט אַרויסטרייבן אַלע יידן אין

לאַגערן. װער עס װעט נעמען מיט זיך עפּעס, אָדער שטעלן זיך קעגן, װעט דערשאָסן װערן. אונדז איז ערגער װי אַנדערע, דו האָסט ניט באַמערקט אַז דײַן ליבע מאַמע האָט איר לשון פֿאַרלוירן. דו ביסט שװאַך און קראַנק, און מען קען אונדז נאָך צעשײדן. דאָך בעט איך אײַך לאָמיר אַלע שװערן, מיר װעלן לעבן אײנער פֿאַרן צװײטן, זיך אָפּזוכן און װידער זײַן גליקלעך. גאָרניט זאָל אונדז דערשרעקן — אין לײדן געדײנקען, מיר מוזן לעבן.

פֿריטץ און אנכען װעלן חתונה האָבן און הײסן יעצט הײנע. זײ װעלן האַלטן אַן אױג אױף אונדז און קומען צו הילף װען זײ װעלן קענען. ער האָט דערצײלט װעגן געלט, צירונג און בריװ. יעדער האָט געהױבן אַ האַנט און געשװאױרן, די מאַמע האָט נאָר מיטן קאָפּ געמאַכט אױף יאָ.

דער עדות פֿונעם תקיעת־כּף איז געװען ג־ט און דער זוניקער טאָג, װעלכער האָט אַרײַנגעקוקט מיט שטראַלענדע אױגן אין פֿענסטער.

דר. גאָרדאָן איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער, ער האָט אױפֿגע־עפֿענט די אונטערשטע העלפֿט און אַרױסגעקוקט אין דרױסן. זײַן גאַס איז געװען װי נאָך אַ פּאַגראָם, צעריסענע און צעקװעטשטע קװײטן, אױסגעהאַקטע פֿענסטער פֿון אַרומיקע יידישע הײזער. אַן אײנציקער שוך מיט אַ שײן קאַבלוקל, װעלכער האָט אַזױ קאָקעטיש געמאַכט אױסקוקן די שײנע יונגע פֿיסעלעך פֿון אַן אומבאַקאַנטער פֿרײלין. דאָ ליגט אַ טיכל, אָדער גאָר אַ הוט. . . װאו זײנען די ליבע מענטשן? װאו זײנען זײ געלאָפֿן אָדער געטריבן געװאָרן? און װאָס װעט זײַן מיט אים? עמיליען און זײער ליבער טײערער חנהלע?? זי װײנט ניט מער, נאָר אירע אױגן זײנען פֿול מיט טרױער. יע, ער װײסט אַז דאָס קינד האָט זײ זײער שטאַרק ליב. ער האָט שנעל פֿאַרמאַכט דאָס פֿענסטער און אַרײַנגעגאַנגען.

ער האָט געטראָפֿן בײדע פֿרױען אָנגעטאָן אין רײזע קאָסטיומס, מיט קלײנע פּעקעלעך פֿאַר יעדן, גרײט צו פֿאַרלאָזן די הױז. חנהלע, טײערע! דו קענסט שטײן אױף די פֿיס? איך בין אַזױ גליקלעך. פּרוביר, קינד מײנס, זאָלן מײנע אױגן דיך זען שטעלן אַ טראָט. חנהלע

האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט וואַקלדיקע פיס געשפּאַנט צו דער טיר. פּאַטער און מוטער האָבן זי געהאַלזט און געדאַנקט ג־ט פאַרן חסד. דר. גאָרדאָן האָט אָנגעטאָן טלית און תּפילין, האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף ווייב און קינד און זיי געבענטשט. איך וועל אייביק, ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן אייך געדיינקען ווי הייליקע. איך בעט אייך געדענקען די הייליקע שבועה — ניט שטאַרבן, דעם שונא אויף צו להכעיס. מיר וועלן טיילן דעם גורל פון אַלע יידישע ברידער און שוועסטער. אויב מען וועט אונדז צעשיידן, אויב מען וועט אונדז ווײי טאָן, זאָלן מיר לעבן און זיך געפינען.

עמיליע, טייערע, גרייט צו עפּעס עסן, און מיר וועלן זיין גרייט אין וועג אַריין. דר. גאָרדאָן האָט זיך איינגעוויקלט אין טלית און תּפילין. ער האָט ניט געהערט צו ער דאַוונט. ער האָט ניט אויפגעהערט פּרעפּלען פּסוקים פון תּהלים.

ער האָט אויפגעציטערט ווי פון אַ דונער, ווען די טיר האָט זיך צעפּראַלט, און איגנאַץ מיט אַ ווילדער חברה האָבן זיך אַריינ־געריסן אין הויז. ווי אַ ווילדע חיה מיט צעפּאַטעלטע האָר און רויטן פּנים האָט ער זיך געוואָרפן אויפן דאָקטער, אַראָפּגעריסן דעם טלית און באַפוילן ברענגען זיי גאָלד און צירונג. איך האָב עס ניט — האָט דער דאָקטער געזאָגט. וואָס? זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעשטויסן אין חנהלעס רויקע, טרויעריקע אויגן. איין מינוט האָבן זיך זייערע בליקן פאַרטשעפּעט. מיט אַ געשריי — געגאַנגען! האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זיינע פריינט, וואו זיינען פּריטץ און אנכען? — זיי זיינען ניטאָ, זעט אוים, זיי האָבן אַלעם צוגענומען און אַנטלאָפן. איגנאַץ איז אַרוים דער ערשטער, נאָך אים איז געגאַנגען דער דאָקטער, וועלכער האָט נאָך געהאַלטן אין אַריינלייגן טלית און תּפילין אין זיין פּעקעלע. ביי זיין זייט האָבן קוים געשלעפּט די פיס זיין ליבע פרוי און טאָכטער.

### קאַפּיטל צוויי

## אין רוסלאַנד

אוזבעקיסטאַן — אין צייט פון צאַר און אויך פון דער סאָוועטן רעגירונג, פלעגט מען אַהין פאַרשיקן אַרעסטאַנטן אָדער קאַטאָרשניקעס, ניט נאָר ווייל דאָרטן זיינען די היצן זייער גרויסע און קיין וואַסער איז ניטאָ, אויך צוליב די קראַנקהייטן פון מאַלאַריע, געל־זוכט און אַנדערע. די איינוואוינער דאָרטן — איבערעהויפּט אוזבעקן — ריידן אוזבעקיש, זיינען אַנדערש, מיט זייער פירונג און קליידונג קוקן זיי אויס ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעט. אויך די דאָרטיקע בוכאַרער יידן איז שווער צו אונטערשיידן. די נעכט זיינען ליכטיקע ווי בייטאָג, דער הימל באַצירט ווי מיט בריליאַנטן — יום־טוב־דיק. אויף יעדער גאַס גייען דורך רינעס, אָפּטיילענדיק דעם טראָטואַר פון שליאַך, וואו עס פאָרן וועגענער געשפּאַנט אייזלען אָדער פערד. אויף יעדער גאַס זיינען פאַראַן טיי־הייזער (טשייכאַנאַ'ס), לעבן יעדן טיי־הויז אַן „אריק" באַסיינען — שטייענדיקע וואַסער, וואו די אוזבעקן וואַשן זייערע הענט און פיס איידער זיי גייען דאַווענען אין די מעטשעטן — אַלטע, גרויסע, הויכע געבעט־הייזער. די הייזער זייערע זיינען נידעריקע. ווען זיי קומען אַהיים טוען זיי אויס זייערע סאַנדאַלן (שטעק־שיך), אויף דער ערד ליגן טעפּיכער, אין מיטן שטוב — אַ גרוב — אַן אויוון, אַלע זעצן זיך אויף דער ערד, די פיס אונטער זיך, אַזוי עסט מען אַלע פון איין שיסל מיט די פינגער. לעבן יעדער טשייכאַנאַ זיצן די פוילע אוזבעקן און ציען זייער טאַבאַק אין טרופּקעס און שפּייען יעדעס מאָל אויס, זיי טרינקען גרינע טיי פון אַ שאַל (פּיאַלע), אַלע פון איין שאַל, יעדער טוט אַ טרונק און גיט איבער ווייטער. אַזוי קענען זיי זיצן און וואַרעמען זיך אויף דער זון אַ גאַנצן טאָג.

פאַרוויקלט אין האַנטעכער אַרום קאָפּ מיט וואַרעמע קאַפּאָטעס אין אַלערליי קאָלירן מיט באָרוועסע פיס — זעען זיי אויס ניט רעאַל, ניט ווי לעבעדיקע. זיי זיינען כמעט אַלע פוילע, קוים וואָס זיי רירן זיך. די פרוי אַרבעט זייער שווער צו ערציען די קינדער און היטן די שטוב, מענער רעדן פּאָליטיק.

אין דער צײַט פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען היטלער האָט פֿאַרכאַפּט כמעט האַלב רוסלאַנד, זײַנען קיין אוזבעקיסטאַן עוואַקוּאירט געוואָרן זייער אַ סך מענטשן, אויך פֿאַבריקן, זאַוואָדן, האָספּיטאַלס, ביזנעס, לערנאַנשטאַלטן און קינדערהיימען. מען האָט אויך פֿאַרשיקט אַהין אַ סך פּוילישע פּליכטלינגען, וועמען מען האָט ניט געטרויט און געהאַלטן זיי פֿאַר פּאָליטישע פֿאַרברעכער. זיי האָבן געדאַרפֿט אַרבעטן צוזאַמען מיט די רוסישע פֿאַרברעכער אין די פֿאַבריקן, ביי שנײַדן בוימער, רייניקן די זאַמדיקע־שטיינערנע ערד, איבערבויען און אויסבויען נײַע צענטערס. עס זײַנען אויסגעבויט געוואָרן בײַדלעך פֿון ברעזענטן צום וואוינען. מען האָט געגראָבן ליים און געמאַכט ציגל פֿאַר נײַע געבײַדעס. דאָס אַלץ האָט אָנגעפֿירט די רוסישע מיליציע מיט אַן אײַזערנער האַנט. ניט איינמאָל האָט מען באַוויינט דעם פֿרײַנט אָדער משפּחה־מענטש, וואָס איז געפֿאַלן פֿון שווערער אַרבעט, הונגער אָדער עפּידעמיע.

לעבן אַ בײַדל אויף אַ שטיין איז געזעסן חנהלע, אַרומגערינגלט פֿון אירע פֿרײַנט, יונגע און אינגערע, און האָט זיי דערציילט די געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק. עס איז געווען אַ זייגער צען אויף דער נאַכט און דאָך איז געווען ליכטיק ווי בײַטאָג. — די לבֿנה האָט געשײַנט, די שטערן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ווי בריליאַנטן אין דעם אָריק לעבן אירע פֿיס. אַ גאַנצן טאָג האָבן די אָרימע, פּאָליטיש פֿאַראורטיילטע, פּוילישע מענטשן זייער שווער געאַרבעט. אין אַנדערע בײַדלעך איז געווען טויט שטיל, אָבער דאָ אין לאַגער, וואו חנהלע וואוינט, ווײַל מען ניט טראַכטן וואָס מאָרגן וועט זײַן. ג־ט האָט זיי געבענטשט מיט אַ גוטן נאַטשאַלניק — אַ פּאָליסמען — ענקאַווועדיסט, אַ הויכער שיינער יונג מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר, ברענענדיקע קלוגע אויגן מיט אַ רוימישער גלײַכער נאָז — זעט ער אויס ווי אַ העלד פֿון פּיעטשאַרינס געשיכטעס. ער איז אַלעמאָל שטרענג און ערנסט, זעלטן טרעפֿט ער זאָל שמייכלען. ער דינט דעם ראַטנפֿאַרבאַנד מיט לײַב און לעבן, ווייסט אַלע געזעצן און היט זיי אָפּ ווי זײַן אויג אין קאָפּ. זײַן לאַגער יאָגט אַריבער די אַנדערע לאַגערן דערגרייכונגען כמעט צוויי מאָל. ער שרײַט אויף קיינעם, שלאָגט ניט, און דערפֿאַר

ארבעט יעדער איבער די כוחות. עס איז אַ שטומער אָפּמאַך — ביינאַכט באַמערקט ער ניט ווי די פרויען זיצן אַרומגערינגלט אַרום חנה׳ן. עס לויפן פאַר יעדענס אויגן יידישע קעניגן, מאַקאַבעיער, בר־כוכבא, יהודית מיטן אָפּגעהאַקטן קאָפּ פון שונא ישראל העלפּאַרנעס, זיי הערן און פאַרגעסן וואו זיי זיינען, עס ווייזט זיך זיי אויס אַז זיי זיינען ווייט, ווייט, מיט די העלדן צוזאַמען. זי דערציילט פון דר. הערצל, פון די פּיאָנערן, פון די יידישע העלדן אין די לאַגערן ביי די דייטשן, זיי גלויבן אַז עס וועט נאָך קומען אַ ישועה און זיי וועלן מיט ג־טס הילף קומען אין אייגענעם לאַנד און העלפן בויען זייער היים. איין זאַך! מען טאָר נישט שטאַרבן — אַזוי האָט איר טאַטע איר געלערנט — זי גלויבט אים, און דערפאַר איז זי לעבן געבליבן.

זי בלייבט פאַרטראַכט, אַ שאָטן באַדעקט איר פּנים. זי ווישט אָפּ אַ טרער און בעט יעדן גיין שלאָפן. דער לאַגער ווערט פאַרזונקען אין שווערן שלאָף. פון הינטער אַ בוים, געדיכט באַדעקט מיט בלעטער, רוקט זיך אַרויס דער נאַטשאַלניק פון לאַגער — דאַוויד איוואַנאָוויטש. זיין גאַנג איז פויל, ער גייט פאַרטראַכט, וואָס גייט דאָ אָן — אַגיטאַציע פאַר ארץ ישראל? קאָנטראַ רעוואָלוציע? און ער שווייגט? ער לאָזט? אריינגעגאַנוועט האָט ער זיך אויף דעם פּלאַץ ווי אַלעמאַל זיך אונטער־צוהערן צי זיי פּלאַנען אַנטלויפן. דורך די בערג איז ניט ווייט קיין ישראל, אָבער די מענטשן זיינען קראַנק און שוואַך, מען לויפט זיי נאָך מיט הינט, מען ברענגט זיי צוריק און זיי שטאַרבן נאָכן אָנלער־נען זיי. פון זיין לאַגער איז נאָך קיינער ניט אַנטלאָפן. דאָך מוז ער האַלטן אַן אויג אויף זיי — ער איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר יעדער געשעעניש.

אַלעס קינד איז ער אַנטלאָפן פון זיין באָבעס הויז פון זשיטאָמיר, וואו ער האָט געוואוינט מיט זיין טאַטע־מאַמע. ווי נאָר די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1941, האָט מען דעם טאַטן אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט. אויך די מאַמען ווי אַ מעדיציניסטע קראַנקען־שוועסטער האָט מען גענומען. ער איז שוין געווען אַ גרויסער, באַלד 18 יאָר, ער איז אַוועק אין מיליטער פרייוויליג.

נעמענדיק אין אַכט זיינע יונגע יאָרן און דער אָפּשטאַם ווי

אַ קאָמוניסט, האָט מען אים געשיקט לערנען אין אַ מיליטער שולע אויף איין יאָר, נאָכהער אַנפאַרטרויט אַן עטאַפּ פון פּאָליטישע פאַר־ברעכער, קיין אוזבעקיסטאַן — קיין אשכאַבאַד. עס איז אים שווער אָנגעקומען דאָס בייטן דעם קלימאַט, אָבער ער איז אַ סאָלדאַט. ער איז יונג, געטריי זיין פּאַטערלאַנד, ווייסט ווי צו האַלטן געווער און האָט אונטער זיין אָנפירערשאַפט אַ גאַנצע גרופּע אינגערע סאָלדאַטן. ער איז ניט דער איינציקער קאָמאַנדיר, עס זיינען דאָ אַ סך פאַר־ברעכער. אַ סך צווישן די קאָמאַנדירן זיינען אוזבעקן אָדער בוכאַרער — יונג און פייערדיק זיינען זיי.

ווען מען האָט אים איבערגעגעבן די מענטשן, האָט יעדער פון זיי געהאַט אַ באַזונדערע „דיעלאָ" — זיין נאָמען, פון וואַנען ער קומט, מיט וואָס האָט ער זיך פאַרנומען און וואָס איז זיין פאַרברעכן.

וועגן חנהלען מיטן קינד אויף די הענט, האָט ער ווייניק גע־וואוסט, זי האָט מען געבראַכט אויף אַ פור צו דער פּוילישער גרענעץ און געבעטן זי באַשיצן. געזאָגט אַז איר פאָטער דר. גאָרדאָן איז אַ פאַר־טיזאַן און ער וועט קומען נאָך איר. צו דאָס איז אמת — ווייסט מען ניט. ביים גרענעץ האָט זי אַראָפּגענומען אַ בלאָנדן שייטל פון צעשוי־בערטע האָר. אויפן וועג קיין מיטל־אַזיע האָט זי זיך אַרויסגעוויזן זייער נוצלעך, ווי אַ קראַנקען שוועסטער, וואָס האָט דערהויבן די שטימונג פון די געפאַנגענע, געמאַכט אַ שפּיל מיט די קינדערלעך. אַזוי פיל ליבע ווי זי האָט אַרויסגעוויזן איר זונעלע אברהם, האָט נאָך קיינער ניט געזען. אַ דאַרע, אַ הויכע מיט שוואַרצע לאָקן איבערן פּנים, מיט ליכטיקע בלויע אויגן, אַלעמאָל מיט אַ שמייכל, איז זי מיט קיינעם ניט אַריין אין אַ געשפּרעך וועגן זיך אַליין. ווען אברהם פלעגט פרעגן וועגן טאַטן, איז געווען איין ענטפער — געפאַלן ביי די דייטשן. זי אַליין האָט שוין אויך אַזוי געטראַכט, כאָטש ביים דער־מאָנען דאָס וואָרט טאַטע, פלעגט זי אויפציטערן.

אין לאַגער איז זי געווען באַליבט ביי יעדן. געהייסן האָט דאָס, אַז זי העלפט אַרוים דעם בוכאַרער דאָקטער, וועלכער איז געווען זייער פויל, און ווען ער האָט ניט מורא פאַרן פראָנט, וואָלט ער זיך ניט צוגערירט צו די קראַנקע. אַ דאַנק חנהלען איז אין די באַראַקן פון

די קראַנקע געווען אַלעמאָל ריין און מיט אַ גוט וואָרט האָט זי זיי געמאַכט גרינגער. אויך אין די באַראַקן וואו די קינדערלעך פלעגן בלייבן אָן זייערע עלטערן, וואָס האָבן געאַרבעט, פלעגט זי זיך אַריינ־כאַפּן אַרומוואַשן זיי, העלפן זיי פאַרנייען אַ העמדעלע, זינגען אַ לידעלע. צווישן די קינדערלעך איז געווען אויך איר אברהם'לע, דאָס קינד איז שוין באַלד פינף יאָר אַלט געווען, ער האָט שוין געקענט שרייבן און לייענען ווי אַלע קינדער אין זיינע יאָרן. איז דען אַ וואונדער וואָס אַלע האָבן אַרויפגעקוקט צו חנהלען? — זי איז ביי זיי געווען דער סימבאָל פון העלדישקייט, שיינקייט, אינטעלעגענץ און גוטסקייט.

דאַוויד איוואַנאָוויטש האָט געשפּאַנט מיט קליינע טריט. ער איז אַרומגעגאַנגען אַלע טורעמס וואָס באַוואַכן דעם לאַגער. דער פּראָזשעקטאָר שניידט אַלעמאָל דורך דעם גרויסן לאַגער און זיפּט דורך די ביימער, בושעס, גראָז און... ווען ער איז געקומען אין זיין צעל, וואו ער פלעגט שלאָפן מיט זיין געהילף, האָט אים זיין חבר און פריינט באַגעגנט מיט אַ פראַגע. צו דען ווייסט ער ניט, אַז זעלנער פון לאַגער קומען אין קאָמיטעט זיך באַקלאָגן אַז די לאַגרניצעס זיצן שפּעט ביינאַכט און איינע פון זיי אַגיטירט ציוניזם, און אַז ווי קאָמוניסטן פאָדערן זיי מען זאָל דיך, דעם קאָמאַנדיר, אויספרעגן. דאַוויד איוואַ־נאָוויטש האָט אויפגעהויבן אַ מידן בליק. אַ דאַנק — פריינט, איך ווייס, מען האָט מיך שוין אַ סך מאָל גערופן... מיך געפרעגט, גע־פאָרשט. דער לאַגער האָט נישט קיין איין חסרון. מען פילט אוים דעם פּלאַן צוויי מאָל מער, עס איז ריין און ציכטיק, די קינדער ווערן גוט צוגעזען, אויך דער דאָקטער באַהאַנדלט זיי פיין.

עס איז געווען פרילינג 1945. קיין אוזבעקיסטאַן פלעגן דערגיין נייעס פון דער מלחמה אַלעמאָל מיט פאַרשפּעטיקונג, אָבער דאָסמאָל איז די נייס געקומען אין צייט, די מלחמה איז געענדיקט. פּוילישע בירגער וועלן קענען פאָרן אַהיים. מענטשן וועלכע מען קען טרויען, וועלן קענען בלייבן אין ראַטנפאַרבאַנד, זיי וועלן דאַרפן אָננעמען בירגערשאַפט פון לאַנד. אַלע זיינען פריי. מען וועט זיי שיקן מיט עשעלאָנען איבערן גרענעץ. עס זיינען געקומען מענטשן פון דער

רעגירונג, זיי האָבן געדאַנקט די בעסערע אַרבעטער און געבעטן ווער עס וויל בלייבן אין רוסלאַנד.

ספּעציעל האָט מען געדאַנקט דעם לאַגער פֿון דאַוויד איוואַנאָוויטש אונטער וועמענס פֿירערשאַפֿט עס איז אַזוי פֿיל אויפֿגעטאָן געוואָרן. מען האָט אויך דערמאָנט דעם נאָמען פֿון חנה גאָרדאָן, וועלכע האָט אַריינגעטראָגן אַזוי פֿיל לעבן און אָרדענונג. מען האָט איר געבעטן זיך באַטראַכטן. דאָס לאַנד דאַרף אַזוינע בויער און בירגער. זי איז ווילקאָם, אויב זי וועט אויפֿגעבן איר פּוילישע בירגערשאַפֿט.

קיינער האָט ניט געקענט אָפּשטעלן די געזאַנג און טענץ אין לאַגער. מען האָט זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב׳ס. פֿרעמדע האָבן זיך אַרומ־גענומען און געקושט — פֿריי! שלום! שלום. די נאַכט איז געווען ליכטיק, דער הימל באַצירט מיט שטערן. שפּעט זיינען געזעסן די פֿריינט אַרום חנהלען לעבן טייכל־אַריק. דאָס מאָל האָט זי געהאַלטן אויף די הענט אַברהמעלען, שטאַרק צוגעדריקט, מיט ליבשאַפֿט געגלעט זיין קעפּעלע. זי האָט אַלעמען אָנגעשטעקט מיט האָפֿענונג: — מיינע ליבע! די פּוילישע בירגער, די פּאָלאַקן, האָבן זיך צופֿיל אָנגעטרונקען מיט יידיש בלוט. ווען איך רייד וועגן פֿאָרן אַהיים, טראַכט איך פֿון ארץ ישראל. דאָס איז מיין פֿאָטערס אויסגעבענקטע לאַנד, אויך איך האָף מיט ג־טס הילף זיך באַגעגענען מיט מיין ליבן פֿאָטער דאָרט אין דעם הייליקן לאַנד. מיר האָבן מיט אים באַשטעלט אַ באַגעגעניש, און איך וואַרט אויף דעם. און יעצט, מיינע טייערע, קען זיין אַז מיר וועלן זיך אין גיכן צעשיידן, אויב אימעצער וועט זיך נאָך מיר פֿאַר־בענקען, וועט ער מיך געפֿינען אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד. לאָמיר מאָרגן נאָך דער אַרבעט מאַכן אַ באַזוך אין קאָמיטעט, און זאָגן אַ דאַנק וואָס זיי האָבן אונדזערע לעבענס געראַטעוועט, אויך אַ דאַנק דער פֿירערשאַפֿט פֿאַר פֿאַרלייגן אונדז בלייבן אין לאַנד, מיר וואָלטן אָבער געוואָלט וויסן ווען מען וועט אונדז צוריקשיקן. אַ גוטע נאַכט, מיינע טייערע, מאָרגן דאַרף מען ווידער אַרבעטן, ווייל מיר זיינען נאָך ניט אין עשאַלאָן. מיר וועלן געדענקען צום גוטן אונדזער צו־זאַמענלעבן.

עס איז געווען אין אָנהייב יוני 1945. חנהלע איז געקומען אָפּנעמען אברהמעלען פון קינדערהיים, נאָכן שווערן טאָג אַרבעט. עפּעס איז ניט געווען צו זען אין איר דעם אַמאָליקן קוראַש און פריי־ליכקייט. זי האָט אַ קוש געטאָן דעם קינד, גענומען אים פאַר אַ הענטעלע און לאַנגזאַם געגאַנגען לענג אוים דעם גרויסן הויף צו זיך אין באַראַק אַריין. אויך דאָס קינד איז געווען שטיל, זיין הערצעלע האָט געפילט דער מוטערס טרויער. פּלוצלונג איז צו זיי צוגעקומען דאוויד איוואַנאָוויטש, ער האָט זיך מיט זיי באַגריסט, אַ גלעט געטאָן דעם קינדס לאָקן און געפרעגט ווי זי פילט, זי האָט מיט טרויער און באַוואונדערונג אים געקוקט אין די אויגן. געשוויגן און שטיל געזאָגט: עס איז שווער צו טראַכטן פון נעכטן, שווער צו פאָרויסזען דעם מאָרגן, ווער ווייסט צו עס וועט זיך ניט בענקען? ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זי גענומען פאַר אַ האַנט און געפרעגט פאַרוואָס זי וויל ניט בלייבן דאָ, עס וועט איר זיין גוט. אָה, ניין! דאוויד איוואַנאָוויטש! — האָט חנה צוגענומען איר האַנט. איך וויל און וועל פאָרן. עס וואַרט אויף מיר מיין ליבער פאָטער, איך האָב מיט אים אַ ראַנדעוואו, און דאָס איז די סיבה וואָס האָט מיך אָפּגעהיט און געגעבן מוט צום לעבן.

— איך פאַר מאָרגן קיין אשכאבאד, וואָלט איר וועלן איבערלאָזן אייער קינד אויף איין טאָג, איך וועל אייך נעמען מיט מיין מאַשין, איך וועל אייך באַקענען מיט דער שטאָט. איר האָט דאָך היינט באַ־קומען אַ ביסל געלט, אפשר ווילט איר עפּעס קויפן פאַר זיך און פאַר דעם קינד, פאַרן פאַרלאָזן דאָס לאַנד? חנהלע האָט אַ ציטער געטאָן, ווי גערן וואָלט זי דעם מאַן געזאָגט אַז ער איז איר זייער טייער. זי האָט נאָך אין איר יונג לעבן קיינעם ניט געליבט. אַ סך מאָל האָט מען זי געבעטן חתונה האָבן, אָבער זי האָט ניט געוואָלט הערן. אָבער — ייד אָדער ניט ייד, זי האָט אים אַזוי ליב, זי קען ניט פאָרן מיט אים, זי מוז אים פאַרגעסן. אין ישראל וואַרט איר ליבער פאָטער.

— איך וויל אייך ניט פאַלן צו לאַסט. און וואָס וועל איך טאָן אַ גאַנצן טאָג אין דער הייסער שטאָט...? ווען איר וועט זיין גרייט, וועלן מיר פאָרן צוריק — האָט ער געזאָגט, זאָגט מיר ניט אָפּ. גוט! — האָט זי געזאָגט, און אַליין ניט געגלויבט ווי האָט זי דאָס געקאָנט.

זיי האָבן זיך געזעגנט און אָפּגערעדט 8 אין דער פרי ביים טויער. ער וועט שוין האָבן גרייט איר אורלויב. מיטאַמאָל איז זי פריילעך געוואָרן און שטיפעריש געהויבן דאָס קינד אין דער הויך, געקאַטשעט אויף די הענט הין און צוריק, געקיצלט אים. דאָס קינד איז געווען מלא שמחה — שוין לאַנג איז די מאַמע ניט געווען אַזוי שטיפעריש. זי איז אַוועק צו איר פריינדין, געבעטן אַכטונג געבן אויף איר ליב קינד, און צוגעזאָגט קויפן פאַר איר פריינדין וואָס זי דאַרף.

8 אין דער פרי איז חנהלע צוגעקומען צום טויער פון לאַגער. מען האָט איר געגעבן איר אורלויב. זי איז אַרויס פון טויער, דאַוויד איוואַנאָוויטש האָט פאַר איר געעפנט דאָס טירל פון זיין מאַשין.. געהייסן האָט עס, ער וועט פּרובירן זי איבעררײדן בלייבן אין לאַנד, און אויב זי וועט בלייבן, וועלן בלייבן אַ סך פון אירע פריינט.

ער איז געווען זייער צופרידן. אפשר... ער האָט מורא געהאַט אַליין פאַרן סוד, אַז ער איז שטערבלעך פאַרליבט אין דער פּאָליטישער פאַרשיקטע. טאָמער זעט ער איר ניט אַ לאַנגע צייט, ווערט ער טרויעריק. ער ווייסט ניט וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט מורא זיך אַליין דערציילן, אַז ער פלעגט זיך פאַרבאַהאַלטן צווישן גראָז זיך אונטערהערן, ניט צוליב דער פּאַרטיי, דער אמת איז, אַז עס האָט אים מיטגעריסן איר פאַנטאַזיע. פון וואַנען ווייסט זי דאָס אַלעס? זי זעט דאָך אויס אַליין ווי אַ קינד. פאַרוואָס האָבן זיינע עלטערן אים קיינמאָל גאָרניט דערציילט? ער האָט ניט געוואוסט צו וועלכן פאָלק ער באַלאַנגט. עס פלעגן זיין מאָמענטן ווען ער האָט געהאַסט זיין יידישן אָפּשטאַם, ער פלעגט זיך שעמען זיין אַ ייד.

עס איז געווען גוט צו הערן פון חנהלען די היסטאָריע פון יידישן פאָלק. ער שעמט זיך מער ניט. ער איז שטאָלץ צו באַלאַנגען צום נאָבעלען, קלוגן און אויסדערוויילטן פאָלק, אפילו אַז מען האַסט זיי און זיי ווערן פאַרפאָלגט. וואָס פאַר אַ כוח האָט דאָס חנהלעס פאָטער, וועלכער האָט איר אַזוי פיל דערציילט און געלערנט? זי זאָגט דאָך — זי לעבט צוליב אים. זי גייט צו זיך אַהיים, און איך, טראַכט דאַוויד, איך האָב אויך אַ היים — די לאַגערן. מיינע עלטערן זיינען אַלעמאָל

געווען גוטע קאָמוניסטן, קיינמאָל ניט געהאַט קיין צייט פאַר זייער היים און פאַר מיר. לעבן זיי?

ווען ער פלעגט זען אין די הייליקע טעג, ווי די יידן דאַווענען פאַרבאַהאַלטענערהייט, האָט ער זיי מקנא געווען. ווי אַלעס איז ניי פאַר אים. ווי אַנדערש די מענטשן זיינען פון אים. ער איז אויך אַ ייד, אָבער פון אַנדער טייג געקנאָטן. אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער מיט פאַרבאַהאַלטענע געדאַנקען און האָפענונג אַז חנהלע וועט אים באַמערקן, צוטיילן אים אַ שמייכל, אַ גוט וואָרט — זי איז אָבער געווען נאָר אינטעליגענט און קאָרעקט. קיין איין איבעריק וואָרט. זי איז גאָר געווען די הערשערין און ער דער בעטלער. ווי גליקלעך איז ער געווען, ווען דער קאָמיטעט האָט אים אַרויסגערופן מיט אַן אָרדער, ער זאָל נעמען חנה׳ן אין שטאָט כדי זי איבעררעדן צו בלייבן אין לאַגער. דער יידישער ג־ט האָט אים געהאָלפן. ער זעט אין דעם אַ סימן פון אַ גוטן אָנהויב.

די מאַשין מיט דאַוויד און חנה האָט גערירט פון אָרט. ביידע האָבן געשוויגן. חנהלע איז שוין דעם וועג אַ סך מאָל געפאָרן מיטן דאָקטער, איינצוקויפן פאַר די קינדער און קראַנקען־הויז. אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? אָט שווייגן זיי, אָבער ביידנס הערצער קלאַפּן און רעדן אָן ווערטער. זי האָט ניט מורא וואָס ער איז אַ פּאָליסמאַן — ענקאַווועדיסט. זאָל ער איר נעמען אויפן עק וועלט — זי וועט זיין גליקלעך. אויך ער איז געווען גליקלעך. דער וועג איז באַרגיק, די מאַשין טאַנצט, וואַרפענדיק איינעם צום אַנדערנס אָרעמס. ביידע לאַכן — פאַרגעס דעם נעכטן, אַלעס באַלאַנגט צו זיי: די זון, דער קילער וועטער, די באַרגיקע ערד, וואָס גיט זיי אַ מעגליכקייט זיך צורירן איינער צום אַנדערן — צופעליק.

— איר ווייסט, חנה, אַז היינט זייט איר שענער ווי אַלעמאָל, איר זייט צופרידן וואָס איר פאָרט אַ היים... פאַרגעסן אין אַלעס, אָבער איך וועל אייך ניט פאַרגעסן, ווייל איך האָב אייך ליב, ניט ווי אַן אַרעסטאַנטין, אָדער אַ פלייסיקע אַרבעטאָרין, איך האָב אייך ליב ווי אַ פּרינצעסין. אין די לאַנגע יאָרן וואָס איך קען אייך, זייט איר געוואָרן דער באַלעבאָס אין מיין האַרצן און געדאַנקען. איך

בעט אייך — פאַרט ניט, זאָלן מיר חתונה האָבן. איך וועל אייך און אייער ליב קינד, פאַרגעטערן. איך קען אָן אייך ניט לעבן. ענטפערט מיר ניט — באַטראַכט פריער איידער איר ענטפערט אויף ניין. וואָס אייער ענטפער זאָל ניט זיין — לאָמיר היינט פאַרברענגען דעם טאָג ווי גוטע פריינט — גלייכע. זאָל זיין ווי שוועסטער און ברודער. איר זאָגט מיר צו? — מיר וועלן איינקויפן אַלעם וואָס איר דאַרפט, אויך עפּעס צום עסן, איך וועל אייך נעמען אין אַ פּאַרק, איינשטימיק? חנה האָט צוגעלייגט צוויי פינגער צום שטערן און געענטפערט אויף דער מיליטערישער שפּראַך — ווי איר ווילט, אייער גרויסקייט.

איוואַנאָוויטש האָט אָפּגעשטעלט זיין מאַשין לעבן פּאַרק. זיי האָבן זיך געלאָזן גיין איבער די שמאָלע גאַסן. די שטאַרק צונויפגע־פּרעסטע קליינע הייזלעך מיט נידעריקע דעכער האָבן געמאַכט די לופט נאָך מער פאַרדומט. עס איז שוין לאַנג קיין רעגן ניט געווען, און יעדער קליין ווינטעלע האָט געטראָגן די מענטשן אַקעגן אַ וויכער פון ליימיקע שטויב. דאָ און דאָרט זיינען געזעסן אוזבעקן לעבן אַ טשייכאַנאַ און געטרונקען גרינע טיי, צובייסענדיק שטיקלעך לעפּ־יאָשקע (אַזאַ קוכן ברויט). גייענדיק איבער די געסלעך, האָבן זיי אָבסערווירט, מענער, פרויען און קינדער, זייערע קליידער און פּירעכצן און גערעדט מיט זיי ווי אַלטע באַקאַנטע. יעדער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער האָט פאַרגעסן דעם געשפּרעך אין מאַשין. זיי זיינען דורכגעגאַנגען געבעט־הייזער, געזען פענסטער אויסגעשטעלטע מיט דעם מין סחורה וואָס די קראָם פאַרקויפט. זיי האָבן געקויפט מילך, לעפּיאָשקעס, קישמיש (ראָזשינקעס), וואָס איז זייער באַליבט ביי דעם דאָרטיקן עולם. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט צום פּאַרק, וואו זיי האָבן געלאָזן די מאַשין, די היץ איז געווען אומדערטרעגלעך. זיי האָבן אַריינגעלייגט אַלע פּעקלעך אין מאַשין און אַריין טיפער אין פּאַרק.

לעבן אַ גרויסן אַריק — אַזאַ טייכל, וואָס האָט איבערגעשניטן דעם פּאַרק, האָבן זיי געפונען אַ שטיקעלע גראָז אונטער אַ בוים מיט אַ שאָטן ווי אַ שירעם. זיי האָבן געוואַשן די הענט, אויסגעטאָן די שיך, געגעסן און זיך צוגעשפּאַרט אויפן גראָז. די ערשטע צו רעדן איז געווען חנהלע. זי האָט אים באַדאַנקט פאַרן כבוד, וואָס

ער וויל זי פּאַר אַ פרוי, פאַרן נעמען זי אין שטאָט און פאַר זיין געטריישאַפט. דער אמת איז אַז מיר זיינען צוויי באַזונדערע וועלטן. איך האָב געהערט אַז איר זייט אַ ייד, און שעמט זיך מיט דעם, דערפאַר רופט מען אייך איוואַנאָוויטש. אייער אמתער נאָמען איז דוד, אַ נאָמען פון אַ יידישן העלד. פאַרוואָס רופט איר זיך ניט מיטן נאָמען גינזבורג? ווייל דער צווייטער נאָמען אייערער גיט אייך אויס אַז איר זייט אַ ייד, און אייער פאָטער יצחק איז געוואָרן איוואַנאָוויטש. אַ מענטש, וועלכער ווייסט ניט פאַר וועמען און פאַרוואָס ער לעבט — האָט ניט קיין אינטערעס. איר מעגט מיך אפילו אַריינזעצן אין טורמע, איך האָב ניט וואָס מורא האָבן, איך בין גרויס מיט מיין נאָמען. מען דערציילט אַז אַ קעניג האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַלע זאָלן ווערן אויס יידן, עסן חזיר און בוקן זיך צו די אָפּגעטער.. אין יענער צייט איז געווען אַן אלמנה חנה, זי האָט געהאַט 7 זין, געטרייע יידן, פון 5 ביז 16 יאָר, דער קעניג האָט אַלעמען אומגעבראַכט, און זי האָט געזעען מיט אירע אויגן, און יעדען קינד געגעבן איר ברכה צום טויט, זיי האָבן ניט פאַרלאָזט זייער יידישן ג־ט, נאָכער איז זי אַרויף אויף אַ דאַך און מיט אַ שבח צו ג־ט האָט זי זיך אַראָפּגעוואָרפן. זי האָט זיך ניט געשעמט צו זיין אַ ייד.

און דאַך, מיין טייערער דוד, וועל איך ניט לייקענען, איך האָב אייך ליב באַקומען פון דעם ערשטן טאָג ווען איך בין אין לאַגער געקומען. איר זייט גוט און איידל, זייער באַשיידן און איר פאַרמאָגט דעם יידישן טרויער, אפילו ווען איר וועט דאָס ניט צוגעבן. אַ סך מאָל ווען איך פלעג דערציילן די יידישע געשיכטע צו מיינע פריינט, האָב איך אייך געזען זיך באַהאַלטן הינטער די ביימער. דעמאָלט האָב איך קיינעם אַ חוץ אייך ניט געזען און פאַר אייך האָב איך דערציילט. איך האָב געטראַכט, ווען דוד זיצט דאָ, ניט באַהאַלטן, אָנגעשפאַרט זיין שיינעם קאָפּ האָר אויף מיינע קני, וואָלט איך געגלעט זיין פנים, זיינע האָר. עס איז געווען אַ גוטער חלום. מיר זיינען פרעמדע, און איך האָף אַז איר וועט מיך ניט פאַראורטיילן פאַר ליב האָבן אייך. מיר פוילישע אַרעסטאַנטן לעבן מיטן מאָרגן. מיר גייען זוכן אונדזערע קרובים, כדי צוזאַמען קומען קיין ישראל און בויען אַ נייע לעבן אין

אַן אַלט־נײַ לאַנד. אַ פֿרײַ לעבן מיט פֿרײַע געדאַנקען. זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, נאָר אירע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט ווײַט... ווײַט... ווי זי וואָלט געזען ישראל.

דאַוויד איוואַנאָוויטש האָט זײַנע אויגן ניט געקאָנט אָפּרײַסן פֿון איר — איז זי אַ פֿאַנאַטיקערין? חנהלע האָט אים געבעטן עפּעס דערציילן פֿון זיך. ער האָט אָבער קיין סאַך ניט דערציילט. אין האַרצן און אין קאָפּ איז פּוסט. ער האָט זי שטאַרק ליב. אויב זי וועט אַוועקפֿאָרן ווייסט ער ניט, וואָס מיט אים קאָן זײַן. ער איז אַ רוסישער זעלנער, ער קען ניט פֿאָרן, מען וועט אים שיסן. אָבער זי, אויב זי האָט אים ליב זאָל זי בלײַבן. ער וועט זיך וואַרעמען אין אירע אידייען, ער איז שטאָלץ וואָס ער איז אַ ייִד! ער בעט חנהלען דערציילן עפּעס פֿון זיך... חנהלע איז לאַנג געזעסן פֿאַרטראַכט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, נאָר דער ציטער פֿון די אויגן דעקלעך און אַ בריליאַנט־טרער האָט געוויזן אַז זי שלאָפֿט ניט.

זי האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם, מיט אַ שטילער, מעלאַדישער שטים האָט זי געמאָלן איר גליקלעכע יוגנט. די ליבע טאַטע־מאַמע און די טײַערע דינערשאַפֿט — פּריטץ און אַנכען. זי האָט מיט שוידער אין איר שטים דערציילט דעם אומגליק וואָס איז מיט איר געשען, דאָס קומען אין הויז פֿון די דײַטשן און דאָס פֿאַרלאָזן דאָס הויז. ווי זי געדענקט די שבֿועה פֿון טאַטע־מאַמע און זי — לעבן אײנער פֿאַר דעם אַנדערן. מען האָט זי אַרײַנגעשטופּט אין לאַסט וואַגאָן, צונויפֿגעפּרעסט מיט טויזנטער אַנדערע, האָט מען זיי אָפּגעשיקט קיין טרעבלינקע. דער טאַטע, דער ליבער טאַטע — יונג און גרוי, מיט אַ גוטן שמייכל אויף די ליפּן, האָט געהאַט מיט איר און איר מאַמען אַ הייליקן געשפּרעך. ער האָט חנהלען געזאָגט אַז זי שוואַנגערט און וועט האָבן אַ קינד. ער ווייסט ניט צו מען וועט זיי צעשיידן, אָדער צו ער וועט לעבן. ער וויל איר בעטן אַז זי זאָל היטן דאָס קינד, דאָס קינד איז דאָך ניט שולדיק. דאָס קינד זאָל וואַקסן אַ גוטער, פֿרומער און געטרײַער ייִד, און דאָס וועט זײַן זײַער נקמה. ווער פֿון אונדז וועט בלײַבן לעבן, וועט זײַן פֿליכט זײַן אַרײַנצואָטעמען אין קינד אַ ייִדישן גײַסט. — „איך האָב שוין ליב דאָס קינד ווײַל עס איז דײַנס".

זי האָט שטאַרק געוויינט, געהאַסט דאָס קינד ווי דעם פאַרדאָרבענעם פאָטער, זי האָט אָבער געמוזט זיך מאַכן האַרץ און צוזאָגן טאַטע־מאַמע, לעבן צוליב נקמה — ערציען אַ געטרייען ייד. מען האָט זיי צושיידט, און מער האָט זי איר ליבן טאַטן נישט געזען. די ליבע מאַמען האָט מען אויך צוגענומען פון איר.

עס איז געווען ערב אַ סעלעקציע, זי איז שוין געווען אין זיבעטן מאָנאַט שוואַנגערשאַפט. עס האָט זיך ניט צופיל אָנגעזען, ווייל זי איז געווען אַ דאַרע, און דעם פאָטערס גוטע פריינט פלעגן אַלעמאָל האַלטן אָן אויג איבער איר — זי צו היטן. לעבן איר בעט האָט זיך אָפּ־געשטעלט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, געקליידעט ווי אַלע פון לאַגער, זי האָט געפרעגט צו איך האָב אַ שטיקעלע צוקער פאַר אַ קראַנקער פרוי. חנהלע האָט אַ ציטער געטאָן — ווער איז זי? איר קול — אנכען? — קום אַרוים מיט מיר, איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן. אין דער פינסטער האָבן ביידע פרויען זיך אַרומגענומען, און באַנעצט איינער דער אַנדערנס פּנים מיט טרערן. מיר פאָרן צו דער מאַמען, גיך טו אָן דאָס שייטל פון בלאָנדע האָר, און דעם מאַנטל. רעד צו מיר דייטש אויב אימעצער וועט צוקומען — דו ביסט מיין גאַסט פון וואַרשע... דיין מאַמע איז זייער קראַנק. איגנאַץ דער טויגעניכטס איז געוואָרן זייער גרויס, אַ בעסטיע. איז ער געקומען מיט אַ באַפעל פון אַ סעלעקציע. איבערקוקענדיק די מענטשן פון לאַגער, האָט ער דיין מאַמען דערקענט. ער האָט געהייסן איר ברייגען אין זיין צימער און געפרעגט וואו דיין טאַטע איז, און אויך וואו דו ביסט? און צו דו ביסט נאָך אַזוי שיין ווי אַמאָל? ער וואָלט דיר געקענט העלפן. דו באַלאַנגסט צו די מיידלעך וואָס דאַרפן פאַרוויילן די דייטשע זעלנער. דיין מאַמע האָט געשוויגן, זי קען דאָך ניט ריידן. האָט ער איר מער־דערלעך געשלאָגן, און געגעבן זיך דאָס וואָרט, אַז ער וועט דיך אויפזוכן און צערייבן אויף שטיקער. דאָס וועט זיין זיין נקמה.

אנכען האָט דערציילט, פריטץ, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט, האָט געראַטעוועט איר פאָטער פון אַ זיכערן טויט און גע־בראַכט אים צו די פּאַרטיזאַנער. ער איז אַ גרויסער העלד. ווי אַ דאָקטער קען אים די גאַנצע געגענט, פאַר יעדן האָט ער אַ טרייסט

וואָרט, אַ וואַרימע האַנט. פאַר די דייטשן איז ער אַ טיגער, ער נעמט אין זיי נקמה פאַר זיין צעבראָכן לעבן, פאַרן לעבן פון די טויזנטער יידן. דער פאָטער האַלט אַן אויג אויף חנהלען די גאַנצע צייט, ער קען איר אָבער אַהין ניט נעמען, ווייל זי דאַרף אַ מאַמע ווערן. די פאַרטיזאַנער זיינען איצט אַרומגערינגלט. פריטץ איז געקומען צום דאָקטער גאָרדאָן און זיך באַקלאָגט אויף קאָפּ-ווייטיקן. מען האָט אים געמוזט מאַכן אַן אָפּעראַציע אויפן קאָפּ — דאָס איז צוליב דעם קלאַפּ וואָס איגנאַץ האָט אים געגעבן אין פנים. דער דאָקטער האָט געמאַכט אַ פּלאַסטיק אָפּעראַציע אויפן פנים.

די פאַרטיזאַנער האָבן פריטצן זייער פיין באַהאַנדלט. ער האָט זיך מיט זיי צוזאַמענגעלעבט ווי מיט אייגענע מענטשן. ווען פריטץ איז געזונט געוואָרן איז ער אַוועק אין די לאַגערן זוכן אנכען, וועלכע האָט געאַרבעט אין אַ קיך. דאָס איז געווען דער לאַגער וואו חנהלעס מוטער איז געווען. אויך זי, אנכען, האָט געהאָלפן די פאַרטיזאַנער מיט עסנווארג, אָדער אינפאָרמאַציע וועגן עשעלאָנען, סעלעקציעס און אַנדערע זאַכן. די פאַרטיזאַנער פלעגן מאַכן איבערפאַלן, צונעמען ביי די דייטשן זאַפּאַסן. זיי האָבן קיינמאָל ניט געקענט גלויבן אַז אַ דייטשע פרוי העלפט זיי. דער פאָטער איז געבליבן אין די וועלדער, די מוטער האַלט ביים שטאַרבן, זי האָט צוריק באַקומען דאָס לשון, זי וויל זען חנהלען, איז גייען זיי איצט אַהין. חנהלע האָט שטילערהייט געוויינט, וואָס זי האָט שוין דורכגעמאַכט צוליב איר שיין פנים, וויפל פאַרפאָלגונגען און דערנידערונגען. וויפל מאָל האָט מען זי געשלאָגן, ניט געגעבן קיין עסן, אפילו די יידישע קאַפּאָס, וועלכע העלפן אין די סעלעקציעס האָבן זי פאַרפאָלגט. זי מאַכט זיך נאַריש, לאַכט ווען מען דאַרף ניט — ווי אַ קעלבל, זאָגט צו צו קומען ביינאַכט, אַליין אַנטלויפט זי אין אַנדערע באַראַקן. זי ווייסט, זי שפּילט מיטן לעבן. זי טראָגט אַ קינד פון אַ רוצח אין בויך, אוי ווי גערן וואָלט זי געשטאָרבן, זי איז אָבער אַ פרומע און האָט מורא פאַר ג-ט, זי האָט געשוואוירן דעם טאַטן לעבן צוליב נקמה, און די נקמה דאַרף זיין: ערציען דאָס קינד אין יידישן גייסט, מיט ליבשאַפט צו ג-ט און מענטש.

זיי זיינען צוגעקומען צו אַן אַלטן קעלער. אנכען האָט געעפנט

אַ לאָדן, אַ שאָטן פון אַ ברענענדיק ליכט האָט זי געפירט צו אַ ווינקל וואו אויף שמאַטעס איז געלעגן איר קראַנקע מוטער. זי האָט געעפנט די אויגן. אַ פריילעכער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים — מיין קינד, האָבן אירע ליפּן געפּרעפּלט, חנהלע! מיר האָבן אַ גרויסן ג־ט, ער האָט צוגעהערט מיינע תפילות און דיך געבראַכט צו מיין טויטן בעט. איך האָף אַז ג־ט וועט געבן יאָרן דיין ליבן טאַטן, ער איז אַ גוטער מענטש, אַרום אים האָב איך זיך מיינע יאָרן געוואַרימט, ביי זיין גוטסקייט, איידעלקייט און ליבשאַפט. איך בעט דיך מיין קינד, היט זיך פאַר איגנאַצן, ער פאַרפאָלגט דיך. ווען ג־ט וועט העלפן און דו וועסט אַ קינד געבארן, ערצי עס אין אונדזער גייסט, אַזוי איז דער ווילן פון דיין ליבן טאַטן און מאַמען. דו האָסט צוויי גוטע פריינט, זיי וועלן האַלטן אַן אויג איבער דיר — דאָס זיינען פּריטץ און אנכען, זיי זיינען גאָלדענע מענטשן, זיי זיינען זיך מקריב פאַר אונדז, פאָלג זיי, מיר האָבן זיי שטאַרק ליב. מיר האָבן דאָס ניט פאַרדינט. זאָל זיי ג־ט באַלוינען און באַשיצן. אירע ליפּן האָבן זיך קוים באַוועגט. מיט אַ שוואַכער האַנט האָט זי געגלעט חנהלעס פּנים און געבעטן איבערגעבן דעם טאַטן, אַז זי האָט אים שטאַרק ליב. — זי האָט אויסגעהויכט איר הייליקע נשמה. ניט חנהלע, ניט אנכען האָבן געוויינט. אַרום זיינען געשטאַנען מענטשן ווי שאָטנס, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון סעלעקציעס.

מען האָט דער מוטערס קערפּער פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זיי האָבן זי אַרויסגעטראָגן אין הויף. מען האָט געמאַכט אַ גרוב, ווי עס איז פאַרשאָטן. איין מאַן האָט קדיש געזאָגט. חנהלע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן פּלאַץ וואו די מוטער איז ערשט געלעגן, עס האָבן זי גענומען פּילן ווייטאָגן אין בויך, מיט אַ קולאַק פון האַנט האָט זי דאָס מויל פאַרמאַכט ניט צו שרייען. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט מען איר מזל־טוב אָפּגעגעבן. אַ אינגעלע איז געבוירן געוואָרן. פרעמדע מענטשן, און אַזוינע נאָענטע — אַלע נאַכט עסן געבראַכט. דאָס קינד האָט מען מלה געווען און אַ נאָמען געגעבן אברהם — אַזוי האָט איר פאָטער געוואָלט.

איינמאָל איז אנכען געקומען און געזאָגט אַז מען שפּיאָנירט

איר נאָך, זי טאָר מער אָהער ניט קומען. דאָ זיינען צוויי בריוו וואָס איר פאָטער האָט אַמאָל געגעבן פאַר דער מוטער און קינד. די מוטער האָט דעם בריוו געלייענט און געבעטן איבערגעבן דער טאָכטער. מאָרגן ביינאַכט, זאָל זי, חנהלע, אָנטאָן דאָס בלאָנדע שייטל, נעמען דאָס קינד, אַרויס פון קעלער און גיין אין וועג צו איר באַראַק. ווען אַ דייטשער אָפיצער וועט צוקומען צו איר און זאָגן: הייל היטלער! גיי אים נאָך, דאָס איז אונדזערער אַ מענטש פון די פּאַרטיזאַנער, ער וועט דיך פירן צו דער סאָוועטישער גרענעץ, גלויב אים, דו וועסט זיין אין רוסלאַנד ווי אַ פּאָליטישע געפאַנגענע — דאָס איז אַן אָפּמאַך. אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל זען, אויב ניט זיי געזונט, טייערע חנהלע. היט אָפּ זיך און דיין זון, דיין ליבער טאַטע וויל אַזוי. מיר אַלע האָבן דיך שטאַרק ליב, קוש דיין זונעלע. זיי האָבן זיך אַרומגענומען, געקושט און געוויינט. מער האָט זי איר ליבע אנכען ניט געזען. אַלעס איז געשען ווי איר ליבער פאָטער האָט אויסגערעכנט, און אָט איז זי דאָ. די אַלע יאָרן וואָס זי איז אין רוס-לאַנד, איז זי אונטער זיין וואַכזאַמקייט — ער ווייסט אַלץ. זי לערנט איר קינד צו זיין אַ ייד און ליב האָבן יידן. ער קען שוין דאַווענען, און זי דערציילט אים פונעם פאָלק ישראל. ג-ט וועט העלפן און זי וועט קומען קיין ארץ ישראל.

דאוויד איוואַנאָוויטש איז געזעסן אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אין בוים. ער האָט ניט באַמערקט די שטונדן וואָס זיינען געלאָפן, ווען חנהלע האָט דערציילט וועגן זיך. ער האָט באַוואונדערט איר העל-דישקייט, איר גוטסקייט און איר גלויבן. ער האָט איר מקנא געווען. ער האָט זיך געשעמט אָקעגן איר. מען רופט אים העלד, פאַרוואָס? ווייל ער האָט אויסגעפּרעסט אַרבעט דורך שוויים און בלוט פון די אומגליקלעכע? ווי גרויס איז זי געשטיגן אין זיינע אויגן, און ווי קליין ער פילט איצט מיט זיין גאַנצער גרויסקייט.

ביידע האָבן געשוויגן נאָר אויגן זייערע האָבן גערעדט...

— חנהלע! וואָס איז געווען אין די בריוו, וואָס דיין ליבער פאָטער האָט איבערגעלאָזן? — זייער אַ סך און ווייניק. ער פילט אַז אַ אומגליק וועט קומען אין דער פעמיליע, ווייל מיר זיינען געווען צופיל

גליקלעך, האָט ער זיין געלט פון באַנק אַוועקגעשיקט צו זיין ברודער מיט אַ צוואה, ווער פון אונדז וועט בלייבן לעבן, צו אים באַלאַנגט דער אוצר. ער האָט געשריבן ווי איידל און צאַרט מיין ליבע מאַמע איז געווען, און אַז ער האָט זי פאַרגעטערט. ער האָט געבעטן, אַז ווער פון אונדז עס וועט בלייבן לעבן, זאָל אָפּזוכן פריטץ מיט אַנכען, זיי זיינען אים זייער טייער ווי ברידער און שוועסטער, און באַוואָרענען זיי מיט אַלעם וואָס איז מעגלעך. צו מיר האָט ער געשריבן אַז ער זעט אין מיר אַ העלדין. איך וועל דאָס קינד וואָס וועט קומען ערציען אין ג־טס דרכים און דאָס וועט זיין אונדזער גרעסטע נקמה. ער האָט געשריבן ווי ליב ער האָט מיך, און איך זאָל געדענקען אונדזער שבועה, בלייבן לעבן און טרעפן זיך אין ישראל. חנהלע האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכהער שטילערהייט געזאָגט: — מיר פאָרן מאָרגן אַוועק, און איך ווייס ניט וואָס דער מאָרגן וועט מיר ברענגען. צי לעבט מיין ליבער פאָטער? פריטץ און אַנכען? איך קען ניט מיין ליבן טאַטנס ברודער. איך ווייס אָבער וואָס איך דאַרף טאָן, און דאָס איז זיך דער־שלאָגן קיין ישראל. איך בין אַליין מיט אַ קליין קינד אָן געלט, אָבער רייך מיט גלויבן און האָפענונג. איך ווייס ניט פאַרוואָס איך האָב אייך, אַ ווילד פרעמדן אַלץ דערציילט — איר זייט דער ערשטער און איך האָף דער לעצטער, וועמען איך קען זיך פאַרטרויען. עס קאָן זיין אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל איך האָב אייך שטאַרק ליב, און עס איז מיר שווער מיט אייך זיך צו שיידן. איך קאָן דאָ ניט בלייבן.

דאוויד האָט זיך אויפגעשטעלט, דערלאַנגט איר אַ טרונק, אַ גלעט געטאָן אירע לאָקן אויפן קאָפּ און אַרויסגעשעפּטשעט — איר זייט אַ הייליקע.

— ביז היינט האָב איך זיך געשעמט צו זיין אַ ייד, יעצט בין איך שטאָלץ צו באַלאַנגען צום העלדישן פאָלק. איך האָב אייך ליב מער ווי מיין לעבן, איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבן. אפשר וועל איך אייך ווידער באַגעגענען. איך פאַרשטיי און גלויב, אַז איר מוזט פאָרן — עס איז אַ הייליקער צוזאָג. איך ווייס אויך ניט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. איין זאַך ווייס איך, איך וועל נישט רוען ביז מיר וועלן זיין צוזאַמען.

— איינמאָל וועלן מיר זיך צוקושן. איר זייט יונג און שיין — פאַרגעסט מיך. אויב ג־ט וועט אייך צושיקן אַ מאַן, וואָס זאָל אייך ווערט זיין, האָט חתונה און גיט דעם קינד אַ היים. אין אונדזער ליבע ליגט אַ גרענעץ, איך בין אַ רוסישער זעלנער, און דאָך האָף איך נאָך אַמאָל באַזוכן ישראל, איך ווייס ניט ווי אַזוי. זיי האָבן זיך אַרומגענומען, אַ הייסער קוש האָט פאַרזיגלט זייער ליבע אויף אייביק.

ווען זיי האָבן זיך אָפּגעריסן איינער פון צווייטן, האָבן זיי באַמערקט אַז אַרום זיי שטייען עטליכע אוזבעקישקעס מיט קינדערלעך, און לאַכן. זיי האָבן שנעל אַנגעטאָן די שיך, צעטיילט דאָס עסנוואַרג פאַר די קינדער, זיך אַריינגעזעצט אין מאַשין און געפאָרן צוריק צום לאַגער.

אַלעס איז געווען אָפּגערעדט. די זון האָט געוואָרפן מידע שטראַלן, די שטויב האָט באַדעקט די פענסטער פון מאַשין. עס איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. די בערג, די אייזלען, וועלכע זיי האָבן באַגעגנט, די שטילע מוזיק ביי די מעטשעטן פון פייפעלעך מיט אַ טרויער. ביים טויער פון באַראַק האָבן זיי זיך ווידער געזעגנט מיט אַ ריר פון די הענט.

## קאַפּיטל דריי

# אין ישראל

אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים, אין דעם קליינעם גערטענדל לעבן דר. גאַרדאַנס הויז איז געזעסן חנהלע מיט אַ בוך אין אירע הענט. דאָס שמעקן פון בוימער און קווייטן האָבן זי פאַרטראָגן ווייט... ווייט... קיין אוזבעקיסטאַן, אין אשכאבאד — די אַלטע שטאָט פון די אוזבעקן. זי האָט דאָרט איבערגעלאָזן אַ טייל פון איר לעבן, אירע שטרעבונגען און ליבשאַפט. דוד, צו געדענקט ער מיך? צי האָט ער חתונה געהאַט? אפשר לאַכט ער גאָר מיט זיין פרוי פון מיר, דער פאַרשיקטער פּאָליטישער? איך קען קיין צווייטן מאָל ניט ליבן. אַזוי פיל דורכגעמאַכט אין לעבן. קיין טרייסט ניט געבן איר ליבן פאָטער. ער פאַרשטייט, ער פילט מיט. ווען דער עשאַלאָן איז אַרויס פון רוסלאַנד, האָבן אַלע זיך געפרייט, נאָר זי איז געווען טרויעריק.

איר איינציקע טרייסט, אברהמעלע — אַזאַ זיס, שיין קינד מיט ווייסע האָר און בלויע אויגן, איז ער ניט געווען ווי אַ געוויינלעך קינד, אַ פּילבאר און ליב אינגעלע. פאַר איין גלעט איבערן קעפּעלע האָט ער דיך געגלעט מיט די אויגן, מיט גוטע ווערטער. זיין בעסטע צייט — ווען זיין מאַמע פלעגט מיט אים אַ שמוך־טאָן.

האָבן די פּוילישע געוואַנדערט איבער די רואינירטע און פאַר־ברענטע שטעט, זוכענדיק משפחה און פריינט. זי האָט קיינעם ניט געזוכט, ווייל זי איז דאָ געווען אַ גר, אַ פרעמדע. איר האַרץ האָט געבלוטיקט און ווי געטאָן פאַר די יסורים פון אירע פריינט, פאַר די אומגליקלעכע אומגעבראַכטע ברידער און שוועסטער. זי האָט דאָך דאָ אויך איר ליבע, טייערע מאַמע. אָבער וואו צו זוכן איר קבר ווייסט זי ניט. זי ווישט אַ טרער און דאַנקט ג־ט פאַרן חסד וואָס ער האָט מיט איר געטאָן, וואָס זי איז פאַרטריבן געוואָרן קיין רוסלאַנד. צוליב דודן האָט זי ניט געפילט אַזוי שווער איר געפאַנגענשאַפט. אוי, ווי זי האָט אים ליב! זי וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבן. זי האָט אין איר לעבן אַ סך מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן. זי איז געווען פון די גליקלעכע, וואָס איז געבליבן לעבן מיט איר אינגעלע, ווען אַזוי פיל זיינען געפאַלן אויף דער שיף „עקזאדוס”. די פרייד און יום־טוב, ווען ישראל איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק. די גרויסע פרייד אין ישראל, ווען דער ליבער טאַטע דר. גאָרדאָן האָט איר אָפּ־געוואָרט. ער האָט זי ניט אויפגעהערט זוכן.

אַלט און גרוי, מיט יונגע קלוגע אויגן, איז ער אויפן דייטשישן שטייגער געווען געקליידעט זויבער. אָ, טאַטע־טאַטע! ווי זי פאַר־געטערט אים. ער אַרבעט אין אַ שפּיטאָל אין ירושלים, און זי האָט געוואָלט וואוינען לעבן אים. זי העלפט אים אַרוים ביי די קראַנקע. זי האָט אַ סאַך געלערנט, און האָט אַ סאַך דערפאַרונג. זי קוקט אויף דער אַלטער הייליקער שטאָט, און דערמאָנט זיך אין רוסלאַנד — די מעטשעטן, די געסלעך און דוד. אַלע מאָל קערן זיך אירע געדאַנקען צו אים, ס׳איז שוין אַריבער 20 יאָר, ער איז אויך עלטער געוואָרן, אָבער זי איז זיכער, זי וואָלט אים דערקענט.

די ערשטע זאַך וואָס איר פאָטער האָט געטאָן, ווען זי איז

געקומען קיין ישראל, איז געפינען אַ דירה, אַריינגעבן אברהמעלען אין אַ ישיבה. דער קינד איז זייער טרייסט. ער לערנט, איז אַ פרומער ייד, טראָגט דעם נאָמען פון ליבן זיידן גאָרדאָן. יעצט שטודירט ער אויף דאָקטער. ער גייט אין די פיס־טריט פון זיידן, קוקט אים אין די אויגן. יעדער זאַך וואָס ער זאָגט — איז הייליק. זי האָט ליב צו אָבסערווירן די צוויי מענער — צוויי דורות. אברהם איז אַ שטאָלצער „סאַברע", עס אַרט אים ניט וואָס ער איז ניט געבוירן אין ישראל, דאָס איז זיין היים. יעדער יום־טוב איז זיין יום־טוב, מיט אַלע קינדער פון שול האָט ער בוימער פאַרפלאַנצט, ווען עס קומט אַ פאַראַד, ווי יום־העצמאות גייט ער מיט זיינע פריינט מיט געהויבענע קעפּ. ער זינגט שיין. האָט אַ סך פריינט. זיצט איבער האַלבע נעכט אין שפּיטאָל מיטן זיידן, ער וויל זיין אַ גוטער דאָקטער. עס איז אומגלויבלעך, אָבער איר זון, איר אברהמעלע, איז שוין געווען אין אַרמיי. עס שדכנען זיך פיל מיידלעך צו אים, ער וויל אָבער ניט, ער דאַרף דערגרייכן ווערן אַ דאָקטער. זי ווייסט אַז דאָס איז ניט אמת, ער האָט אַ סך מאָל געהערט פון דער הייליקער ליבע פון באָבע־זיידע, ער זעט ווי מענער פאַרפאַלגן זיין מוטער מיט פאַרשלאָגן פון הייראַט, זי איז יונג און שיין. אַ טאָכטער פון אַ נאָבעלן, דערפאָלגרייכן דאָקטער. זי איז אַקטיוו, לייענט און לערנט אַ סך, אָבער חתונה האָבן, האָט זי אים געזאָגט, קען זי ניט. זי קען קיין צוויי מאָל ניט ליבן, און ער איז ערגעץ פון יענער זייט ים. אַזאַ ליבע לייענט מען נאָר אין אַ מעשה ביכל. ווען ער זאָל געפינען אַ מיידל, זיי זאָלן זיך ביידע אַזוי ליב האָבן, דעמאָלט וואָלט ער חתונה געהאַט.

עס איז געווען דער צווייטער טאָג נאָך דער 6־טאָגיקער מלחמה אין ישראל. איר זון איז ב"ה געבליבן לעבן, ער האָט ערשט געקלונגען, אַז ער קומט היינט אָוונט ביינאַכט מיט אַ גאַסט, פון וואָס זי וועט זיין שטאַרק צופרידן. ער האָט ניט געוואָלט זאָגן ווער דאָס איז — אַן איבעררעשונג. ווען זי האָט געפרעגט צי דאָס איז זיין מיידל, האָט ער ווידער געזאָגט — אַן איבעררעשונג. נאָך גוט, וואָס דער ליבער טאַטע פילט אַ ביסל בעסער. ער האָט זיך שטאַרק געערגערט, וואָס מען האָט אים ניט גענומען אויפן פראָנט. עפּעס פילט ער ניט געזונט

די לעצטע צייט, כאָטש ער באַקלאָגט זיך ניט. ער אַרבעט צו שווער, גייט כּמעט ניט אַרויס פון שפּיטאָל. ער האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַרן לעבן פון אברהם. ניט אויפגעהערט צו זאָגן תּהלים. די אַרבעט אין שפּיטאָל האָט אים דערשעפּט. ווי נאָר ער האָט דערהערט די שטים פון זיין ליבן אייניקל, האָט ער דערפילט אַז ער איז מיד און קראַנק. זי קוקט אַלעמאָל דורכן פענסטער אין שטוב אַריין, ווי דער פאָטער ליגט אויפן בעט האַלב דרעמלענדיק. זי ווייסט אַז דער טאַטע וואָלט וועלן אַז זי זאָל חתונה האָבן.

אַ קלאַפּ אין טירל פון סאָד האָט זי אויפגעוועקט פון די געדאַנקען. זי האָט אַ ציטער געטאָן און געלאָפן עפענען. דאָס איז געווען אברהם, איר ליבער זון. זי האָט אים אַרומגעכאַפּט, געקושט, געוויינט און געגלעט. מיין זון, מיין שטאָלץ! ג־ט צו דאַנקען איך זע דיך געזונטערהייד. מאַמע! דו פרעגסט מיר ניט ווער דער גאַסט איז? זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. צוויי פּאָר אויגן קוקן און קענען זיך ניט אָפּרייסן. זי כאַפּט זיך ביים שטערן, רייבט אירע אויגן און פרעגט: שלאָף איך? בין איך קראַנק? הענט ציען זיך איינער צום צווייטן. דוד... דוד... חנהלע... חנהלע... זיי שטייען אַרומגענומען אפשר אַן אייביקייט, זיי באַמערקן ניט ווי דער זון איז אַריין אין שטוב. איינער דעם צווייטן קוקן זיך אָן אין דעם שיין פון קליינעם לעמפּעלע, און ביידע צעלאַכן זיך. זאָג חנהלע, וואָס לאַכסטו? און דו דוד? איך האָב זיך דערמאָנט אין ערשטן קוש אין אשכּאַבאַד, ווען די אוזבעטשקעס מיט די קינדערלעך האָבן געלאַכט פון אונדז, און מיר האָבן זיך פאַרשעמט. איך האָב אויך זיך אין דעם דערמאָנט. וואָס שטייען מיר דאָ? קום שנעלער צו מיין ליבן פאָטער, ער ווייסט אַלעס וועגן דיר, ער וועט זיך פרייען מיט אַזאַ ליבן גאַסט. נאָר ג־ט און מיין שטאַרקע ליבע צו דיר, האָבן דיך געקענט ברענגען איבער ימען. דוד האָט אַ שמייכל געטאָן, גענומען זי אונטערן אָרעם און געלאָזט זיך גיין מיט איר צום הויז. און וואָס איז וועגן מיין ליבע? האָט דוד געפרעגט. דאָס וועל איך דיר דערציילן שפּעטער, ווען מיר וועלן זיין אַליין.

דר. גאָרדאָן און אברהם זיינען געזעסן און גערעדט. זיי האָבן

זיך אַזוי דערפריײט אײנער מיטן אַנדערן. זײ האָבן פאַרגעסן אַז זײ זײַנען דערוואַקסענע מענער. זײ האָבן זיך שטאַרק אַרומגענומען, אַפילו אַ טרער פאַרגאָסן פון פרײד. מײַן קינד, מײַן ליבער אַבֿרהם, און אַבֿרהם האָט אויך אַ טרער געווישט — זײדע... זײדע...

וואַרט, זאָגט דער דאָקטער, וואו איז דײַן ליבע מאַמע? וואָס איז מיט איר געשען? — אַ גרויסער נס איז געשען, טײַערער זײדע. איך האָב איר געבראַכט אַ מתּנה, אַן איבעררראַשונג, האָב איך זײ אַלײן געלאָזן און געלאָפן דיך זען. וואָס? אַ מײדל פאַר דיר, קינד? מזל־טובֿ! — נײן, זײדע, אַ חתן פאַר דער ליבער מאַמע, אַ גאַסט פון רוסלאַנד, דוד איז אין לאַנד, און ער איז דאָס דער ליבער מאַמעס פרײד. אַזאַ טײַערער מענטש, זײדע, אַ זעלטענער מענטש. ער פאַר־געטערט די מאַמען. צוליב דעם האָט ער זײַן לעבן אײַנגעשטעלט און געקומען. איך בין אַזוי גליקלעך פאַר דער מאַמען, אַזוי גליקלעך!
דער דאָקטער האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, צוגעקומען צום פענסטער און געזען ווי חנהלע פירט אַ מאַן בײַ דער האַנט אין שטוב אַרײַן. ג־טעניו, איך דאַנק און לויב דיך ג־ט פאַרן חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן. מיט יאָרן צוריק איז ער געשטאַנען לעבן אַ פענסטער אין בערלין, דעם לעצטן מאָל אַ קוק אין גאַס אײדער ער האָט פאַר־לאָזט די היים, ער האָט געזען צעקוועטשטע קווײטן, פאַרלוירענע חפצים, אַ שוך אַ העמד... אויפן האַרצן איז געווען שווער און טרוי־עריק, נאָר ג־ט ווײסט וואָס עס וואַרט אויף אים און דער משפּחה. איצט איז ער אין הײליקן לאַנד, מיט זײַנע ליבע און טײַערע. נאָר זײַן ליבע עמיליע האָט נעבעך ניט דערלעבט די פרײד. הײַנט איז בײַ אים דער יום טובֿ גאָר גרויס. דאָס פאָלק שאַלט, זינגט און טאַנצט — דער נצחון פון ײדישן פאָלק. ג־ט האָט געטאָן אַ נס. ישׂראל האָט באַזיגט דעם שונא אין 6 טעג. אָט שטײט ער יעצט לעבן פענסטער, ער האָט אַ שײנע הויז, אַ טײַערע געטרײַע טאָכטער, און אויסער־געוויינליכן אײניקל, וועלכער האָט פאַריכט די אומרעכט וואָס זײַן פאָטער, דער אכזר, האָט געטאָן. אַ שײנעם נאָמען, אַ גוטע פּראַקטיק, אָבער אין שטובֿ איז אַן אומעט. זי, חנהלע, זי האָט ליב אַ מענטשן וואָס איז אַ חלום. אַלע ווײסן, מען קען פון רוסלאַנד ניט קומען. ער, דער טאַטע, האָט איר געבעטן, זי זאָל פאָרן אים אויפזוכן. ווײַל זי

ניט. זי האָט ליב ישראל, דאָס איז איר אויסגעחלומטע לאַנד. זי האָט ליב איר טאַטן און זון, און זי וויל ניט חתונה האָבן. ער פאַרשטייט איר, דוד איז געוואָרן יעדערנס העלד אין שטוב, ווי אַ שאָטן איז ער אַלעמאָל מיט זיי.

און אָט יעצט, צו פול מאַכן די שמחה פון אברהם׳ס צוריק־קומען, נצחון פון לאַנד, קומט אַזאַ גאַסט. ער דערפילט אַ האַנט אויף זיין פּלייצע, ער דרייט זיך אויס און ווישט גיך אָפּ אַ טרער פון פרייד. ער דערזעט זיך אַרומגערינגלט מיט ליבע און טייערע שטראַלענדע אויגן. ער ציט אויס אַ האַנט צו דודן׳ן, נעמט אים אַרום, קושט אים און רופט אים — זון מיינער, אויסגעבענקטער זון. זאָל אייך ג־ט באַגליקן. איך בין דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

דער דאָקטער באַוואונדערט וואָס דוד רעדט אַזאַ שיינעם יידיש. עס ווילט זיך אַזוי פיל פרעגן, אָבער ער לאָזט פאַר זיין חנהלע. זי פירט די מאַנסבילן אין עסצימער. מען שטעלט אָן די ראַדיאָ. עס שפּילן מאַרשן און מוזיק פון טענץ. עס ווילט זיך לויפן אין די גאַסן, אַרומנעמען די גאַנצע וועלט. מען עסט, מען טרינקט לחיים, חנהלע טרינקט די לעצטע. זי דאַנקט ג־ט פאַר די נסים פאַרן יידישן פאָלק, פאַר די נסים וואָס ג־ט האָט געלאָזט לעבן זי, איר ליבן טאַטן און ליבן זון, און פאַר דעם נס וואָס ג־ט האָט איר צוגעשיקט איר ליבן און טייערן באַשערטן. דער איינציקער טרויער איז איר ליבע מאַמע, וועלכע האָט נעבעך ניט דערלעבט די פרייד, און דאָס אומשולדיקע פאַרגאָסענע יידישע בלוט.

יעצט, מיינע טייערע, וועט איר מיר ענטשולדיקן. איך האָף אַז אונדזער ליבער אברהם האָט פיל צו דערציילן זיין זיידן. אויך איך און דוד האָבן אַ סך צו ריידן, וועלן מיר אַרויסגיין אַביסל שפּאַצירן.

דער אויפדערנאַכט איז געווען אַ קילער און די לבנה און שטערן האָבן געלויכטן, דערמאָנענדיק אוזבעקיסטאַן. דער אונטערשייד איז געווען די הייליקע פּלעצער, די שמאָלע געסלעך און די שוהלן. די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן. פרעמדע האָבן זיך אַרומגענומען און אָפּ־געגעבן מזל־טוב. אָט איז אַ גרופּע יונגוואַרג, זיי טאַנצן אַ הורא. דוד

טוט אַצי חנהלען און פרעגט: פֿילײַכט טאַנצן מיר מיט? — עס צינדן זיך אָן אויגן — פֿאַרוואָס ניט? און אַט טאַנצן זיי אַלע צוזאַמען, ביז דויד בלײַבט אין דער מיט. ער טאַנצט און אַלע קלאַפּן מיט די הענט. אַקעגן גײט חנהלע. זיי טאַנצן ביידע און זעען קיינעם — עס איז זיי אַזוי גוט, ביז חנהלע, אַ פֿאַרמאַטערטע, פֿאַלט אין זײַנע אָרעמס, ער טוט איר אַ הויב און ביידע אַנטלויפֿן. מען שרײַט צו זיי: הוראַ און בים... מען מיינט אַז זיי זײַנען אַרטיסטן, אָבער זיי האָבן ניט קיין צײַט. זיי לויפֿן מיט זייטיקע געסלעך און די שאָטנס זייערע לויפֿן זיי נאָך, ביז פּלוצלונג דערזעען זיי זיך אויף איין אויטאָבוס סטאַנציע. אפֿשר פֿאָרן מיר וואו, פֿרעגט דויד. יע, ענטפֿערט חנהלע. ערגעץ אין אַ פּאַרק, דאָרט וועלן מיר פֿאַרזעצן אונזער געשפּרעך. ביידע צעלאַכן זיך. זיי נעמען אַ טעקסי און בעטן זיי פֿירן אין אַ פּאַרק.

ביידע זיצן אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט. ביידע צוגערוקט נאָענט, די הענט פֿאַרפֿלאָכטן און קוקן אין ווייטן אַמאָל.

דוד דערציילט: נאָך דײַן אַוועקפֿאָרן, טײַערע חנהלע, איז אַלעס געוואָרן וואָכעדיק און פּוסט. איך האָב אָנגעהויבן זיך אָפּ־געבן דין וחשבון. פֿאַרוואָס פֿיל איך ניט קיין וואַרעמקייט צו מײַנע עלטערן? ליבן זיי? אפֿשר האָבן זיי געהאַט צער פֿון מיר? און וואָס מאַכט מײַן ליבע באַבע? אין לאַגער האָבן זיך געביטן די מענטשן. איינמאָל האָב איך געפֿרעגט דעם רב, וואָס פֿלעגט אַ סך לערנען מיט דײַן קינד אין די אויפֿדערנאַכטן, איך האָב געוואָלט וויסן פֿון וואַנען ער איז — פֿון רומעניע. און פֿאַרוואָס איז ער דאָ — ווײַל ער פֿלעגט העלפֿן מענטשן אַרויספֿאָרן פֿון רוסלאַנד. איך האָב זיך אים פֿאַרטרויט, ווײַל ער איז אַ פֿרומער, און איך האָב אים געפֿרעגט אין אַ וויץ, און ווען איך וויל פֿאָרן קיין ישראל? — ער איז געוואָרן זייער ערנסט, און געזאָגט: אפֿילו ווען מען זאָל מיך און מײַן פֿריינט שיסן, גלויב איך אין דיר. פֿאַרשרײַב דעם אַדרעס פֿון רב, און טאָמער וועסטו וועלן פֿאָרן קום צו אים און זאָג אים אַז איך האָב דיך געשיקט. דו האָסט אַ הייליקע נשמה, און דו ביסט מגולגל געוואָרן אַהער אונז צו העלפֿן. ער האָט עפּעס אָנגעשריבן אין העברעאיש, געגעבן דעם אַדרעס און געזאָגט: אין דײַנע הענט גיב איך איבער דעם גוטן פֿרומען

רב. מיר האָבן זיך געזעגנט. אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אַרויס־געריסן געוואָרן קיין מאָסקווע. מען האָט מיר געלאָזט וויסן אַז מיינע עלטערן — ביידע — זיינען געפאַלן ווי העלדן אויפן פראָנט, פאַר־טיידיקענדיק דאָס פאָטערלאַנד. זיי וואָלטן וועלן מיט עפּעס פאַרגיטיקן מיר. איך האָב געבעטן ערלויבעניש צו פאָרן קיין זשיטאָמיר, פּיליכט לעבט נאָך מיין באָבע. און נאָך האָב איך געבעטן אַז איך וואָלט וועלן לערנען אין אַ מיליטערישער מעדיצינישע שולע — ווייל מיין פאָטער איז געווען אַ מיליטער־מאַן און מיין מוטער אַ מעדיצינישע שוועסטער. מיין ביטע איז אָנגענומען געוואָרן.

זשיטאמיר האָב איך ניט דערקענט. קיין יידן אָדער באַקאַנטע ניט געפונען. איין קריסטליכע פרוי האָט מיר דערציילט אַז זי האָט געזען ווי מען האָט מיין באָבע געשלאָגן, און נאכער דערשאָסן.

דויד האָט געשוויגן, אויך חנהלע האָט געשוויגן, זי האָט איר מיטגעפיל אַרויסגעוויזן מיט אַ גלעט איבער די האַנט.

ווי דו זעסט, טייערע חנהלע, בין איך געבליבן אין לאַנד אַליין. איך האָב געפרעגט זיך אַליין: אויב מען האַסט אונזערע יידן, פאַרוואָס גייען מיר פרייוויליק אויפן פראָנט? ווען דאָס איז כאָטש אַן אייגן לאַנד. חנהלע איז גערעכט, נאָר אין אַ לאַנד וואס באַלאַנגט צו יידן — ישראל, קען אַ ייד פילן שטאָלץ און פריי.

ניט קענענדיק דר. גאָרדאָן, דיין פאָטער, האָב איך אים רעס־פּעקטירט און געליבט פאַר דעם וואָס ער האָט געקענט אַריינגעבן אין דיר, חנהלע, אַזוי פיל ליבע צום לאַנד און לעבן, און אויך דערפאַר, ווייל ער איז דיין טאַטע, און דיך האָב איך ליב געהאַט מער ווי מיין לעבן. אָט דערפאַר האָב איך אויסגעקליבן דעם פאַך. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אז דורך דער שפּראַך וועלן מיר זיך אַמאָל צוזאַמענרעדן. איך האָב אויך געהאַסט די מיליטער דינסט.

איך האָב געלערנט, פאַרענדיקט און פראַקטיצירט. איך האָב אַזוי געמאַכט אַז איך זאָל זיך באַפריינדן מיט אַ פריינט פון רומעניע, און איינמאָל בין איך געקומען אים וויזיטן. איך האָב אויסגענוצט מיין

וויזיט און געהיימערהייד געגאַנגען אָפּזוכן דעם אומבאַקאַנטן רבֿ, צו וועלכן איך האָב אַלע יאָרן אָפּגעהיט אַ בריוועלע, געשריבן אין לשון־קודש. ווען איך בין געקומען צום אומבאַקאַנטן רבֿ, האָב איך געזען פאַר זיך אַ זעלטענעם שיינעם מענטשן מיט אַ ווייסער באָרד און מילדע אויגן. געקליידעט אין אַ סאַמעטענער קאַפּאָטע מיט אַ שוואַרצן הוט אויפן קאָפּ, ווייסע זאָקן מיט פּלאַכע שטעק־שיך. ער האָט געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק פון אַ הייליקן. איך געדענק ניט צו איך האָב אַמאָל, ביז דעמאָלט, געזען אַזאַ מענטש.

איך האָב געדינט אין מיליטער ווי אַ דאָקטער און געווען מיליטעריש געקליידעט, אַזוי אַז דער רבֿ האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג און אַ ביסל מיט שרעק. מיט וואָס קען איך אייך העלפן — האָט דער רבֿ געפרעגט. איך בין אַ ווײַלע געשטאַנען און ניט געקענט אָפּרייסן מײַנע אויגן פון אים. דערנאָך האָב איך זיך געכאַפּט אַז איך שווייג און דער רבֿ אָבסערווירט מיך. איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען, געזאָגט ווער און פון וואַנען מען האָט מיך געשיקט. אַ גוטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויפן רבֿ׳ס פּנים. ער האָט ברייט געעפנט די טיר און געבעטן אַריינקומען. איך האָב אים דערלאַנגט דאָס צעטעלע, און ווי נאָר ער האָט דאָס איבערגעלייענט האָט ער מיר געגעבן שלום־עליכם און געזאָגט אַז עס איז אַ גרויסער כבוד פאַר אים האָבן אַזאַ געהויבענעם גאַסט. ער האָט פיל געהערט וועגן מיר פון די פּליטים, ווען זיי זײַנען דורכגעפאָרן אַהיים.

דער רבֿ איז צו צום קיך, עפּעס געזאָגט זיין פרוי און גלייך צוריקגעקומען. ער האָט מיך געפרעגט פיליכט וויל איך עפּעס עסן אָדער טרינקען. זיין פרוי האָט געבראַכט אַ טאַץ מיט טיי און צובייסן. זי האָט גלייך פאַרלאָזט דאָס צימער. איך האָב דעם רבֿ דערציילט אין קורצן פאַרוואָס איך וויל פאָרן קיין ארץ ישראל. איך האָב אָפּגעשפּאָרט אַ שיין ביסל געלט — אָבער איך דאַרף דאָס ניט. איך האָב נאָר איין שטרעבונג — זיך באַזעצן אין ישראל, און חתונה האָבן מיט חנהלען, זי האָט ניט חתונה געהאַט, איך פיל דאָס.

דער רבֿ האָט לאַנג געטראַכט. איך האָב אים געלאָזן טראַכטן. דער רבֿ שפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער, ער רייבט זיין שטערן,

ער קוקט אויף מיר מיט דורכדרינגענדע אויגן, ווי איינער וועלכער באַשליסט זיך אויף אַ לעבנס וויכטיקער זאַך.

ער זעצט זיך אַקעגן מיר און ער זאָגט: — פיל מאָל האָב איך מיין לעבן איינגעשטעלט צוזאַמען מיט נאָך יידן. מיר העלפן אַריבערפאָרן דעם גרענעץ, ווער עס וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל. איינעם פון מיינע פריינט קענט איר פונעם לאַגער — ער איז דאָרט קראַנק און גרוי געוואָרן. און וואָס מער ער ליידט, אַלץ מער דאַנקט ער ג־ט וואָס ער איז אַהין געקומען, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון יידן, מען לאָזט ניט אין רוסלאַנד זיין אַ פרומער ייד. איך האָב אַביסל מער מזל. מיך האָט מען ניט פאַרדעכטיקט, איך זעץ פאָר מיין אַרבעט, איך וואָלט שוין פון לאַנג אליין געפאָרן, האָט מיך אָבער ג־ט געבענטשט מיט אַ טאָכטער פון 19 יאָר אַלט. זי איז שיין, קלוג און באַשיידן. עלטערע מענטשן טוען זיך נאָך אַ עצה, אָבער אַ יונגע מיידל — איז געפערלעך צו איינצושטעלן. זי האָט אונז זייער ליב און וויל אונז ניט פאַרלאָזן. אין אייער קומען זע איך ג־טס האנט. אייך קען איך געטרויען מיין קינד, פונקט ווי זיך אליין. מען האָט מיר אַ סך דערציילט פון אייערע גוטע מעשים. מיט אייך צוזאַמען וויל איך שיקן מיין קינד, איר וועט זי ברענגען צום רב גוטמאן וועלכער וואוינט אין תל אביב. איך האָב אַמאָל זיין לעבן געראַטעוועט. ווי נאָר מיין טאָכטער וועט זיין אין זיכערע הענט, וועל איך מיט מיין פרוי זיך גרייטן אין וועג אַריין. איך וויל אייך געבן געלט פאַר מיין קינד און אַ בריוו. דעם בריוו זאָל מען איר ניט ווייזן, בלויז ווען מירביידע, וועלן, חלילה וחס, אומקומען. איך וויל אייך איצט באַקענען מיט מיין פלאַן. מאָרגן אין דער פרי פאָרט אַרויס קיין ארץ ישראל אַ טעאַטער־גרופּע, דאָס איז אַן אנ־סענבלי. דאָרטן זיינען דאָ זינגערס, באַלעט, טענצער, דועטן. עס איז אַ גרופּע פון 12 מענטשן. מיין מיידל זינגט זייער שיין, אָבער קיינמאָל האָט זי ניט געזונגען פאַר טעאַטער. אין סקול פלעגט זי יאָ זינגען און באַקומען אַ סך אויסצייכענונגען. קענט איר זינגען? טאַנצן?

דוד האָט אַ ווײַלע געטראַכט און געענטפערט, אַז ער איז געווען אַ סך יאָרן אין מיליטער, און ער קען גוט טאַנצן. ער פלעגט אויך טאַנצן אין סקול אויף קאָנצערטן. איך קען אויך אַ ביסל זינגען.

אויב אַזוי, זאָגט דער רב, וועל איך אַריינרופן מיין פרוי און טאָכטער, זי הייסט פייגעלע. איך וועל אייך באַקענען און דערציילן מיין פּלאַן. ער איז אַרויס און אין אַ פּאָר מינוט האָט ער זיך צוריק־געקערט מיט דער פרוי און טאָכטער. פייגעלע איז געווען פון מיטל וואוקס, מיט טונקעלע ברוינע האָר, פאַר־פלאָכטן אין לאַנגע צעפּ און שוואַרץ־ברוינע אויגן — אַ אידישע שיינהייט, מיט אַ ליבן שמייכל האָט זי מיך באַגריסט.

דער רב האָט אין קורצע ווערטער דערציילט ווער איך בין און אַז איך בין דער גוטער שליח צו באַשיצן פייגעלען אויפן וועג קיין ישראל. מוטער און טאָכטער האָבן זיך אַרומגענומען, איך האָב געזען אַ ציטער. דער רב האָט פאַרגעזעצט — פייגעלע, ווילסטו פאָרן מיט ר׳ דויד׳ן?

פאַר מיין קינד — האָט די מוטער געזאָגט — איך קען דעם יונגן מענטשן ניט, אָבער געהערט האָב איך אַ סך גוטס פון אים, דורך דיין ליבן פאָטער. דו ביסט אונז טייערער פון לעבן, אָבער וויפיל קען מען לעבן אין שרעק פאַרן מאָרגן. אויב ג־ט וועט העלפן און דו וועסט קומען קיין ישראל בשלום, וועלן מיר אויך קענען טראַכטן פון פאַראייניקן זיך מיט דיר. מיר זיינען ניט אַלט, אָבער קיין כח פאַר שרעק האָבן מיר ניט. אפשר איז אונז באַשערט נאָך אַ ביסעלע נחת פון דיר. די מאַמע האָט אָפּגעווישט אַ טרער.

— וויין ניט מאַמע, מיר וועלן זיך אין גיכן טרעפן, איך בין גרייט צו פאָלגן דעם ליבן טאַטן און מאַמען. ווען אַלע זיינען שטיל געבליבן, האָט דער רב דערציילט דעם פּלאַן. ער איז זייער באַפריינדעט מיטן דירעקטאָר פון דער טרופּע, וואָס פאָרט קיין ישראל. פאַר געלט וועט ער קריגן דעם פּאַספּאָרט פונעם טענצער, און דויד וועט זיין גרימירט, ווי די פּאָטאָ פון פּאַספּאָרט. ער קען גוט טאַנצן, פייגעלע — זינגען. אויב מען וועט זיי אויספּרובירן אויפן גרענעץ, וועלן זיי ווייזן וואָס זיי קענען. זיי וועלן מוזן זיין מיט זייער גרופּע ביזן אָפּפאָרן אַהיים. דער דירעקטאָר וועט שוין מאַכן זיי זאָלן קענען בלייבן.

יעצט וויל איך שיקן רופן מיין פריינט — דעם דירעקטאָר פון

טעאַטער. נאָכן דורכרעדן זיך, און ווען ער וועט אייך פאַרהערן, וועט דויד גיין נעכטיקן. אינדערפרי וועט ער נעמען זיינע זאַכן, איבער־לאָזן אַ צעטעלע זיין פריינט, אַז ער פאָרט אַוועק, ווייל מען רופט אים צוריק. פון דאַנען וועט איר מיט ג־טס הילף פאָרן. עס האָט לאַנג ניט גענומען, דער דירעקטאָר איז אריין מיטן רב אין אַ באַזונדער צימער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער טענצער איז זיין זון, און פאַר אַ גרויסע סומע געלט איז געווען געשלאָסן אַן אָפּמאַך. דויד האָט געהייסן אַלעקסאַנדער ראַבינאָוויטש, פייגעלע — פאַניאַ גרינשפּאַן. — ער האָט זיי פאַרהערט און איז נתפעל געוואָרן פון זייערע טאַלאַנטן. נאָכן זעגענען זיך מיטן דירעקטאָר, וועלכער האָט באַדאַרפט קומען זיי נעמען צום עראָפּלאַן, האָט דער רב איינגעלאַדן דעם גאַסט דויד עסן מיט זיי אוונט ברויט. דויד האָט גענומען זיין בעכער וויין, ער האָט געזאָגט אַז פון היינט הייבט זיך אָן אַ ניי לעבן פאַר אים. ער איז אַ סך עלטער פון פייגעלען, דערפאַר וועט ער איר היטן ווי אַ טאַטע אָדער געטרייער ברודער. ער האָפט אין גיכן זען אירע ליבע עלטערן אין ארץ ישראל, זאָל ג־ט זיי אַלעמען באַשיצן. ער פאַרשטייט אַז טאַטע־מאַמע האָבן אַ סך צו רעדן מיט זייער קינד. ער גייט צו זיין פריינט, און מאָרגן אין דער פרי וועט ער זיין ביי זיי.

אַלעס איז צוגעגאַנגען ווי דער רב האָט צוגעגרייט. אויפן גרעניץ האָט מען זיי געבעטן אַ קאָנצערט. זיי האָבן ניט פאַרשעמט דעם דירעקטאָר.

מיר זיינען געקומען קיין ישראל. איך האָב קיין יידיש נישט געקענט ריידן. די ערשטע זאַך האָב איך געבעטן דעם דירעקטאָר מיך ברענגען מיט פייגעלען צום רב גוטמאַן קיין תל אביב. ווי נאָר מיר האָבן זיך איינגעאָרדענט אין אַ האָטעל, זיינען מיר — דער דירעקטאָר, פייגעלע און איך — געפאָרן קיין תל אביב.

די באַגעגעניש פון רב און דירעקטאָר איז געווען רידענד. איך האָב דערלאַנגט דעם רב די בריוו, און ווי נאָר ער האָט דורכגעלייענט עטליכע שורות, איז ער געוואָרן ערשטוינט. אַזוי... — האָט ער גע־זאָגט צו דוידן — דאָס זייט איר, און דאָס איז מיין פריינט'ס טאָכטער?

איך זײַט מײַנע געסט. אָבער דאָ האָט דער דירעקטאָר דערציילט דעם רב גוטמאַן וועגן אונזער אַפּמאַך. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און צוגעזאָגט אַז אין צוויי וואָכן אַרום קומען מיר זײַן בײַ אים, ביז פֿייגעלעס עלטערן וועלן קומען. מיר האָבן געבעטן ער זאָל שנעל שרײַבן אַ בריוו צו אירע עלטערן און זיי באַרויִקן.

עס זײַנען אַוועק צוויי וואָכן. זיי האָבן געשפּילט. מען האָט זיי אַפּלאָדירט, אַרויסגערופֿן אויף בינע. אַלעס איז געווען ווי אַ חלום, דער דירעקטאָר מיט די אַרטיסטן זײַנען אַוועקגעפֿאָרן, מיר זײַנען צוריקגעקומען צום רב. איך און פֿייגעלע האָבן זיך שטאַרק באַפֿרײַנדעט. אַ טײַערע, ליכטיקע נשמה. זי פֿאַרגעטערט אירע עלטערן, און בענקט נאָך זיי. ישׂראל האָט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיקן אײַנדרוק. די פֿרײַנטליכקייט פֿון איינעם צום צווייטן, די שיינע שטעט, דער הייליקער גייסט וואָס מען קען אים אָנטאַפּן. עטלעכע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן. געטראַכט און געטראַכט, געשלאָגן זיך מיט דער דעה, צי זאָל איך גיין דיך אויפֿזוכן? אָדער פֿריער זיך אײַנאָרדענען? איך האָב מיך געשעמט קומען צו דיר ווי אַ בעטלער. איך האָב דערציילט דעם רב, אַז איך בין אַ דאָקטער, אָבער איך האָב ניט קיינע פּאַפּירן און קען ניט די שפּראַך. און וואָס פֿאַר אַ דאָקטער ביסטו? — האָט מיך דער רב געפֿרעגט — אַ כירורג. אויב אַזוי, וועט זײַן גוט. ער האָט מיך גענומען אין שפּיטאָל, פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן דירעקטאָר, דערציילט ווי איך בין געקומען און אַז איך בין אַ כירורג. איך האָב דערציילט וואו איך האָב געלערנט און פּראַקטיצירט. אויף מאָרגן האָב איך דורכגעפֿירט אַן אָפּעראַציע, אונטער אַ דאָקטערס קאָנטראָל. מען האָט מיך געלויבט און גענומען צו דער אַרבעט. דער רב איז געווען אַ זעלטענער מענטש. ער און די רביצי׳ן האָבן קיין קינדער ניט געהאַט, האָבן זיי מיך מיט פֿייגעלען באַהאַנדלט ווי אייגענע קינדער. אין שפּיטאָל בין איך געוואויר־געוואָרן אַז דר. גאָרדאָן מיט זײַן טאָכטער וואוינען אין ירושלים. ער איז זייער באַליבט און באַוואוסט. די טאָכטער איז אַ שיינהייט און זעט אויס אַז זי וויל ניט חתונה האָבן צוליב דעם זון — אברהם, אַ העלדישער יונג, אויך אַ דאָקטאָר, נאָך ניט אַזאַ גרויסער ספּעציאַליסט. איך און

פייגעלע האָבן פליסיק געלערנט העברעאיש. זי האָט באַשלאָסן לערנען אויף לערערין. אַ חוץ דער שפּראַך איז איר געווען גרינג דאָס לערנען. זי האָט זייער שיין געשפּילט פּיאַנאָ און האָט געוואָלט לערנען אין אַ קאָנסערוואַטאָריע. איינמאָל קום איך אַהיים נאָך אַ שווערן מעת לעת אַרבעט און ווי ערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געטראָפן פייגעלעס עלטערן אַרום טיש. מיר האָבן זיך צעקושט ווי אייגענע. עס האָבן ניט געפעלט קיין טרערן פון פרייד. מען האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ צו הערן די יידישע מוזיק, און ווי דערציטערט זיינען מיר גע־וואָרן, ווען מען האָט געלאָזט וויסן אַז ישראל איז אין מלחמה מיט די אַראַבער. מיין האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן, פון מלחמה צו מלחמה. די ערשטע זאַך האָב איך געבעטן מיין דירעקטאָר ערלויבעניש צו גיין זען די פאַמיליע גאָרדאָן, ער אָבער האָט געזאָגט ניין. — אַלע זיינען אויפן פראָנט, די עלטערע דאָקטוירים בלייבן אין שפּיטאָל. דיין פאַמיליע גאָרדאָן וועסטו זען נאָך דער מלחמה.

איך בין געווען אין די ערשטע רייען, און ווי דאַנקבאַר בין איך געווען צו ג־ט, ווען מען האָט מיר אַריינגעשיקט אַ כירורג, וואָס זאָל מיר העלפן, און ווער טראַכסטו איז דאָס געווען, חנהלע? — דיין זון. אין די פּאָר שעה אָפּרו האָבן מיר זיך באַפריינדעט. דיין זון האָט מיר פיל דערציילט פון רוסלאַנד, ווי שטאָלץ ער איז מיט זיין זיידן, דעם גרויסן דאָקטאָר, און וואָס פאַר אַ מאַמע ער האָט. זי איז שיין און גוט, איידל, אַלע פאַרגעטערן זי, אָבער זי האָט ליב אַ מאַן וועלכער איז פאַרבליבן אין רוסלאַנד. וויפל מענער האָבן איר פאָרגעשלאָגן חתונה האָבן, זי וויל ניט הערן, נאָר מיט דעם מאַן וועמען זי פאַרגעטערט. ווען ער זאָל געפינען אַזאַ מיידל, וואָלט ער געווען גליקלעך. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז אויב מיר וועלן די מלחמה געווינען און בלייבן לעבן, וועל איך אים באַקענען מיט מיין שוועסטער, פון רוסלאַנד, אָבער אַזאַ גוטע און שיינע, ווי זיין מאַמע. און דאַן האָב איך אים דערציילט ווער איך בין, און ווי אַזוי איך האָב זיין מאַמען ליב. ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט, געקושט און געווישט די טרערן. אוי, ווי גליקלעך איך בין. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז נאָך דער מלחמה וועלן מיר גיין זען פייגעלען ווייל אירע עלטערן זיינען יעצט אויך מיינע, נאָכער וועסטו מיך פירן צו דיין מאַמען.

ווען דער מלחמה האָב איך דיר מער ניט צו דערציילן. ווען מיר זיינען געקומען צום כותל המערבי, וואו יעדער איינער האָט געדאַוונט און געוויינט, האָב איך אויך געוויינט און זיך געשעמט, וואָס איך קען קיין קדיש ניט זאָגן נאָך מיינע עלטערן און באָבע. איך האָב געבעטן אברהמען ער זאָל מיט מיר זאָגן. איך האָב געשוואוירן אַז די צווייטע וואָך מאַך איך אַ שמחה — מיין בר־מצוה, אַ שפּעטע, אָבער דאָך אַ בר־מצוה. מיינע ליבע פריינט, די רבנים, האָבן מיר תפילין געקויפט. די שמחה וועט זיין נאָך גרעסער, ווייל מיר וועלן אויך פאַר־לאַבט ווערן און באַשטימען דעם טאָג פון אונזער חתונה.

ביידע האָבן דערזען, אַז עס איז שוין ליכטיק אין דרויסן, און זיי האָבן זיך נאָך ניט אָנגערעדט. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן, איינער דעם צווייטן געקוקט אין די אויגן. לאַנג געשטאַנען אָן רייד. ווי שטאַרק זיי האָבן ליב איינער דעם אַנדערן.אה, דויד... דויד... דו ביסט אַ העלד, איך בין שטאָלץ מיט דיר. און איך בין שטאָלץ פאַר אונז ביידע — האָט דויד געענטפערט. זאָג מיר דויד, האָט מיין זון געזען פייגעלען? איז זי אים געפעלן? — נאָך ווי אַזוי — האָט דויד געענטפערט. דעם גאַנצן וועג צו דיר האָט ער נישט אויפגעהערט רעדן וועגן איר. דו וועסט זי אויך ליב האָבן. מיר וועלן נאָך מאַכן אַ צווייענדיקע חתונה.

ביידע, גליקלעכע, זיינען זיי מיט אַ טעקסי פאַרפאָרן אַהיים. דער פאָטער איז צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. אַזאַ יום־טוב. אַלע אין שפּיטאָל האָבן אים אָפּגעגעבן מזל־טוב מיטן נצחון פון לאַנד, און וואָס זיין אייניקל האָט זיך אומגעקערט אומבאַשעדיקט. ער איז גע־פאָרן מיט אברהמען אין קיבוץ זיך זען מיט זייערע געטרייע און ליבע פריינט יעקב און רחל. דאָס זיינען די אַמאָליקע פריטץ און אנכען, זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך פייער און וואַסער,מיטן דאָקטאר צוזאַמען האָבן זיי זיך געראַטעוועט און געקומען קיין ישראל. דאָ האָבן זיי זיך מגייר געווען. דר. גאָרדאָן האָט זיי באַשטעטיקט אַ לעבנסלענגליכע פּענסיע. זיי האָבן געוואָלט לעבן אין אַ קיבוץ, צווישן אַ סך מענטשן. זיי זיינען זייער צופרידן און פרום. ווען זיי האָבן דערזען דעם דאָקטאר צוזאַמען מיט אברהמען, האָבן זיי זיך דערפרייט, און זיך געוואונדערט וואָס חנהלע איז נישט מיט זיי. דער דר. האָט זיי באַרואיקט אַז זי איז

געזונט, נאָר זי האָט גאָר אַ געהויבענעם גאַסט, און דערפאַר וויל ער אַז זיי, יעקב און רחל, זאָלן שוין פאָרן מיט זיי, זייער שמחה קען אָן זיי ניט זיין.

דויד האָט געפרעגט: איך בעט דיך טייערע, זיי ניט ברוגז, איך וואָלט וועלן וויסן וואָס איז געוואָרן מיט אברהם׳ס פאָטער איגנאַץ? דו האָסט גאָרניט געהערט? חנהלע האָט אַ ווײַלע געשוויגן און גע־זאָגט — געהערט האָב איך גאָרניט, נאָר געזען.

פאָרענדיק פון רוסלאַנד קיין פוילן, זיינען מיר געווען אין קיעוו אַ גאַנצן טאָג. אימעצער האָט אונז געפירט איבער גאַסן, ביז מיר זיינען געקומען צום רויטן פּלאַטץ — דאָס איז לעבן דער צענטראַלער גאַס — קרעשטשאַטיק.

מיר האָבן געזען ווי מען פירט אַ סך געפאַנגענע דייטשן צו אַרבעט. אויפן פּלאַץ זיינען געהאַנגען אפשר 10 דייטשן פון גרויסן מיליטערישן ראַנג, און צווישן זיי — איגנאַץ מיט אַ צעשפּילעטן קאָלנער, אַרויסגעשטעקטן צונג, געשוואָלן. איך בין לאַנג געשטאַנען און געקוקט אויף מיין שונא. איך האָב ניט געפילט קיין שנאה, נאָר עקל. איך האָב נאָכאַמאָל איבערגעחזרט די שבועה, וואָס איך האָב געגעבן מיין פאָטער — ערציען דאָס קינד אין יידישן גייסט. איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן.

אין שטוב ביים טיש האָבן שוין אַלע אויף זיי געוואַרט. ביי הרב גוטמאַן איז היינט אַ גרויסע שמחה. — אויבן אָן, ביים לאַנגן טיש זיצן זייער חשובע רבנים. אַ בר־מצוה ביי אַ ייִנגל פון 13 יאָר איז אַ גרויסער יום־טוב, אָבער ביי אַ מענטשן פון אַריבער 40 איז אַ זעלטענע זאַך. אָט זיצט דויד צווישן זיינע בעסטע פריינט, די רבנים; ער קען אפילו ניט זאָגן ווער עס איז אים נענטער און ער באַשליסט, אַז דער ליבער רב גוטמאַן האָט נעבעך ניט קיין קינדער, זאָל ער הייסן זיין זון. עס זיינען פאַראַן אַ סך געסט אויף דער טעראַסע. אין צווייטן צימער מענער און פרויען. קעגן איבער זיצט דער ליבער דר. גאַרדאַן. אַזאַ אויסערגעוויינליכער מענטש. אַזעלכע מענטשן מאַכן היסטאָריע. וואָס ער איז נעבעך דורכגעגאַנגען, אָבער מוט האָט ער געהאַט פאַר

אַלע, און צוליב אים איז חנהלע לעבן געבליבן. אָט שטייט זי ביי דער טיר מיט פייגעלען. ביידע רעדן און ביידנס אויגן קוקן צו זיי, צו דויד'ן און אברהם'ען. ווי זי שיינט חנהלע. זי האָט אין אים אַריינגע־געבן ליבע צום יידישן פאָלק, ער האָט זיך דאָך געשעמט זיין אַ ייד, איר ליבע האָט אים געבראַכט אין הייליקן לאַנד צו זיינע ברידער. עס זינגט און טאַנצט אין אים. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי פיל פריינט אַרום זיך. און אָט איז אברהם, ער שטייט הינטער זיין פלייצע, זיין האַנט גלעט אים, ער גיט אים אונטער קוראַזש. מען ברענגט אַ ספר תורה, מען דאַוונט, דויד מאַכט די ברכה, מען לייענט אין תורה. ער פילט אַזוי שטאָלץ אין די תפילין. אַלע טרינקען לחיים. דויד שטעלט זיך אויף, עס ווערט שטיל, אין אַ פּאָר ווערטער דערציילט ער, אַז ער איז אַ רוס, און ניט געקענט דאַוונען און רעדן יידיש, האָט מיך ג־ט צענויפגעפירט מיט נאָבעלע מענטשן, זיי זיינען מיר בייגע־שטאַנען אין אַלע נויטן. יעצט מיינע טייערע געסט, ווייל איך אייך זאָגן, אַז איך שעם זיך ניט מיט מיין שפּעטן בר־מצוה. איך וועל זיך באַמיען זיין אַ פרומער ייד. איך בעט אַלע געסט מיר אָפּגעבן נאָך אַ מזל־טוב, איך בין אַ חתן געוואָרן צו דער שענסטער און איידעלסטער פרוי פון יידישן פאָלק. צוליב איר בין איך געקומען — זי איז חנה, דר. גאַרדאַנס טאָכטער. איך בין שטאָלץ צו ווערן אַן איידעם צו דעם ליבן דר. וועלכער איז אַ קרוין און שטאָלץ ביים יידישן פאָלק. מיינע ליבע, איך וויל נאָך איין זאַך צוגעבן. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך מיינע ליבע עלטערן פאַרלוירן, איך האָב אין רוסלאַנד קיינעם ניט געלאָזן פון מיין פאַמיליע. בעט איך די ערלויבעניש פון ליבן רב גוטמאַן מיט זיין רביצין זיי זאָלן פאַר־רעכנט ווערן ווי מיינע עלטערן — ווייל זיי האָבן קיין קינדער ניט.

דער רב האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, אויסגעווישט אַ טרער, ער איז אַרויפגעפאַלן אויף דויד'ס האַלדז, אים געקושט און געגלעט, מיין זון... מיין זון... באַלד איז די רביצין צוגעקומען און שטיל געזאָגט : מזל־טוב דיר זון.

דעם גאַנצן טאָג האָבן די פריינט פאַרבראַכט. דויד האָט גע־שפּאַנט מיט חנהלען איבערן גאָרטן און גערעדט שטיל און פאַרטראַכט.

ווער קען וויסן ג־טס דרכים. אָט קוק, ביים טויער שטייען צוויי פּאַר־ליבטע, ווי איינער וואָלט געוואָרט אויפן צווייטן, אברהם און פייגעלע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט אים שטאַרק ליב, ווי זי וואָלט אים שוין יאָרן געקאָנט. זיי האָבן שוין אַליין זיך צונויפגערעדט, אַז באַלד נאָך אונזער חתונה וועלן זיי חתונה האָבן.

דויד האָט גענומען חנהלען פאַר די הענט און אַרייננעקוקט מיט ליבשאַפט אין די אויגן. האָסט מיך ליב? שעמסטו זיך מיט מיר, וואָס אַזאַ אַלטער האָט ערשט בר־מצוה געהאַט?

— איך האָב דיך ליב. איך בין שטאָלץ מיט דיין בר־מצוה. תשובה טאָן איז קיינמאָל ניט צו שפּעט. ביידע צוקושן זיך, רייסן זיך אָפּ איינער פון אנדערן און צעלאַכן זיך. געדענקסט די אוזבעטשקעס מיט די קינדער ווען מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל געקושט?

אַרום זיי האָט די זון געלויכטן.

# דער סוד

## קאַפּיטל איינס

אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן, נישט ווייט פון וואַרשע, האָט געלעבט אַ זייער בכבודיקע משפּחה. דער פאָטער פון דער דאָזיקער משפּחה — ר׳ פּנחס, איז געווען דער מלמד און חזן פון שטעטל. ער און זיין פרוי מיט זייערע זעקס קינדערלעך האָבן געלעבט אַ באַשיידן לעבן, און קוים אויסגעקומען אין דער פּרנסה. די קינדער פון שטעטל זיינען געקומען לערנען צו ר׳ פּנחס׳ן אין שטוב. דאָס קינדער צימער, וואָס ביי נאַכט איז עס געווען אַ שלאָף־צימער — איז ביי טאָג געוואָרן דער „חדר" צום לערנען... האָט ר׳ פּנחס טאַקע געמוזט אויפוועקן די קינדער גאָר פרי, ווען עס האָט זיך די קינדער נאָך געגלוסט צו שלאָפן. ביז די תלמידים זיינען געקומען, האָבן שוין די צוויי עלטערע יינגלעך, זלמן און שעיה, געהאַט אָפּגעטאָן אַ שווער שטיקל אַרבעט, זיי האָבן פאַנאַנדער געשטעלט די טישן און די לאַנגע בענק. דאָס אָנגעהאַקטע האָלץ ,האָט שוין געפלאַמט אין אויוון און געוואַרעמט די צוויי צימערן פון דער משפּחה פון ר׳ פּנחס גיטעלעס.

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך געהערט דעם רבינ׳ס לערנען מיט זיינע תלמידים. ר׳ פּנחס האָט זייער ליב געהאַט קינדער, נישט נאָר די אייגענע. ער האָט קיינמאָל נישט געשריגן אויף קיינעם, נאָר מיט אַ ליבלעך וואָרט, צום גוטן קינד, פאַרן קענען, וואָס מען האָט מיט אים געלערנט. און ווי אַ צוריק דאַנק צום רבי׳ן, האָבן זיך די תלמידים בעסער געלערנט, נישט צו בלייבן חלילה פאַרשעמט, אַזוי אַרום פאַר־גרינגערט דעם רבינ׳ס מערכה.

אַ גאַנץ לאַנגען טאָג, האָבן די קינדערלעך געהאַט צייט צו דאַוונען, לערנען, זינגען און צו הערן שיינע מעשה׳לעך פון חומש און תנ״ך, אָדער פון גרויסע צדיקים. קיינמאָל האָט זיך אינעם הויז פון ר׳

פּנחס׳ן נישט געהערט קיין שום קריגערייַ, קיינער האָט זיך נישט באַקלאָגט אויף דער אָרעמקייט. פאַר יעדן יום־טוב האָט ר׳ פּנחס זיך געגרייט צו די תּפילות מיט זייַנע משוררים, צווישן די משוררים זייַנען אויך געווען זייַנע צוויי עלטערע בחורים׳לעך, זלמן, צוועלף יאָר אַלט, און שעיה, דער ניין יאָריקער. אַלע קינדער פון שטעטל האָבן מקנא געווען ר׳ פּנחסן און זייַן משפּחה און צו זיי אַרויפגעקוקט. אין די יום־טובים האָט די משפּחה גיטעלעס אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש, אין שטוב איז געווען לעבעדיק און פרייִלעך, ז׳האָבן זיך אויסגעפּוצט און מיט שטאָלץ געגאַנגען אין שוהל, וואו דער גאַנצער עולם פון שטעטל פלעגט זיי אָפּגעבן אַ סך כּבוד. ר׳ פּנחס, דער חזן, אָנגעטאָן אין טלית מיט דער שייַנער חזנישער יאַרמולקע, שטייט אַרומגערינגלט מיט די משוררים און זינגט מיט זייַן זיסן קול. מער פון אַלעמענס שטימען הערט זיך דאָס קול פון זלמנ׳ען, זינגענדיק קוקט ער בעת מעשה אַרויף צו דער ווייבער־שוהל... ער זעט די באַגיים־טערטע אויגן וואָס קוקן אויף אים צוריק... אָט שטעלט זיך זייַן בליק אָפּ אויף איין מיידל פון אַ יאָר צען, אָדער עלף, וואָס איז דעם גביר׳ס בת־יחיד׳קעלע. זי זעט אויס אַביסל עלטער פון זלמנ׳ען, אָבער זי, שיינדעלע, איז נישט מער ווי עלף יאָר אַלט, אַזוי הערט ער אָפּט רעדן וועגן איר ביי זיך אין שטוב. שיינדעלע טראָגט אַ בלוי־אַטלאַס קליידל, וואָס גיט צו אַ באַזונדערן חן איר שיין פּנים׳ל. אירע האָר זייַנען ליכטיקע, בלאָנדע און זי פאַרמאָגט צוויי שייַנענדיקע, הימל־בלויע אויגן. זלמן טראַכט, אַז ער זינגט נישט פאַר קיינעם, נאָר פאַר איר, דעם גביר׳ס טעכטערל, שיינדעלע. אים ווילט זיך נאָך האַרציקער זינגען, כּדי זיך אויס צו פייַנען ביי שיינדעלען. אָט זעט ער ווי די מוטער טוט אַ גלעט שיינדעלען איבער די האָר, און ער איז דעמאָלט שטאַרק מקנא דער מאַמען, נאָר זלמן טרייסט זיך אָבער מיט דעם, וואָס ווען ער באַגעגנט שיינדעלען, פאַרנויגט זי זיך פאַר אים, דעמאָלט קוקן זיך ביידע טיף אייַנער דעם אַנדערן אין די אויגן און פאַרשטייען זיך אָן רייד...

זלמן גרייט זיך איצט צו זייַן בר־מצווה. די עלטערן שמועסן, אַז ס׳וועלן קומען צו דער שמחה אַ סך געסט פון די אַרומיקע שטעטלעך.

מען האָט פאַר זלמנ'ען געלאָזט אויפנייען אַ שיינעם גאַרניטור. ביי נאַכט אויפן געלעגער רעדן ביידע ברידער זלמן און שעיה וועגן טאַטע-מאַמע, וואָס האָבן זיי אַזוי ליב, וועגן דער בר־מצוה, און וועגן די שיינע קליידער וואָס זיי וועלן אָנטאָן אין טאָג פון דער בר־מצוה שמחה. זלמן ווענדט זיך צו שעיה'ן: הער מיך אויס, איך וויל דיר זאָגן אַ סוד, אָבער דו מוזט מיר שווערן אַז דו וועסט קיינעם נישט דערציילן, און זלמן דערציילט אים דעם סוד פון זיין ליבע צו שיינדעלען ... דער קלענערער ברודער שעיה, גיט אויף אים אַ קוק און שטיל, ווי פאַר זיך, זאָגט ער: „דו ווייסט, דאָס איז אַ גרויסע זינד, דו ביזט נאָך אַ קליינער און דו קאָנסט נאָך נישט חתונה האָבן". זלמן האָט זיך פון שעיה'ס רייד פאַרשעמט און מער נישט מיט אים גערעדט וועגן דעם.

צו דער בר־מצוה זיינען געקומען פיל געסט אין שוהל. צווישן די געסט איז אויך געקומען אַ פּרינציפּאַל פון אַ קאָנסערוואַטאָריע אין וואַרשע, וואו יינגלעך און מיידלעך האָבן שטודירט מוזיק. דער פּרינ־ציפּאַל מר. פישער איז גראַד געקומען באַזוכן זיינס אַ טאַנטע, און אין איין וועג אויסגעפינען טאַלאַנטירטע קינדער מיט פיינע שטימעס און מיט אַ געהער פאַר מוזיק. יעדער יונגערמאַן אָדער מיידל, וואָס האָט געהאַט די געלעגנהייט צו ווערן פאַרהערט אין דער קאָנסער־וואַטאָריע, האָט זיך געשעצט גליקלעך, הגם מ'האָט אים נישט אָנגע־נומען. מר. פישער האָט אַ פּאָר מאָל באַזוכט די שוהל, וואו ר' פּנחס האָט געזונגען מיט זיינע משוררים. מר. פישער איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַנטציקט פון זלמנ'ס געפיל פון זינגען, און ער האָט באַשלאָסן צו באַזוכן דעם חזן אין זיין היים, געהאָפט צו באַווירקן זלמנ'ס עלטערן, אַז זיי זאָלן מסכים זיין, צו שיקן זייער יינגל אין קאָנסערוואַטאָריע צו לערנען מוזיק. — ר' פּנחס, איר ווייסט דאָך אָמבעסטן, אַז אייער זלמן האָט טאַלאַנט און קען ברענגען אַ סך נחת פאַר אייך און פאַר מענטשן מיט זיין געזאַנג. ר' פּנחס האָט נישט געוואָלט הערן אַזעלכע רייד און גענעבן צו פאַרשטיין דעם מר. פישער, אַז זלמן איז אַ פרום יינגל, אויב ער זינגט, זינגט ער נאָר פאַרן רבונו של עולם און ער וועט זיין היים נישט פאַרלאָזן. מיט גרויס באַדויער האָט זיך מר. פישער געזעגנט מיט דער משפחה גיטעלעס און זיי

געדאַנקט פאַר דעם גרויסן פאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן אים פאַרשאַפט מיט זייער האַרציקן זינגען די תפילות.

צומאָרגנס האָט שוין דאָס גאַנצע שטעטל זיך געגרויסט מיט איר אוצר — זלמן, דעם חזנ׳ס זון. פון דעם טאָג אָן האָט זיך אין זלמנ׳ס קאָפּ אַרײַנגעגנבֿעט אַ געדאַנק: אפשר יאָ פאָרן און ווערן אַ גרויסער מענטש און ברענגען פאַרגעניגן פאַר מענטשן? ער האָט געוואוסט, אַז גיין לערנען זינגען גוי׳אישע לידער, איז אַ זינד. זלמן האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. ביז איינמאָל אין אַ טונקעלן פאַרנאַכט, אַנשטאָט גיין צו מנחה, איז ער גאָר אַוועק אויפזוכן דעם מר. פּישער. ער איז געגאַנגען מיט אַ שרעק אין האַרצן, ס׳זאָל אים חלילה קיינער נישט באַמערקן. אויף אַ ווערענדע, נעבן דעם הויז פון זיינע קרובים, האָט ער באַמערקט דעם מר. פּישער זיצן. מר. פּישער האָט זיך געזעגנט מיט זיינע פריינט און אַנטקעגנגעגאַנגען זלמנ׳ען, פאַרבעטנדיק אים צו זיך אין הויז און געוואָלט אים באַקענען מיט זיינע פריינט. זלמן האָט אַ דערשראָקענער גערעדט צו מר. פּישער, דערווייל וויל ער אַז קיינער זאָל נישט וויסן פון זיין וויזיט ביי אים. ווי ס׳זאָל נישט זיין, האָט זלמן גענומען דעם אַדרעס פון פּישערס מוזיק־שול, און דעם טעלעפאָן, און צוגעבנדיק, אויב ער וועט באַשליסן צוקומען אין שטאָט, וועט ער אים פריער לאָזן וויסן.

דערווייל האָט זיך זלמן אַרומגעטראָגן מיט חלומות און געטראַכט וועגן זיין קאַריערע, וואָס וואַרט אויף אים, אויב ער זאָל טאַקע באַשליסן צו פאַרלאָזן זיין יידישער היים. דערווייל איז דאָס לערנען זיינס געוואָרן ערגער, ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און ער פלעגט נישט הערן וואָס מען רעדט צו אים. ווען זלמן איז געוואָרן זעכצן יאָר, האָבן די עלטערן אָנגעהויבן טראַכטן אים חתונה מאַכן. לאַנג זוכן האָבן זיי נישט באַדאַרפט, ווייל דער גביר פון שטעטל, האָט אים גערן געוואָלט פאַר אַן איידעם.

וועגן פּרנסה האָט זלמן נישט געדאַרפט זאָרגן און דערצו דאָס גליק פון קריגן שיינדעלען פאַר אַ כלה, דאָס שענסטע מיידל אין שטעטל. זלמן האָט ליב שיינדעלען ווי זיין לעבן. פיל שיינע און גע־

ראַטענע בחורים האָבן זיך געשדכנט צו איר, אָבער אויך שיינדעלע האָט נאָר אים ליב.

זלמן האָט זיך דורכגערעדט מיט שיינדעלען און געבעטן, אַז זי זאָל מיטפאָרן מיט אים אין שטאָט אַריין צו מר. פישער, ווייל מיט זיין שטימע קען ער זיך דערשלאָגן צו ווערן גרויס... שיינדעלע האָט אירע עלטערן נישט געוואָלט פאַרלאָזן, זי האָט זיך געשראָקן פאַר דער גרויסער שטאָט, ווער ווייסט וואָס דאָרטן קען טרעפן, אָבער זלמן וואָס האָט געהאַט איין חלום, איין שטרעבן — צו ווערן גרויס... איז אים איינגעפאַלן צו בעטן זיין טאַטן, אַז ער זאָל אים אַוועקשיקן אין שטאָט אין אַ ישיבה אויף אַ פּאָר יאָר. דער פאָטער האָט איבער־געטראַכט זלמנ׳ס רייד, אפשר איז ער דאָך גערעכט, ער איז נאָך צו יונג חתונה האָבן. אין אַ באַשטימטן טאָג האָט דער פאָטער באַשלאָסן, אַז ער וועט זלמנ׳ען אריבערפירן קיין וואַרשע אין אַ ישיבה. די ערשטע צייט אין דער ישיבה האָט זלמן אַרויסגעוויזן גרויס התמדה, ער האָט גלייך געקראָגן אַ נאָמען פון אַ גוטן לערנער. ווען די ישיבה בחורים האָבן זיך דערוואוסט, אַז זלמן קען שיין זינגען און אַז ער איז אַ חזנס אַ זון, האָט ער געקראָגן אַ סך פריינד. ביי זיינע זעכצן יאָר, איז זלמן שוין געווען אַ פאַרשוין, הויך געוואַקסן און אַ שיינער בחור. מען האָט אים געשאַצט אַ סך עלטער ווי ער איז געווען, זיין איידל פנים, זיינע שוואַרצע פאַרחלומ׳טע אויגן, האָבן ממש צוגעצויגן צו אים.

וואָס מער מען האָט געלויבט זיין זינגען אַלץ מער האָט אַן אינעווייניקסטער כוח אים גערייצט און געטריבן צו גיין זען דעם דירעקטאָר פון דער קאָנסערוואַטאָריע, דער אַדרעס איז ביי אים געלעגן אויף אַ זיכערן פּלאַץ. ווען ער האָט זיך אַ ביסל מער באַקענט מיט דער שטאָט, האָט ער טעלעפאָנירט צום מר. פישער, וועלכער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט אים. נישט קוקנדיק, וואָס ס׳זיינען שוין פאַרביי עטלעכע יאָר, האָט דער דירעקטאָר נאָך אַלץ גוט גע־דענקט דאָס יינגל מיט דער זעלטענער שטימע. נאָכן דורכרעדן זיך מיט מר. פישער, האָט זלמן אָנגעהויבן צו קומען אין קאָנסערוואַטאָריע אין די אויפדערנאַכטן. די געזאַנג לעקציעס מיט די שיינע קאָסטיומען

האָבן אים פֿאַרכאַפּט און צוביסלעך געמאַכט פֿאַרגעסן אין זיינע פֿרומע עלטערן, און אין דער ישיבה און אין זיין גלויבן... אין די ערשטע צייטן האָט נאָך זלמן אָפּט געשריבן אַ היים, געלויבט די ישיבה, דעם ראש־ישיבה און זיינע אומצאָליקע פֿריינט. צוביסלעך האָט ער אָנגעהויבן פֿאַרלאָזן די ישיבה און אויפֿ־געהערט אַ היים צו שרייבן בריוו און זיך אַלץ מער אָפּגעפֿרעמדט פֿון זיינע פֿרומע פֿריינט. ער האָט אָנגעהויבן זינגען פֿאַר זיך אַליין, דערנאָך שוין מיט מיידלעך און אַמאָל ערגעץ וואו געכאַפּט אַ קליינעם ביסן, אַ טרונק.

עס האָט אים טאַקע באַנג געטאָן, ווייל ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פֿאַר ג־ט. ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ג־ט וועט אים ניט פֿאַרגעבן, איז ער אַלץ ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע עבירות, ווי זיך אַליין צו להכעיס. יעדעס מאָל ווען ער האָט געזינדיקט, האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט: פֿאַרוואָס טאָר מען נישט? ער האָט פֿאַרגליכן דאָס לעבן פֿון אַ פֿרומען און פֿון אַ ניט פֿרומען ייד, ער האָט אויס־געקליבן דאָס גרינגערע אין לעבן.

די ישיבה האָט געלאָזט וויסן זיינע עלטערן, אַז זייער זלמן קומט נישט מער אין דער ישיבה און ס'וואָלט געווען זייער גלייך, אַז דער פֿאָטער זאָל קומען צופֿאָרן זיך אַדורכצורעדן מיט זלמנען. די עלטערן האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ביידע, פֿאָטער און מוטער, זיינען געקומען צופֿאָרן, צוליב דעם גרויסן בראָך, וואָס ס'האָט זיי געטראָפֿן, אַז זייער זלמן איז, נעבעך, אַראָפּ פֿון יידישן דרך. זיי זיינען געלאָפֿן צו אַ גרויסן צדיק, בעטן ער זאָל זיי געבן אַן עצה. מען האָט געפּרוּווט רעדן צו זלמנען, וועגן דעם צער וואָס ער פֿאַרשאַפֿט זיינע עלטערן און אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיי און אויך אויף שיינדעלען, ער זאָל זיי נישט פֿאַרשעמען און נישט פֿאַרשעמען זיינע ברידער און שוועסטער. אָבער די מוסר־רייד און בקשות האָבן גאָרנישט געהאָלפֿן. די טרערן פֿון זיינע ליבע עלטערן, האָבן אים נישט גערירט, זיין האַרץ איז געוואָרן פֿאַרשטיינערט, ער האָט געשוויגן, ווייל ער איז שוין געהאַט פֿאַרגאַנגען צו ווייט.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז זיין נאָמען באַקאַנט געוואָרן, ווי אַ גרויסער באַרימטער זינגער. פֿון אַמאָליקן ישיבה בחור'ל איז גאָרנישט

געבליבן... ער איז שוין געגאַנגען געקליידט אין מלבושים ווי ס׳טראָגן אַרטיסטן... אָפּיערע זינגער, גערויכערט סיגאַרעטן אין שבת, געפאָרן שבת אין קאַרעטעס. ס׳האָט אים אפילו ניט געאַרט חתונה האָבן מיט אַ נישט יידיש מיידל, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט אין קאָנסערוואַטאָריע. זיין חתונה האָט מען געפּראַוועט אין אַ קלויסטער, אים האָט שוין גאָרניט געאַרט, ווייל ער האָט פאַרלוירן דעם יידישן גלויבן.

די צייט איז נישט געשטאַנען אויף אַן אָרט, נאָך אַ שווערע פאַרקילונג אין האַלדז האָט זלמן פאַרלוירן זיין זינגענדיקע שטים. מען האָט באַלד געפונען אַן אַנדערן זינגער אויף זיין אָרט. זיין ווייב האָט אים קיין קינדער נישט געבוירן. פון זיינע עלטערן מיט דער משפּחה האָט ער גאָרניט געהערט. איין זאַך האָט ער אָפּגעשפּאָרט; געוואָרן אַ משומד. דערווייל האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק. זלמן, אַ צעבראָכענער, אַ צעוויימאָקטער, איז איצט געווען פול מיט חרטה אויף זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געהאַט מזל, ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן זיך צו ראַטעווען פון די דייטשן און ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע האָט ער געביטן זיין נאָמען און זיך באַזעצט נישט ווייט פון ניו יאָרק אין אַ קליין שטעטל. זלמן, דער משומד, האָט איצט זיך גערופן: ראָבערט בייקער. דורך אַ נס האָט זיך אים איינגעגעבן ראַטעווען זיין יינגערן ברודער שעיה און אים ברענגען קיין אַמעריקע. זלמנ׳ס האַרץ איז צעריסן געוואָרן פאַר רחמנות צו זיינע עלטערן און פאַמיליע. שעיה האָט פאַרמאָגט טאַלאַנט צו מאָלן בילדער, ער איז אָבער אין ערגעץ נישט געגאַנגען אַרבעטן. דער טרויער פון זיין אומגעקומענע משפּחה איז געלעגן אין זיינע אויגן. זעלטן ווען פלעגט ער רעדן מיט זיין ברודער זלמן. נאָך אַ לענגערע צייט פון שווייגן, האָט שעיה איינמאָל געגומען דערציילן, ווי שטאַרק דער טרויער האָט געהערשט אין דער משפּחה, ווען מען האָט זיך דערוואוסט אַז זלמן האָט זיך געשמד׳ט. די מאַמע איז אַוועק פון דער וועלט פון גרויס צער. דער טאַטע פלעגט נישט שלאָפן אין די נעכט, נאָר זאָגן תהלים און וויינען ווי אַ קינד, ווייל ער האָט זלמנ׳ען זייער שטאַרק ליב געהאַט. שיינדעלע פלעגט זיך שעמען אַרויסגיין אין דרויסן, נאָר

געװײנט און געבענקט נאָך איר חתן, איז זי אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע ייִדן פֿון שטעטל דורך די דײַטשן ימ״ש. שעיה שװערט זיך פֿאַר זלמנ׳ען, אַז ער האָט נאָך אַזאַ זעלטענע שײנהײט װי שײנדעלע אין זײַן לעבן נישט געזען. שעיה האָט געװאױנט פֿאַר זיך אין אַ צימער. זעלטן זײַנען די צװײ ברידער געזעסן בײַ אײן טיש. זלמן פֿלעגט טראַכטן אַז שעיה האָט זיך אָפּגעזונדערט װײַל ער איז דאָך אַ געליטענער און על־פּי נס געראַטעװעטער פֿון די דײַטשן, דערפֿאַר איז ער אין אַזאַ נערװעזן צושטאַנד. זלמן האָט אים נישט געשטערט אין זײַן פֿירעכץ און אים געהאָלפֿן מיט געלט. טיף אין האַרצן האָט זלמן שטאַרק רחמנות געהאַט אױף זײַן משפּחה און אױף זיך אַלײן. ער האָט געװאוסט אַז ג־ט װעט אים נישט מוחל זײַן זײַנע זינד, האָט ער זיך אָפּגעזונדערט פֿון מענטשן, געדונגען אַ הױז אין עק פֿון שטאָט, אונטערן נאָמען ראָבערט בײקער און געצױגן זײַנע יאָרן אין װיסטע קאַשמאַרנע זכרונות.

## קאַפּיטל צװײ

ניו יאָרק איז די גרעסטע שטאָט אין אַמעריקע. די צענטראַלע גאַסן זײַנען שטענדיק פֿול מיט דורכגײער און יעדער אײלט זיך, װער צו „ביזנעס״, װער צום לערנען, װער צו אַ באַגעגעניש מיט אַ פֿרײַנט אָדער אַ פֿרײַנדין און װער סתם צו אַ פֿאַרברענגעניש. עס איז אַ שײנער זומער טאָג. אין צענטראַל פּאַרק פֿאַרגעסטו, אַז דו ביסט אין מיטן פֿון דער קאָכיגער שטאָט; ביסט צװישן בײמער, קװײטן און אַ טײַך װאָס שנײַדט דורך דעם גרױסן פּאַרק, און װאו קאַטשקעלעך שװימען אַרום. לײַגנ אױס דעם טײַך זײַנען פֿאַראַן בענק צום זיצן, װאו מענטשן קענען זיך אָפּרוען פֿונעם שטאָטישן טומל אױף יענער זײַט פּאַרק.

אָט זיצן צװײ פֿרײַנט אױף אַ באַנק און קוקן צו די שװימענדיקע שיפֿעלעך, אָדער גאָר צו די װײַסע טײַבעלעך, װאָס פֿליִען־אָן אָן מורא פֿון מענטשן, נאָר װאַרטן מען זאָל זײ שפּײַזן. דאָס איז נישט דאָס אײנציקע אָרט װאו די פֿרײַנט האָבן גערן יעדן זונטיק זיך צו באַגעגענען, װען זײ זײַנען פֿרײַ פֿון אַרבעט. טײלמאָל פֿאַרפֿאָרן זײ צום איסט־ריװוער. זיצנדיק אױף די בענק, פֿילט מען הינטער זיך די

שווערע וואָלקן־קראַצערס, מיטן טומל פון מענטשן און קאַרס, אָבער מיט די אייגן געווענדט צום וואַסער, זעט מען די פרייהייט־סטאַטוע, די שיפן אויף עקסקורסיעס, די בליץ שיפלעך, די שווערע שיפן, וואָס פירן בוי־מאַטעריאַלן, אָדער אַנדערע זאַכן. אַמאָל טרעפן זיך די צוויי פריינט אין די בראָנקס ביים „זו", וואו קליינע באַן־וואַגאָנדלעך שניידן אַ דורך דעם בראָנקס פּאַרק. די מוזיק וואָס שפּילט פאַרכישופט ממש. דער פּאַרק האָט אַ סך פאַרווייַלנגען, אַלערליי חיות פון גאַר דער וועלט. אויך אין פּראָספּעקט פּאַרק, אין ברוקלין, פאַרבלאָנדזשען אַמאָל די צוויי פריינט. זיי קומען צום וואַסער, נעמען אַ שיפל און פאָרן לאַנגע שטונדען לענג אויס די בריקלעך, וואָס טיילן אָפּ איין טייל פּאַרק פון צווייטן.

ווער זיינען די דאָזיקע צוויי טרוימער, וואָס פאַרגעטערן אַזוי שטאַרק די נאַטור און שיינע פּלעצער פון שטאָט ניו יאָרק? איינער איז לואיס פרידמאַן, אַ יונגערמאַן, אַרום זיבן און צוואַנציק יאָר אַלט. לואיס האָט געקראָגן אַ ירושה פון זיין ליבן פאָטער, ר' מאיר, אַ פאַבריק אין דער פּעריפעריע פון שטאָט. ר' מאיר האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען צווישן יידן מיט זיין פרומקייט, ערלעכקייט און פון אַ געטרייען פאָטער צו זיינע קינדער. זיין זון לואיס האָט דער פאָטער געשיקט לערנען אין ישיבה און שפּעטער אין אַ פּריוואַטן אינסטיטוט צו לערנען דעם קורס פון ווערן אַן אינזשעניר, דאָך האָט דער פאָטער געוואָלט, אַז ער זאָל זיך אויך באַשעפטיקן מיט דער פעקטאָרי. דאָס איז געווען ר' מאיר'ס אָנזאָג פאַרן טויט. לואיסעס פרוי, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט, האָט אים אויך איבערגעלאָזט אַ טייערע מתנה, אַ יינגעלע מאָריס, זי איז געשטאָרבן בעתן געבורט. דאָס קינד געפינט זיך דערוויייל ביי זיין שוועסטער אסתר אין ניו־דזשורזי. אסתר אַליין האָט נישט קיין קינדער, דאָס קינד, מאָריס, דאַרף אַ מאַמע. ער קומט זיי אָפּט זעען, ברענגט געלט און פאַרשידענע מתנות. זיי האָבן זיך שטאַרק ליב, דער טאַטע מיטן קינד, און כאָטש דאָס יינגל איז שוין פינף יאָר אַלט, אָבער לואיס וויל נישט חתונה האָבן.

דער צווייטער־איז פּאָול שוואַרץ, דער פריינט פון לואיסן, וואָס מיט אים האָט ער אַלע יאָרן געלערנט אין ישיבה און אינעם אינסטיטוט.

בײדע זײַנען — ווי זאָגט מען דאָס: פֿרײַנט אין פֿרײד און אין לײד...
פּאָול אַרבעט בײַ לואיס'ן אין פֿעקטאָרי, ווי אַן אינזשינער, זײ פֿילן זיך
ווי ברידער.

פּאָול'ס פֿרוי, ראָוז, איז אַ מיטלוואוקסיקע מיט ברוין־שוואַרצע
אויגן, גוטע, מילדע און געטרײַע, זי זעט אױס צו זײַן זײער שטאָלץ מיט
איר פֿיגור און שײנעם פּנים, אַ ייִדישע שײנהײט. ווער ס'האָט איר נאָר
קענען געלערנט, ווײס אַז זי האָט אַן אָפֿענע טיר פֿאַר פֿרײַנט און איז
גרײט שטענדיק יענעם צו העלפֿן. זי איז אַ „סאָשל־וואָרקער", נאָר זי
אַרבעט אין „אָפֿיס", ווי אַ סעקרעטאַרקע, צו זײַן נאָענט צו איר מאַנס
אַרבעט, אַמאָל אַרײַנלױפֿן צו דער, אָדער יענער פֿאַמיליע, העלפֿן אין
אַ נויט מיט אַ גוט וואָרט, אָדער מיט אַ פּאָר דאָלער. אַלע, פֿון גרויס
ביז קלײן רעספּעקטירן זי. מ'האָט זי ליב פֿאַר איר שײנקײט, נאָבעלקײט
און געטרײַשאַפֿט, מען רופֿט זי: „לײדי". פּאָול און ראָוז האָבן צוויי
קינדערלעך, אַ ייִנגעלע דוד'ל, אינגאַנצן געראָטן אין פֿאָטער זײַנעם
(ער איז ערשט געוואָרן פֿינף יאָר), און אַ מײדעלע העלען — פֿון דרײַ
יאָר — אַ קאָפּיע פֿון דער מאַמען. נישט אײנמאָל פֿלעגן די צוויי פֿרײַנד,
לואיס און פּאָול, נעמען זײערע קינדער קײן ניו יאָרק, צו די פּלעצער
וואו קינדער קענען פֿאַרברענגען און זיך צוקוקן צו די אויפֿרײַסנדיקע
פֿײַערוועלק. די פֿרײד פֿון די קינדער איז אויך די פֿרײד פֿון די
עלטערן. לואיס און פּאָול זײַנען בײַ זיך זײער שטאָלץ מיט זײער לאַנד,
מיט דער שטאָט ניו יאָרק, מיט די פּאַרקן און שײנע פּלעצער.

די פֿאַמיליע שוואַרץ באַוואוינט אַן אײנשטאָקיק הויז מיט אַ
שײנעם גאָרטן, וואָס האָט פֿיל בײמער, קווײטן און גראָזן. זײ וואוינען
אײן בלאָק פֿון דער פֿעקטאָרי. די פֿאַמיליע פֿרידמאַן וואוינט אין קווינס.
די הײם איז אים טײער, דאָ האָט ער געוואוינט מיט זײַן פֿרוי ביז זי
האָט איר זון געבוירן און איר לעבן פֿאַרלוירן. אַלץ אין הויז שטײט
אויפֿן זעלבן אָרט, ווי זי די פֿאַרשטאָרבענע האָט איבערגעלאָזן. מען
וואַשט דאָ נישט, מען „קלינט" דאָ נישט, און עס דוכט זיך אַז די
באַלעבאָסטע איז אויף אַ ווײַלע אַרויסגעגאַנגען און אַלץ וועט דאָ באַלד
ווערן געבראַנגט אין אָרדנונג ווי אַמאָל... און די שטוב וועט ווידער

אָפּהילכן די פרייד און געלעכטער פון די געסט... לואיס האָט שוין לאַנג געדאַרפט בייטן זיין וואוינפלאַץ, נאָר ער פילט, ווי ס׳וואָלט געווען אַ פאַרשווערונג... מען זוכט פאַר לואיס׳ן אַ שידוך, מען שלעפט אים צו פאַרברענגען, אָבער עס העלפט נישט, ער פאַרברענגט בלויז אין דער פרייער צייט מיט זיינע פריינד, די שוואַרץ־משפחה. די בעסטע צייט אָבער איז פאַר אים, ווען ער פאָרט צו זיין שוועסטער צו זען זיין ליב יינגעלע. ער ווערט ווי ניי געבוירן, עס ווילט זיך אים שטיפן און לאַכן, ער פאַרגעטערט דאָס קינד.

עס איז געווען אין (1948) יאָר ניינצן אַכט און פערציק, די מלחמות אויף דער וועלט האָבן זיך אַביסל איינגעשטילט, מען האָט זיך געגרייט צו פראַווען ניי־יאָר. אַזוי ווי דאָס ניי־יאָר גיט די אַרבעטער אָפּרו אויף דריי טעג, האָבן מר. און מרס. שוואַרץ, די קינדערלעך איבערגעלאָזן ביי פריינט און צוזאַמען מיט פרידמאַנ׳ען געפאָרן אָנקוקן ניו יאָרק אין ניי־יאָר. די צענטראַלע גאַסן שניי־ווייס, די שוי־פענצטער פאַרפּוצט מיט ליכט און שיינע בילדער, די מענטשן אויפגעלייגט און יומטובדיק, עס איז נאָך ווייט צו צוועלף (12) אַ זייגער ביי נאַכט. די גאַסן זיינען פול מיט טומל, יונג און אַלט, מאַן און פרוי, מען בלאָזט אין טרובעס, ווי אין קליינע שופרלעך, זיי מוזן פאָרן פאַמעלעך, עס איז אַ געדראַנג, אַ טומל, איינער שרייט איבער דעם צווייטן. בראָדוועי לעבט אויף די זייטיקע גאַסן פינקלען מיט פאַרביקע פייערלעך. די מאַשין קען ווייטער נישט פאָרן, נישט פאָראויס און נישט צוריק. ס׳קומט צו אַ בחור און קלאַפּט אָן אין פענסטער: — גייט אַרויס! דאָ פאָרט מען ניט! אַרום דער מאַשין שלייכן זיך דורך אַ סך גרימירטע און קאָסטיומירטע מיט געלעכטער און געשריי. פּאָול און לואיס לאַכן מיט, נאָר ראָוז איז דערשראָקן, פון די צופיל מענטשן מיט ווילדע פּנימער, שיכורע פון פרייד. ראוז בעט מען זאָל נישט עפענען דאָס פענסטער, זי האָט מורא. דער בחור דערהערט איר קול, איין מינוט האָט ער זיך איינגעקוקט אין איר און געגעבן אַן „אָרדער״: — מאַכן אַ וועג! זאָלן זיי פאָרן! די חברה האָט אים געפאָלגט, מען מאַכט אַ וועג און מען באַגלייט זיי צו אַ זייטיקער גאַס. דער בחור נעמט אַראָפּ זיין קאָלירטן יומטובדיקן הוט און פאַרנייגט זיך, ווי אַן אַרטיסט אויף

דער בינע. פרידמאַן עפנט דאָס פענסטער פון מאַשין, דערלאַנגט דעם פאַרשווין זיין קאַרט און בעט אים קומען זען. צופרידענע וואָס זיי האָבן זיך געראַטעוועט פונעם המון, זיינען די פריינט געפאָרן אַ היים צו זייערע ליבע קינדערלעך. די מענער האָבן געלאַכט און געלויבט דעם אומבעקאַנטן מאַן. ראָוז האָט געשוויגן, זי האָט זיך געשעמט צו זאָגן אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ גזלן, זי האָט פיינט אַזעלכע העלדן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, איז אין „אָפיס" פון פעקטאָרי אַריינ־געקומען אַ מאַן מיטן נאָמען, מייק גרין, דער זעלבער בחור, וואָס האָט געהאָלפן די פריינט אַרויספאָרן די מאַשין צום נייעם יאָר פונעם ניו יאָרקער געדרענג און טומל. פרידמאַן האָט נאָכאַמאָל באַדאַנקט, ביידע האָבן געלאַכט. נאָך אַ קורצן געשפּרעך האָט לואיס אויסגעפונען, אַז די אַלע, וואָס האָבן מייקן אַרומגערינגלט, זיינען זיינע „מענטשן" פון איין „גענג", צו וועלכע ער האָט אַמאָל באַלאַנגט. ער וויל זיך „סעטלען", ער קען זיך אָבער נישט האַלטן ביי קיין אַרבעט. דער גאַנצער געגנט אַרום ניו־לאָטס קען אים זייער גוט... אַז ס'טוט אַ צי צו זיינע „שטאַמ־געסט", לאָזט ער אַלץ שטיין און לויפט צו זיי. ער קען די אַרבעט פון אַ מעכאַניק, פרידמאַן לאַכט און ער לייגט אים פאָר צו אַרבעטן ביי אים, אפשר וועט ער דאָ מצליח זיין, עס וועט אים געפעלן איז גוט, טאָמער נישט, איז ער פריי צו טאָן ווי ער וויל.

אַזוי איז מייק פאַרבליבן אַרבעטן אין דער פעקטאָרי. ער פלעגט אָפט זעען פּאָולן ביי די מאַשינען, וואו ער האָט געאַרבעט, אויך ראָוז פלעגט קומען ברענגען עסן פאַר איר מאַן. מייק האָט נישט פאַרגונען פּאָולן זיין ווייב, ער פלעגט אַ פאַרביסענער נאָכקוקן איר יעדע באַוועגונג, איר ריידן און לאַכן, ס'איז אים אַליין געווען שווער צו באַשליסן, וואָס ער פילט צו דעם אינזשינערס ווייב: ליבע? אָדער האַס? זי ראָוז האָט געפילט אַן עקל צו אים, זי פלעגט דאָס אָפט איבעררריידן מיט איר מאַן און פריינט, זיי אָבער פלעגן לאַכן פון אירע רייד.

## קאַפּיטל דריי

איינמאָל, ווען ראָוז האָט געגרייט עסן פאַר איר מאַן, האָט זי פּלוצלינג דערהערט אַ סירענע, וועלכע האָט געוויינט מיט קולי־קולות. די מאַשינען זיינען אַנטשוויגן געוואָרן, מענטשן לויפן צום אָרט פון די מאַשינען, אויך זי, ראָוז לויפט פון איר שטוב, וואָס זי האָט געלאָזט אָפן, זי לויפט, ווי אַ שטורעם וואָלט זי געטראָגן, מענטשן לאָזן זי אַדורך, זי פרעגט: וואָס איז געשען? אַלע לאָזן אַראָפּ די אויגן, מען שווייגט, זי האָט מורא איבערצופרעגן, זי שטופּט זיך מיט די לעצטע כוחות, און דערזעט אויף דער ערד, נעבן אַריינגאַנג פון דער מאַשינערי, ליגט אַ מאַן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, דאָס פּנים קען מען נישט דערקענען, מען זעט בלויז אַ צעקוועטשטע מאַסע, וואָס איז איין שטיק בלוט, מען זעט בלויז זיינע קליידער. ראָוז האָט זיך נישט צעשריגן, נאָר די פּיס האָבן זיך איר אונטער געבראָכן, זי חלוש׳ט... — וואו בין איך? פרעגט ראָוז, ווען זי איז געקומען צו זיך. זי זעט אַ קליין צימער, אַ קליין בלוי לעמפּל ברענט נעבן איר, נעבן בעט שטייט אַ דאָקטער און אַ נוירס, מען פּרואווט איר פּולס, מען מעסט איר בלוט דרוק, מען מאַכט איר אַן איינשפּריצונג, זי לאָזט, זי לאָזט זיך אַלץ טאָן און זי שווייגט. זי ווייסט נישט וואו זי איז און וואָס מיט איר איז געשען. פּאַמעלעך, גאָר פּאַמעלעך אַרבעט ביי איר דער זכרון. פּאָול, רופט זי שטיל, פּאָול! די קראַנקען־שוועסטער קומט צו. זי קען זי פערזענלעך, דאָס איז דאָך די נוירס פון שפּיטאָל נעבן דער פעקטאָרי. זי ראָוז איז דאָ אַ סך מאָל געווען און גערעדט צו דער נוירס פון דעם אָדער יענעם קראַנקען. אָבער, וואָס איז געשען מיט מיר? לויפט אַדורך בליציק דאָס בילד פון איר שרעקלעך צעבלוטיקטן מאַן. — ניין! שרייט זי פּלוצים אויס — דאָס איז נישט פּאָול! זי פּרואווט זיך אויפזעצן און פאַלט צוריק. לאַנגע טעג און וואָכן איז ראָוז געלעגן קראַנק. ס׳זיינען צו איר געקומען פריינט, אָרעם און רייך, יונג און אַלט. זיי האָבן צו איר גערעדט און געטרייסט, זי האָט אויף זייערע רייד גאָרנישט געענט־פערט. זייער זעלטן פלעגט קומען לואיס פרידמאַן, אים האָט ווייגעטאָן, פאַרוואָס דער אומגליק האָט אים נישט געטראָפן, נאָר זיין פריינט, ער

האָט דאָך נישט קיין ווייב, פאַרוואָס נישט ער, ער האָט געדאַרפט אומקומען...

איינמאָל איז געקומען צו איר אין שפּיטאָל אויף אַ וויזיט — מייק. ראָוז האָט זיך צעוויינט און געבעטן, מען זאָל מייק'ן צונעמען, זי קען אים נישט זעען... אויפן דאָקטערס פראַגע: — פאַרוואָס? זי האָט דערויף נישט געקענט ענטפערן, אָן אינערלעך געפיל האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ האַס צו אים. לאַנגזאַם האָט ראָוז זיך דערהאָלט. פון פרידמאַנען האָט זי קיין הילף נישט געוואָלט. מען האָט דערציילט, אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין די מאַשינען און ווען פּאָול איז געקומען זעען וואָס עס איז געשען, האָט זעט אוים זיין קאָפּ זיך פאַרדרייט און ער איז געפאַלן אויפן לויפנדיקן פּאַס פון מאָטאָר און איז אויפן אָרט אומגעקומען.

צוביסלעך האָט ראָוז אָנגעהויבן אַרבעטן אין אָפיס. דאָס יינגערע קינד העלען, האָט זי געגעבן צו אירם אַ טאַנטע, וועלכע האָט ראָוז'ן אויך דערצויגן, דאָס יינגעלע דוד'ל האָט זי געלאָזן ביי זיך. אַ גאַנצן טאָג איז דוד'ל געווען אין קינדער־גאָרטן, ביינאַכט האָט זי אים אַ היים גענומען. דוד'ל איז איר איינציקע טרייסט. אין די פרייע טעג פון אַרבעט פאַרברענגט זי ביי איר טאַנטע מיט ביידע קינדער. זעלטן ווען ריידן איצט ביידע פריינט לואיס און ראָוז צווישן זיך. עס איז געוואָרן פוסט אָן פּאָול'ן.

אויך לואיס פאָרט יעדן פרייען טאָג צו זיין שוועסטער, מיט זיין קינד צוזאַמען, פילט ער זיך נישט אַזוי פאַרלוירען. דער איינציקער, וועמען ס'האָט גאַרנישט געאַרט דער טויט פון פּאָול שוואַרץ, איז געווען מייק. ער גייט אַרום מיט אַ קלוגעטשקן שמייכל, ער טשעפּעט זיך אָפּט צו ראָוז'ן, ווי נאָר ער באַגעגנט זי און זי האַסט אים נאָך מער, ווי אַמאָל.

אַ יאָר איז פאַרביי, דער אַרבעטס טאָג אין דער פעקטאָרי האָט זיך פאַרענדיקט. ראָוז האָט אַ היים געבראַכט ס'קינד פון קינדערגאָרטן, געגעבן אים עסן און אים געלייגט שלאָפן, דערנאָך איז זי אַרוים אין גאָרטן אויפצוהענגען אַ פּאָר שטיקלעך וועש אויף די שטריק, וואָס

זענען געווען פּאַרפּעסטיקט צווישן צווייביימער, ביים אַריינגאַנג פון גאָרטן, איז געשטאַנען לואיס. ס'איז געווען צווישן טאָג און נאַכט ביידע פּנימער קוקן זיך אָן ערנסט, נאָר ווארטן, וואָס איינער וועט זאָגן דעם צווייטן. פרידמאַן זאָגט שטיל: ראָוז, מיר זיינען לאַנגע יאָרן פריינט, פאַרוואָס אַרבעטסטו אַזוי שווער? דיר קומט דאָך געלט, דיין מאַן איז אומגעקומען ביי דער אַרבעט. ראָוז ענטפערט אים, איך וויל נישט אַזאַ געלט. זאָל פרידמאַן דאָס אַריינלייגן אין באַנק אויפן נאָמען פון די קינדער, ווען זיי וועלן אויפוואַקסן, וועט דאָס זיי צוניץ קומען. „ראָוז", — זאָגט לואיס, — „אין נאָמען פון אונדזער לאַנגיאָריקער פריינטשאַפט... לאָמיר חתונה האָבן און געבן אונדזערע קינדער אַ היים, זיי זיינען צעזייט און צעשפּרייט, דו מוזט מיך נישט ליב האָבן, מיט דער צייט וועלן מיר זיך צוגעוואוינען, איך וועל דיך מיט די קינדער אָפּהיטן מער ווי מיין לעבן. איך שווער ביי מיין פאַרשטאָרבענעם חבר און ברודער, איך בעט דיך, דו מוזט מיר נישט איצט ענטפערן, באַטראַכט זיך, איך וועל מאָרגן איבערפרעגן". און ער איז אַוועק. אין זעלבן מאָמענט, ווי הינטער זיין פּלייצע איז אויסגעוואַקסן מייק. ראָוז, דערזעענדיק אים, האָט זיך דערשראָקן און שנעל אַריין אין שטוב און פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר. די גאַנצע נאַכט האָט זי געטראַכט וועגן אירע קינדער און דעם פריינד פרידמאַן, וועלכער וויל זיי געבן אַ היים ער איז אַ גוטער מענטש, אַ פיינער פריינט, אָבער זי ליבט אים נישט און אפשר איז ער גערעכט, זי וועט זיך צוגעוואוינען. אויפצומאָרגנס, ווען אַלע אַרבעטער זענען זיך צעגאַנגען, האָט מען נאָך אַלץ געקענט זעען די ליכט אין צימער פונעם דירעקטאָר. מיט פּאַמעלעכע טריט, ווי נישט זיכער, איז ער ווידער שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג פון גאָרטן, אויך ראָוז איז דאָרט געשטאַנען און געוואַרט, זי האָט אים געדאַנקט פאַרן כבוד, זאָגנדיק: ער קען נאָך קריגן אַ שיינע יונגע מיידל אָן קינדער, זי שעצט זיין פריינדלעכקייט צו איר.

ווען לואיס האָט איר פאַרזיכערט, אַז זי איז די איינציקע, מיט וועמען ער וואָלט וועלן חתונה האָבן און געבן זיין ליבן זון אַ היים, האָט זי איינגעוויליגט. זי האָט געבעטן פאַרגעבונג, ער איז ביי איר העכער פון אַלע מענטשן אין אירע אויגן, אָבער ליב האָט זי אים

דערווייל נישט, אפשר, שפעטער. לואיס האָט איר געדאַנקט, שנעל זיך געזעגנט און געזאָגט, אַז ער האָט עפּעס פאַרגעסן אין אָפיס. ער האָט געלאָזן זיינע שליסלען אויפן טיש. ראָוז איז אַריין אין איר הויז זי האָט די טיר נישט פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן, מיינענדיק, אַז לואיס וועט באַלד אַריינקומען.

* * *

נישט אַזוי גרינג איז מייקן אָנגעקומען זיך צו האַלטן אויף איין אַרבעטס פּלאַץ אַ גאַנץ יאָר. ער האָט אַלץ און אַלעמען געהאַסט, קיינעם נישט פאַרגונען קיין שמייכל. ער האָט אָבער געהאַט זיינע טייוולאָנישע פּלענער. אין אויסזען האָט מען געקענט מיינען, אַז ער איז אַ העכסט אינטעלעגענטער מענטש. מיט אַ הויכן שטערן, כיטרע אויגן מיט אַ קוק, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט געוואוסט צי ער לאַכט, אָדער ער לאַכט־אָפּ... אַ שוואַרצן קאָפּ האָר מיט שוואַרצע וואָנסעס. זיין פּלאַן איז געווען צו מאַכן גלויבן דעם באַלעבאָס, אַז ער איז גוט צו יעדן, כדי קענען אים באַרויבן און אָפּווישן, אַלע שפּורן... ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן, דעם אָפּשטויסנדיקן בליק פון ראָוז'ן, צו דער זעלבער צייט האָט ער מורא געהאַט פאַר איר, ווי זי וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען. פּאַמעלעך, ווי אַ ווילדע חיה, האָט ער זיך געשפּילט מיט זיין קרבן... ער האָט „אָפּגערוימט" איר מאַן פּאָול, ווען ער איז געשטאַנען ביי די מאַשינען, האָט ער אים אַ שטופּ געטאָן אויפן לויפנ־דיקן פּאַס, וואָס טרייבט די רעדער דורכן מאָטאָר. אַזוי איז איר פּאָול דערהרגעט געוואָרן, קיינעם איז אין קאָפּ נישט געקומען, אַז דאָס איז נישט געווען קיין אומגליקס־פאַל. ווען ער האָט נאָך מער דערפילט איר האַס אין יעדן קוק אויף אים, האָט ער באַשלאָסן, ער וועט זי מאַכן אים צו פאָלגן, טויט אָדער לעבעדיק. זיין גאַנץ וועזן איז געוואָרן פאַרנומען מיט נאָכשפּיאָנירן, זאָל דאָס זיין דעם באַלעבאָס פון פעקטאָרי, אָדער ראָוז, זיין פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זיי ביידע זענען זיך אָפּט, קושן זיך און ווילן חתונה האָבן. ער האָט זיך געגעבן אַ שבועה: זי וועט זיין זיינע... ער האָט געטשעפּעט צו ראָוז'ן, געמאַכט איר קאָמפּלימענטן, זי אָבער, איז פון אים געלאָפן, ווי פון אַ מצורע, האָט זיין צאָרן נאָך מער געברענט אויף איר, ווייל

ער האָט זיך גוט געקענט, ער וועט נישט אויפגעבן... אַזאַ כאַראַקטער האָט ער (פון אים דרייט מען זיך נישט אַרויס, ער איז מייק גרין!).

ווען ער האָט אונטערגעהערט דעם ערשטן און צווייטן געשפּרעך צווישן ראָוז און לואיסן, האָט זיין צאָרן זיך אין אים נאָך מער צעברענט. „ראָוז האָט איינגעוויליגט צו זיין פרידמאַנס פרוי אָבער נישט איך!" שטיל ווי אַ קאַץ, האָט ער זיך אַריינגעגנבעט אין לואיסעס אָפּיס-צימער, מיט איין האַק פונעם האַמער, וואָס מייק האָט אין זיינע הענט, אַנגעטוענע אין הענטשקעס, האָט ער לואיסן צעשפּאָלטן דעם קאָפּ, ער האָט צוגענומען די שליסלען, אַרויסגענומען פון „סייף" ס׳געלט און נויטיקע פּאַפּירן, געכאַפּט דעם האַמער און געלאָפן צו ראָוז׳ס הויז, די טיר איז געווען אָפן, זי איז געשטאַנען ביים „סינק" און געגרייט עפּעס צו עסן. אַ טויט שרעק איז ראָוז׳ן באַפאַלן, ווען זי האָט דערזען מייק׳ן מיטן פאַרבלוטיקטן האַמער און בלוט אין זיינע אויגן. ער האָט איר אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געריטשעט צווישן די ציינער: „דו וועסט באַלאַנגען צו מיר! — אַזוי וויל איך און אַזוי וועט דאָס זיין! איך האָב דיין מאַן אַריינגעשטופּט אין מאַשין, אויך זיין פריינט פרידמאַן האָב איך איצט אָפּגעשיקט צו אים... דאָס זעלבע וועל איך טאָן צו דיר און צו דיין קינד, אויב דו וועסט נישט גיין מיט מיר, די מאַשין וואַרט שוין אויף אונדז, איך גיב דיר צען מינוט צייט", און ער איז אַרויס. איין מינוט איז ראָוז געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט, זי האָט נישט געוויינט, זי האָט שנעל צעגויפגענומען אַ פּעקעלע זאַכן און עסן פאַרן קינד, איבערלאָזנדיק די טיר אָפן און אַלץ אויף הפקר, האָט זי געכאַפּט דאָס שלאָפנדיקע קינד אויף די הענט און זיך געלאָזט לויפן. זי איז נישט געלאָפן צו דער שטאָט אָדער אין „פּאָלים-סטיישן", ניין! דאָרט ברענען שוין ליכט, ער, דער מערדער וועט זי כאַפּן און אויך איר יינגעלע אומברענגען, זי איז געלאָפן, צו דער פאַרשטאָט מיטן קינד אויף די הענט. זי איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער, דאָס קינד-שווערער און שווערער, די פיס אירע זיינען געוואָרן צעבלוטיקט, די קליידער-צעריסן. די כוחות האָבן זיך איר אויסגעלאָזט, זי האָט אַ שוואַכע זיך אַראָפּגעלאָזט און פאַרלוירן דעם באַוואוסטזיין. דאָס קינד האָט געוויינט און געשריגן מיט אַ הייזעריק קול. עס איז געווען צווישן

נאכט און טאָג, ווייט... ווייט... האָט זיך באַוויזן דער מאָרגן שטערן. אַ טיר האָט זיך געעפנט, — זלמן דער משומד, איז געבליבן שטיין און געקוקט אויפן בילד, שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון האָבן באַלויכטן אַ ליגנדיקע פרוי אויף דער ערד, נעבן איר אַ ייִנגעלע וויינט און שרייט, בעט און מאַכט מיט די קליינע הענטעלעך, די מאַמע זאָל צו אים רעדן. נישט ווייט פון זיי ליגט אַ קליין פּעקעלע פאַרקנופּט אין אַ טיכל, זעט אויס אַז דאָס באַלאַנגט צו דער פרוי. מר. בייקער האָט גערופן זיין פרוי און ברודער. זיי האָבן די אומגליקלעכע מוטער מיטן קינד אַריינגעבראַכט אין שטוב, געגעבן איר געוויסע טראָפּנס צו שמעקן און זי אָפּגעמינטערט און צוריקגעבראַכט צום לעבן, דאָס איר ערשט וואָרט איז געווען: דוד׳ל, מיין דוד׳ל! ס׳קינד איז געשטאַנען נעבן איר, ער האָט נאָך אַלץ געוויינט און געציטערט פון קעלט. מען האָט דעם קינד געגעבן עסן און טרינקען און אים געלייגט שלאָפן. מר. בייקער און זיין משפחה האָבן געפּרואווט באַרואיקן די אומגליקלעכע מוטער, ער האָט איר געזאָגט אַז ער און זיין פרוי האָבן נישט קיין קינדער, נאָר זיינער אַ ברודער, אַ בחור וואוינט מיט זיי, זאָל זי זיך באַרואיקן, קיינער וועט איר דאָ נישט טאָן קיין שלעכטס.

ראָוז איז נאָך אַלץ שוואַך, זי קען נישט פון בעט אַראָפּ, אויך פיבער האָט זי געקראָגן. דריי טעג איז זי געווען זייער קראַנק, זי האָט געשריגען פון שלאָף, מען זאָל איר ראַטעווען, דער מערדער וועט דאָס קינד דערהרגענען! זי האָט זיך געריסן ערגעץ לויפן, מען האָט זי קוים איינגעהאַלטן. ווען זי האָט זיך דערפילט בעסער און אָנגעהויבן נעמען עפּעס אין מויל אַריין און אויך פּאַמעלעך פון בעט אַראָפּגיין, האָט מר. בייקער זי געפרעגט, וואָס מיט איר איז געשען און צו זיין פאַמיליע קען איר העלפן. ראָוז האָט האַרציק באַדאַנקט די נאָבעלע מענטשן פאַר זייער פריינדלעכקייט צו איר מיטן קינד. זי האָט זיי אַלץ דערציילט, וואָס מיט איר איז געשען. די שטוב-מענטשן האָבן זיך איבערגעקוקט און מר. בייקער האָט געזאָגט: „מיר גלייבן דיר, אַז דו זאָגסט דעם אמת און מיר האָפן, אַז דאָ, ביי אונדז וועט דיר קיינער נישט ווי טאָן".

## קאַפּיטל פיר

מייק גרין איז געווען שכור פון פאַרגאַסענעם בלוט, ער האָט ראָאוז׳ן געגעבן צען מינוט. ער האָט אַרויסגעפירט דעם אויטאָ־מאָביל צו דער הינטערשטער טיר פון דער פאַבריק, די טיר ווערט נאָר גענוצט אין פאַל פון אַן אומגליק אָדער פייער. אין דער מאַשין האָט ער אַריינגעלייגט אַלע ווערטפולע פּאַפּירן און געלט, וואָס ער האָט צוגערויבט ביים דירעקטאָר מר. פרידמאַן פון „סייף", דעם האַמער האָט ער געלאָזט ליגן נעבן פרידמאַנען, און זיך געלאָזט לויפן נאָך ראָוז׳ן מיטן קינד. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט ער געפונען אַן אָפענע טיר, נישט ראָוז און נישט דאָס קינד זיינען געווען אין שטוב. אין דרויסן איז געווען פינצטער, ער האָט זי גערופן הויך אויפן קול, שכנים האָבן געעפנט פענצטער, אָבער גאָרניט פאַרדעכטיקט. קיין צייט צו פאַרלירן האָט מייק נישט געהאַט — זעט אויס — האָט ער געטראַכט — אַז זי איז געלאָפן אין פּאָלים, וואָס איז נישט ווייט פון פעקטאָרי, ער איז אַריין צוריק אין דער פאַבריק, געעפנט אַן הינטער טיר, וואָס קען גענוצט ווערן אין פאַל פון אַ פייער, ער האָט באַגאָסן אַלע צימערן מיט ברען־שטאָף און אונטערגעצונדן.

ווען ס׳פייער האָט אַרומגעכאַפּט כמעט אַלע צימערן, האָט ער געלאָזן די „סירענע" אַלאַרמירן, עס לויפן אַרבעטער, שכנים, פּאָלים און אַמבולאַנסן, דאָס פייער ווערט גרעסער. מייק שלעפּט אַרויס דעם קערפּער מיטן צעשפּאָלטענעם קאָפּ פון דעם אָפּיס און לייגט אים אַוועק אויף דער ערד נעבן די טרעפּ, ער נעמט דעם מיקראָפאָן און צעשרייט זיך: מענטשן! איר זעט? אונדזער פריינט, דער דירעקטאָר מר. פרידמאַן איז טויט! ראָוז האָט אים דערמאָרדעט! דאָס איז איר נקמה, פאַרוואָס איר מאַן איז דערהרגעט געוואָרן. מייק גיט אַ רעפּאָרט צו דעם דעטעקטיוו: איך האָב געהאַט אַן אַרבעט עפּעס צו פאַריכטן. מיין באַלעבאָס מר. פרידמאַן איז געזעסן אין זיין צימער און איבערגעקוקט פּאַפּירן, פּלוצים האָב איך דערפילט, אַז ס׳שמעקט רויך, איך לויף צו דעם באַלעבאָס טיר און הער, ווי ראָוז, דעם אינזשינערס פרוי שרייט: שטאַרב מערדער פון מיין מאַן! איך עפן די טיר און זע: ראָוז האַלט אַ האַמער, פרידמאַן ליגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ. איך האָב זיך

נישט דערשראָקן, איך לויף צו העלפֿן דעם באַלעבאָס, ערשט ער איז טויט, איך קוק זיך אַרום, ראָוז איז נישט דאָ, די פֿעקטאָרי ברענט, איך לויף און שרײַ — ראָוז!!! ראָוז!!! זי איז נישטאָ. אַלע האָבן געזען, ווי איך האָב איר געזוכט. מײַק גייט נאָך דעם בעט פֿון אַמבולאַנס, וואו עס ליגט פֿרידמאַן, וואַרט! שרײַט פֿלוצים אויס מײַק, איך וועל ברענגען דעם האַמער, מיט וואָס זי האָט אים דערהרגעט און ביז מען האָט באַוויזן עפּעס צו ריידן מיט אים, איז ער אַרײַן אין דער ברענענ־דיקער טיר, אַרויס דורך דער הינטער טיר און אַוועק מיט דער צו־געגרייטער מאַשין... קיינעם איז אויפֿן געדאַנק נישט געקומען צו קוקן הינטער דער געביידע. בײַ אַלע מענטשן, וואָס האָבן געזען ווי מײַק גרין האָט זיך געוואָרפֿן אין די פֿלאַמען, איז געבליבן דער אײַנדרוק, אַז מײַק, דער פֿרייליכער, אינטעליגענטער, גוטער און געטרייער מײַק, איז פֿאַרברענט געוואָרן.

פֿאַלים מיט דעטעקטיוום זײַנען אַרײַן אין הויז פֿון ראָוז שוואַרץ. די טיר אָפֿן, די שופֿלעדער און שאַפֿעס צעעפֿנט, קליידער און קינדער זאַכן אויף דער ערד, אין קיך אויפֿן פֿלאָר האָט מען געפֿונען בלוט־טראָפֿנס, זעט אויס אַראָפּגעקאַפּעטע פֿון האַמער. די לאַבאָראַטאָריע האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז פֿרידמאַנס בלוט. ראָוז מיטן קינד זײַנען נישט דאָ, איבערן בעט האָט מען געזען הענגען דאָס בילד פֿון ראָוז, און די פֿאַלים האָט דאָס בילד גענומען. מענטשן דערציילן צו רעפּאָרטערס: מען האָט געזען ראָוז'ן מיט פֿרידמאַנען אַ צוויי אויפֿ־דערנאַכטן ריידן בײַ דעם טויער. מען האָט געזען לויפֿן, מען האָט געהערט שרײַען פֿון מײַק'ן, אַז ער האָט געזוכט ראָוז'ן, אַלע פֿרײַנט און שכנים האָבן פֿאַרגעסן דאָס גוטס, וואָס זי, די ליידי, די נאָבעלע פֿרוי האָט אַמאָל געטאָן פֿאַר זיי, אַלע זײַנען געווען אויפֿגעבראַכט און געוואָלט נקמה נעמען פֿאַרן מאָרד פֿון גוטן באַלעבאָס מר. פֿרידמאַן. קיינער האָט נישט געצווייפֿלט, אַז מײַק האָט דערציילט דעם אמת, אַז זי ראָוז האָט דערהרגעט מר. פֿרידמאַן אַלם נקמה פֿאַר איר אומגע־בראַכטן מאַן דעם אינזשינער. אויף צעמאָרגנס האָט גאַנץ ניו יאָרק געוואוסט, אַז ראָוז שוואַרץ האָט דערהרגעט דעם דירעקטאָר מר.

פרידמאַן און פאַרברענט די פעקטאָרי אַלס נקמה פאַרן טויט פון איר מאַן און אַליין איז זי אַנטלאָפן מיטן קינד אויף די הענט.

מען האָט אַלעמען געוויזן איר בילד און געבעטן העלפן זי צו געפינען, עס איז אויך געווען אָנגעגעבן אַ באַשטימטן לוין פאַר דעם געפינער, דאָס האָט דעם דירעקטאָרס שוואָגער און שוועסטער געוואָלט געפינען די מערדערין פון איר ברודער און טאַטען פון קליינעם יינגעלע מאָרים. אימעצער האָט געלאָזט וויסן, אַז די מערדערין איז אין הויז פון מר. בייקער. פאָלים און רעפּאָרטערס זיינען באַלד געקומען און סתם אַזוי מענטשן פון נייגעריקייט. ווער ס׳האָט זיך געפרייט, ווער ס׳האָט געוויינט. אַ שוואַכע און אַ קראַנקע האָט מען ראָוז׳ן פון בעט אַרויס־גענומען, איר אָנגעטאָן קייטן אויף די הענט און זי אַרויסגעפירט פון שטוב. פאַרן פאַרלאָזן מר. בייקער׳ס שטוב, האָט זי אירע הענט אויפ־געהויבן צום הימל און געזאָגט: איך שווער ביי ג־ט, אַז איך האָב קיין בלוט נישט פאַרגאָסן און קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. דוד׳ל האָט געריסן די מוטער פאַרן קלייד, זיין קליין קערפּערל האָט אינגאַנצן געציטערט פון קעלט און געוויין. דאָס בילד האָט דער מאָלער, דער ברודער פון בייקער, געמאַכט אויף פּאַפּיר, מיט אַן אויפשריפט „די אומשולדיקע אין קייטן". מען האָט איר געשלעפּט איבער דער גאַס, וואָס איז געווען פאַרפלייצט מיט רעגן וואַסער, דער הימל האָט געוויינט מיט איר און איר קינד צוזאַמען אויף דעם אומרעכט צו דער אומגליק־לעכער.

## קאַפּיטל פינף

דער עולם האָט געברויזט מיט צאָרן, ס׳גערירכט האָט אוים־געקליבן אַ דזשורי פון מענער און פרויען. עס זיינען געקומען מענטשן, וואָס האָבן געוואוינט ניט ווייט פון פעקטאָרי און געאַרבעט מיט איר צוזאַמען. איינציגע האָבן געפאָדערט פאַר איר דעם „עלקטריק־טשער" (טויט שטראָף), אַנדערע האָבן ניט געגלויבט אַז די נאָבעלע, באַליבטע ראָוז, די ליבע שטאָלצע לידי, וועלכע האָט אַזוי פיל גוטס געטאָן פאַר מענטשן, איז שולדיק. זיי האָבן געבעטן די אומגליקלעכע צו באַפרייען. זי האָט קיינעם ניט געהאַט, וואָס זאָל איר העלפן, אַ לאָיער וואָס דער

קאָרט האָט באַשטימט, האָט זי פאַרטיידיקט, אויף אַלע פראַגן האָט זי געענטפערט: איך בין אומשולדיק, איך מוז גיין צו מיינע קינדער... מען האָט געטראַכט, אַז זי איז משוגע געוואָרן. מען האָט געפונען אויף אירע קליידער בלוט-פלעקן, זעט אוים סמנים פון געראַנגל מיט מייק'ן, דאָס זעלבע בלוט פון פרידמאַנס קערפער. די זעלבע טראָפּנס בלוט ווי אויפן פלאָר, (אויפן דיל) ביי איר אין שטוב. עדות האָבן זיכער געמאַכט, אַז זיי האָבן זי געזען מיט פרידמאַנען די לעצטע צוויי אויפדערנאַכטן. מייק גרין האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט איר געהערט ריידן מיט צאָרן צום דירעקטאָר, אַז זי וועט אים טויטן, אָבער דער עדות איז פאַרברענט געוואָרן. דער קלאַפּ איבערן קאָפּ פון פרידמאַנען, איז שווער געווען צו זאָגן, צי ס'איז געקומען פון אַ מאַן אָדער אַ פרוי, ווייל דער קערפער איז געווען אָפּגעברענט, דער קאָפּ געשוואָלן, קיין האַמער האָט מען ניט געפונען. — פאַרוואָס איז זי געלאָפן מיטן קינד אויף די הענט? ווער האָט איר נאָכגעיאָגט? זי ענטפערט ניט. אירע אויגן בלאַנדזשן, זי האָט מורא צו רעדן, ווי די ווענט וואָלטן געהאַט אויערן. זי זעט פאַר זיך די מיט בלוט פאַרגאָסענע אויגן פון מייק'ן, מיט דעם פאַרבלוטיקטן האַמער... זי שווייגט פאַר פחד, ער קען נאָך דאָס קינד אומברענגען. איר שווייגן, און דאָס אָפּט פאַרדעקן איר פּנים מיט ביידע הענט, רופן אַרוים אַ פאַרדאַכט, אַז זי איז שולדיק...

די דזשורי און ס'געריכט האָט איר פאַרמשפּט צו „דזשייל" אויף אַן אומבאַשטימטע צייט, ביז מען וועט אויסגעפינען מער איינצלהייטן וועגן דעם מאָרד... זי האָט דערויף גאָרנישט רעאַגירט, ווי זי וואָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען, נאָר געבעטן ג-ט, צו באַשיצן די קליינע קינדערלעך.

* * *

מען האָט ראָוז'ן געבראַכט אין „ראַיקערס-איילענד", די גרעסטע טורמע פאַר פאַרברעכער אין ניו-יאָרק. דאָס איז אַ טורמע, וואָס געפינט זיך אויפן אינדזל ביים איסט ריווער. דער וועג צו דער טורמע ווערט שטאַרק בעוואַכט. דאָ זיינען פאַראַן גוט איינגעאָרדנטע פאַבריקן, וואָס אַרבעטן אונטער דער אויפזיכט פון ציווילע אינסטרוקטאָרן. דאָ איז

פאַראַן אַ קליידער פאַבריק, אַ מעטאַל־שאַפּ, אויך אַ וועשעריי. די אַרעסטאַנטן, וואָס אַרבעטן קריגן באַצאָלט. פונעם געלט קען דער אַרעסטאַנט פאַר זיך קויפן נויטיקע זאַכן, אָדער אָפּשפּאָרן ביי דער **אַדמיניסטראַציע (אין קאַסע). אַלץ וואָס ווערט פּראָדוצירט אין טורמע** קען גענוצט ווערן, בלויז פאַרן געברויך פון דער טורמע. דאָ געפינט זיך אויך אַ „פּאַבליק־סקול״, אונטער דער אויפזיכט פון „באָרד אָוו עדיו־קעישאָן״, מען לערנט מיט די אַרעסטאַנטן — מענער און פרויען, אַלע „סאָבזשעקטס״, ווי אין די רעגולערע שולעס, די פאַרוואַלטונג פון טורמע שולע באַמיט זיך נישט צו באַשטראָפן די שולדיקע, נאָר ווי מעגליך אויסלערנען און אויסבעסרן זיי, מאַכן פון זיי נוצלעכע מענטשן, דורך אויסלערנען זיי פּראָפעסיעס. אויף „רייקערס־איילענד״ קומען אויך אַהער סטודענטן, וואָס פּראַקטעצירן אין פּסיכאָלאָגיע און פּסיכיאַטריע. ווען מען האָט ראָוז שוואַרץ געבראַכט אויפן אינדזל, האָט זי נאָר געטראַכט וועגן אירע קליינע קינדערלעך, ווער וועט אויף זיי אַכטונג געבן? אַפילו העלען איז נישט אין זיכערע הענט. איר אַנקל איז נישט לאַנג געשטאָרבן, די טאַנטע איז פון דעמאָלט־אָן קראַנק און וואָס וועט זיין מיט איר זונעלע דוד׳ל?, אַ, ווי דאָס קינד האָט געוויינט, וויפל זי האָט געבעטן ביים אויפזעער, זי וויל זעען די קינדערלעך, שטיינער־נע־מענטשן האָט זי געטראַכט. ראָוז איז געוואָרן אַ נומער גלייך מיט אַלע אַרעסטאַנטקעס. ווען מ׳האָט איר געבראַכט אין צימער מיט אַ סך פאַרברעכערינס, יונגע און אַלטע, האָט מען זי באַפאַלן מיט פראַגען:

— פאַרוואָס זי איז דאָ? וועמען האָט זי דערהרגעט? איז דאָס געווען אַ רויבער אָדער אַ ליבע אַפערע? זי איז אָבער געווען ווייט פון די מענטשן מיט אירע געדאַנקען, האָט זי זיי גאָרנישט געענטפערט. נאָר אין גיכן האָט מען אויף איר געקוקט, ווי אויף אַ משוגענע. טאָמער האָט זי יאָ גערעדט צו עמיצן, פלעגט זי נאָר דערציילן וועגן אירע קינדער־לעך, וואָס האָבן נישט ווער ס׳זאָל זיי העלפן. זי האָט זיך מיט קיינעם נישט געקריגט, אַלץ געפאָלגט און געטאָן איר אַרבעט, וואָס מען האָט פון איר געפאָדערט. אַ סך מאָל האָבן די אַרעסטאַנטקעס זיך געשאַפט מיט איר, זי האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט, וועמען אַרט דאָס? זי איז ווי אין זיך אַריין. מען האָט דאָס דערציילט די סטודענטן פון פּסיכאָלאָגיע און

פּסיכיאַטריע, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַזאַ שטילע, האַלב־צעמישטע אַרעס־טאַנטקע, האָבן זײ זיך גענומען פֿאַראינטערעסירן מיט איר, זײ האָבן אַלץ געפֿונען נאָרמאַל: איר אינטעליגענץ, זי איז דאָך געװען אַ „סאָשעל־װאָרקער", איר רײנקײט, אירע שטילע ענטפֿערס. אָבער, װען מען האָט איר געפֿרעגט — װאָס האָט איר געטריבן צו דערהרגענען מר. פֿרידמאַן, פֿלעגט זי אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ און ענטפֿערן שטיל, — איך האָב קײנעם נישט דערהרגעט און קײנעם קײן שלעכטס געטאָן. אויף אַ פֿראַגע צי מען קען איר עפּעס העלפֿן? פֿלעגט זי פֿאַרברעכן אירע הענט און גרױסע טרערן זײנען געפֿאַלן איבער איר פּנים. מײנע קינדערלעך, פֿלעגט זי אָפּט פֿרעגן, װאָס טוען מײנע קינדערלעך? װאו זײנען זײ און װער גיט אױף זײ אַכטונג? װיפֿל די סטודענטן האָבן זיך ניט געגריבלט אין איר „קיים", האָבן זײ נישט געפֿונען גענוג באַשולדיגונג װאָס זאָל דערװײזן, אַז זי איז דאָס די מערדערין. קײן משפּחה האָט זי ניט געהאַט, אױפֿן אַדרעס פֿון איר קראַנקע טאַנטע האָט מען קײנעם ניט געפֿונען. קײנער האָט זיך מיט איר ניט אינטערעסירט, אַפֿילו קײן פּריװואַטער לאָיער, װאָס זאָל װעלן איבער־נעמען איר „קיים". איז זי געזעסן די אומגליקלעכע מאַמע און יעדע פֿרײע מינוט, גערעדט צו די קינדערלעך און אַלײן זיך געענטפֿערט. זי האָט זיך נישט געמישט, אין די קריגערײען צװישן די אַרעסטאַנטקעס, אָדער אַ קריג צװישן די אַרעסטאַנטקעס און די אָנפֿירערס. זײ האָבן אײנע צו דער אַנדערער גערעדט שמוציקע רײד, זיך געשלאָגן, געזונגען, געשריגן און צעבראָכן זײערע אײגענע בעטן. צו איר איז דאָס אַלץ ניט דערגאַנגען. מען האָט דאָך איר שוין לאַנג פֿאַרעכנט פֿאַר אַ שטילע משוגענע און אױסנוצן איר און זיך לאָזן באַדינען פֿון איר, קען מען אױך, איז װעמען אַרט דאָס, װאָס זי איז מיט זײ? מען האָט אַ סך באַפֿרײט און נײע מענטשן געבראַכט, ביז מען האָט זיך אױף איר דערבאַרעמט און נאָכן אָפּזיצן 15 יאָר, האָט זי באַקומען אירע אַמאָליקע אַלטע קלײדער, װאָס זי האָט געטראָגן אײדער מען האָט זי אױפֿן אינדזל געבראַכט, אַ פּאָר דאָלער, װאָס זי אַלײן האָט ניט געװאוסט, אַז דאָס האָט זי אָפּגעשפּאָרט פֿון דער אַרבעט און אַ רעקאָמענדאַציע בריװ פֿון אַן אױפֿזעערין צו אַ פֿרײנט, זי זאָל קענען מילך פֿאַנאַנדער־

טראָגן פון אַ פּאַרם, זי דאַרף דאָך פּרנסה צו עקזיסטירן. ווידער האָט ראָוז זיך אומגעקערט צו דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, וואו זי האָט פאַרלוירן אירע יונגע יאָרן און אירע האָפענונגען, וואָס זי האָט געוועבט צוזאַמען מיט איר ליבן מאַן פּאָול.

איז וואו זאָל איך זוכן איצט מיינע קינדערלעך? זי האַלט שטאַרק אין האַנט דעם רעקאָמענדאַציע בריוו, וואָס די פּאַרוואַלטערן האָט איר געגעבן — אַ גוטע ליבע פרוי, זי האָט געוויינט, ווען זיי האָבן זיך געזעגנט, זי האָט איר געזאָגט: אַז ביי איר איז היינט יום־טוב, ווייל זי, ראָוז איז ענדלעך פריי, זי גלייבט, אַז ראָוז איז אומשולדיק און וועט נאָך געפינען אירע קינדערלעך.

אַלע פרימאָרגן פאָרט ראָוז מיט אַ פאַרמער־קאַר און אַ דרייווער. זי צעטראָגט די „באָטעלס" מילך צו די איינוואוינער פון די גרויסע הייזער, זיי באַדינען אַ גאַנצן בלאָק פון גרויסע הייזער אויף פלעטבוש עוועניו. מען שטעלט זיך אָפּ ביי אַ הויז, זי נעמט אַ קוישל מיט מילך־באָטעלס, קומט צו צו יעדער טיר, קלינגט אָן, גיט די מילך און קריגט געלט, אַמאָל לאָזט זי איבער די מילך ביי דער טיר און געלט קריגט זי אויפצעמאָרגנס, אַלע איינוואוינער גלייכן זי. איר גוט מאָרגן, איר טרויעריקער שמייכל, זאָגט עפּעס. זי פילט זיך שוואַך אין געזונט, אָבער, זי האָט נישט פאַרוועמען זיך צו באַקלאָגן.

## קאַפּיטל זעקס

איינמאָל, אין אַ שיינעם זוניקן הארבסט טאָג, איז ראָוז אַרויף די שטיגן פון לעצטן פלאָר און אָנגעקלונגען אין טיר. געעפנט האָט די טיר אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק מיט אַ פריינטלעכן שמייכל, דאָס מיידל זעט זי שוין אַזויפיל מאָל, האָט זי זי פאַרבעטן צו זיך אין צימער. דאָס פענצטער איז אָפען, אויפן פאַראפעט פון פענצטער זיינען געשטאַנען בלומען־טעפּ און אַ שטייגל מיט אַ קאַלירטן קאַנאַריק, וואָס האָט שיין געטשווירשערט. אין צימער איז זויבער, נישט צו רייך אָבער אַלץ מיט געשמאַק. יעדע זאַך געפינט זיך אויפן ריכטיקן אָרט. — איר איילט זיך? האָט דאָס מיידל געפרעגט, אפשר אַ קאַפי? ראָוז האָט שוין לאַנג

נישט געהערט אַזאַ מעלאָדישע שטים און געענטפערט: — איך האָב צײַט, דער דרײַווער זיצט אין „קענדי־סטאָר" און פאַרברענגט ביז איך צעטראָג די מילך, דערנאָך רוף איך אים. ראָוז האָט געטרונקען די קאַפּי און אירע טרערן געווישט, דאָס מיידל האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק און דערווײַל אַרײַנגעקוקט אין אַ זשורנאַל, ווען ס'מיידל האָט דערזען, אַז ראָוז קלײַבט זיך גיין, האָט זי איר געפרעגט פאַרוואָס זי זיצט נישט נאָך אַ ביסל און פאַרוואָס האָט זי, אַ פרוי, זיך אויסגעקליבן אַזאַ שווערע אַרבעט, ווי צו גיין אויף שטיגן און פאַנאַנדער טראָגן מילך? ראָוז האָט אַ ווײַלע געטראַכט און געצווייפלט: יאָ, אָדער נישט דערציילן איר געשיכטע פאַר אַ ווילד פרעמד מיידל? זי קען נאָך פאַרלירן איר אַרבעט, אָבער אַ צוטרוי, וועלכן זי האָט שוין לאַנג נישט געפילט צו מענטשן, האָט זיך אין איר דערוועקט און זי האָט איר דערציילט פון איר היים און קינדערלעך, פונעם טויט פון איר מאַן און פון איר מאַנס פרײַנט און אויך פונעם „דזשייל". ווען נאָר זי גייט פאַרבײַ אַ פּאַרק, קוקט זי אויף קינדערלעך, אפשר וועלן זיך אירע קינדערלעך אָפּזוכן, זי בענקט אַזוי און האָט שטילערהייט געוויינט. דאָס מיידל איז צוגעקומען, געגלעט אירע גרויע האָר און זי געבעטן זיך צובאַרואיקן, דאָס מיידל האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די קליינע קינדערלעך מוזן שוין זײַן גרויסע, ווײַל זי איז דאָך געזעסן 15 יאָר אין „דזשייל", זי גלויבט איר, דער פרעמדער גרויער פרוי, אַז אַלץ איז אמת און אַז זי איז אומשולדיק. נאָך דעם דערציילן, האָט איר די מיידל געפרעגט: — פיליכט, וואָלט ראָוז וועלן וואוינען מיט איר, זי אַרבעט בײַ „דיזײַנינג" און לערנט אין קאָלעדזש, עס קומט איר אָן שווער נעמען „קער" אויף איר היים, אַ מאָל לאָנדרי, אַמאָל אָפּקאָכן, אויב ראָוז וויל, וועלן זיי האָבן צוזאַמען אַ היים. עס איז צו שווער פאַר אייך זיך צו שלעפּן אויף די שטיגן. ראָוז שטייט אָן איבעררעשטע און גלייבט נישט אירע אויערן און אויגן... איר גלייבט מיר אַלץ, וואָס איך האָב אייך דערציילט און איר האָט נישט קיין מורא? איך זאָג דאָך אייך, אַז כ'בין אַ מערדערין... זיי גיבן זיך די הענט און ראָוז נאָך לאַנגע יאָרן — פון לײַדן — האָט געקראָגן אַ היים מיט אַ געטרײַער מיידל, ווי אַ טאָכטער, זי האָט פאַרוועמען צו זאָרגן און פאַר עמיצן זיך אויסצורעדן דאָס האַרץ. צוויי פרעמדע, אָבער נאָענטע — אַלט און יונג האָבן אַ בונד פון פרײַנטשאַפט געשלאָסן.

## קאַפּיטל זיבן

ווען די פּאָלים האָט געפירט ראָוז׳ן מיט קייטן אויף די הענט און דער קליינער דוד׳ל האָט זי געריסן פאַרן קלייד און געוויינט, האָט די מוטער געשוואָרן, אַז זי האָט קיין בלוט נישט פאַרגאָסן און קיינעם קיין שלעכטס געטאָן. מענטשן זיינען געקומען פון אומעטום, ביי ווענמען טרערן פון רחמנות זיינען געדונען פון די אויגן, ביי ווענמען די פויסטן (קולאַקעס) האָבן זיך געהויבן זי צו שלאָגן. דאָס קינד האָט יאָמערנדיק געוויינט, קיינער האָט אים נישט געזען, נאָר מר. בייקער מיט זיין משפּחה. דער רעגן האָט געגאָסן, דאָס קינד איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע וואַסער מיט אויסגעצויגענע הענטלעך און וויינענדיק גערופן ד׳ער מאַמען. ראָוז׳ן האָט מען אַוועקגעפירט אין אַ פּאָליציי מאַשין. מר. בייקער איז צוגעקומען, גענומען דאָס קינד פאַרן האַנט און אים צוגע־זאָגט, אַז ער וועט אים פירן צו דער מוטער. ווען מ׳האָט דוד׳לען געבראַכט אין בייקער׳ס הויז, איז ער געווען נאַס און שמוציק פון דער בלאָטע. מען האָט אים אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אין אַ לאַנג ווייס העמד און געלייגט שלאָפן, דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן און געקראָגן הויכן פיבער, ער האָט אָן אויפהער גערופן זיין מוטער און יאָמערדיק געוויינט. מען האָט אים געבראַכט נייע קליידער, אַ סך שפּילצייג, אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. מר. בייקער מיט זיין פרוי און ברודער האָבן באַשלאָסן צו בייטן דעם וואוינפּלאַץ. קיינער איז ניט געקומען בעטן דאָס קינד, זיי האָבן זיך באַזעצט אויף אושען עווענױ אין ברוקלין. זיי האָבן געשיקט דאָס קינד אין „פּאַבליק-סקול״. דאָס קינד האָט צו ביסלעך אַלץ פאַרגעסן וואָס ס׳האָט מיט אים געטראָפן. מר. און מרס. בייקער זיינען געוואָרן זיינע עלטערן.

אין הייסקול האָט דייוויד (דוד׳ל בייקער) זיך באַקענט מיט אַ פריינט מאָרים פרידמאַן. מיט יאָרן צוריק האָט מאָרים׳עס משפּחה געוואוינט אין ניו-דזשוירזי, איצט וואוינען זיי אין ניו-יאָרק, קיין עלטערן האָט זיין פריינט ניט, ער וואוינט מיט אַ טאַנטע אויף פלעטבוש עווענױ. מאָרים וואוינט אין אַ גרויס הויז אויפן העכסטן פלאָר, ער האָט אַ באַזונדער צימער. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס מאָרים איז אַ ייד און דייוויד ניט, זיינען זיי זייער באַפריינדעט, זיי קומען

איינער צום צווייטן צו גאַסט, אָדער מאַכן צוזאַמען די לעקציעס (האָומוואָרק). מאָרים און דייוויד ביידע הויכע, דאַרע. מאָרים האָט שוואַרצע האָר מיט ברענענדיקע שוואַרצע אויגן, דייוויד האָט בלאָנדע האָר מיט בלויע אויגן. קיינער וואָגט ניט צו באַליידיקן איינעם פון די צוויי פריינט, ווייל ביידע זיינען איינס. זיי לערנען אַ סך, האָבן ליב וויסנשאַפטלעכע לימודים. זייענדיק נאָך אין לעצטן יאָר הייסקול, האָט מאָרים פאַרטרויט זיין פריינט, אַז ער ליבט אַ מיידל מיט וועלכע ער איז ניט באַקאַנט. ער זעט זי אַלע טאָג, אַמאָל צוויי מאָל אַ טאָג, ער קען אָבער צו איר נישט רעדן, זי זעט אויס אין זיינע אויגן אַנדערש, ווי די אַנדערע מיידלעך. קום מיין פריינט און נעכטיק ביי מיר אַ נאַכט, וועסטו זי זען. דאָס פענצטער פון מאָריסעס צימער קומט אַרויס אין הויף, אַ גרויסער, ברייטער הויף מיט אַ פאַנטאַן אין דער מיט, וואָס באַשפּריצט די קווייטן, אַרום בענק, וואו מוטערס קומען מיט וועגעלעך און קליינע קינדער. די קינדערלעך שפּילן זיך און טומלען, די מאַמעס האָבן אַ סך צייט צו רעדן, אָדער מען שטריקט אַ קלייד פאַר אַ קינד.

גראָד אַנטקעגן מאָריסעס פענצטער, אויך אין גרויסן הויז זעט ער אַ מיידל שיין ווי אַ מלאך. ער האָט אויפגעהאָנגען פאָרהאַנגען, זי זאָל אים נישט קענען זען, ווי ער קוקט איר נאָך. דאָס מיידל עפנט ס'פענצטער, זי באַגיסט אירע פלאַנצן, וואָס שטייען אויפן פּאַראַפּעט, שטעלט אַוועק אַ שיסעלע מיט ברעקלעך שפּייז פאַר די פייגעלעך — אויב דער וועטער איז אַ גוטער, אַ שיינער, שטעלט די מיידל אַרויס אַ שטייגל מיט אַ פייגעלע. מאָרים זעט זי זיצן מיט אַן אָפן בוך, נאָר אירע פאַרחלומטע אויגן קוקן ווייט, ווייט... אַמאָל זינגט זי שטיל, אָבער איך הער... איך זע ווי זי קעמט אירע האָר... דייוויד זאָגט צו זיין פריינט מאָרים, אַז ער וועט קומען נעכטיקן און געבן זיין מיינונג. דייוויד האָט נאָך קיינעם ניט ליב... זעענדיק זי — גיט דייוויד צו — די מיידל איז פּרעכטיק שיין און גראַציעז, זי קליידט זיך שיין און איז אַנדערש פון די מיידלעך וועמען זיי קענען. אפשר איז זי אויך עלטער? וואָס וועט ער, מאָרים טאָן? ביידע צעלאַכן זיך. זיי זוכן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט איר. מאָרים האָט שוין אַ סך מאָל געפּרואווט איר אָפּוואַרטן ביים טויער און זי צו באַגריסן, זי ענטפערט אויף זיין

באַגריסונגג, אָבער זי גייט ווייטער און ער האָט נישט קיין מוט זי צו באַלעסטיקן מיט רייד.

אַזוי איז פאַרביי אַ יאָר. ביידע חברים גייען איצט אין ברוקלין קאָלעדזש, דאָ איז אַלע מאָל פריילעך. דער פּלאַץ איז גרוים מיט אַ סך אַריינגאַנגען, אַ גרויסע „לייברערי״ אַ פּלאַץ פאַר קאָנפערענצן, אפילו אַ שוהל פאַר פרומע בחורים, מען שעמט זיך נישט צו טראָגן קיין יאַרמולקעס, יעדער קליידט זיך ווי ער וויל. מיידלעך אין הויזן אָדער „מיני־סקוירטס״, בחורים מיט אַלערליי קאָסטיומען, מיט קורצע און לאַנגע האָר. נישטאָ קיין דרך־ארץ פאַר די „טיטשערס״ אָדער פּראָפּעסאָרן, ווער עס וויל לערנען, לערנט און אויב נישט, איז וועמעס עסק איז דאָס ,קיינער קאָן קיין דעה נישט זאָגן. נעבן דייוויד׳ן אויף אַ באַנק זיצט אַ מיידל, מיט אַ שיין היטעלע מיט קורץ געשוירענע האָר, אין דייוויד׳ס אויגן זעט זי אוים זייער אינטערעסאַנט. זי הערט זיך איין צום לעקטאָר און מאַכט נאָטיצן. דייוויד מאַכט זיך, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער לעקטאָר רעדט. דאָס מיידל, איר נאָמען איז ריסאַ, גיט אים צו פאַרשטיין. דייוויד פרעגט איר אין וועלכן יאָר קאָלעדזש זי איז? — אין דעם ערשטן יאָר, ענטפערט ריסאַ. מען גייט אַרוים פון אָדיטאָריום־זאַל, אַלע דריי צוזאַמען, ביידע פריינט און ריסאַ אין דער מיט, וועלכע וואוינט אין וויליאַמסבורג, מען גייט צוזאַמען צום באָס און מאָרגן וועט מען זיך ווידער זעען. איצט איז מאָרים מקנא זיין פריינט. זי, ריסאַ, איז אַ שיינע און אַ באַשיידענע מיידל. ער וואָלט אויך גערן געוואָלט קענען זיין אויסגעחלומטע שיינהייט... ער מוז אָבער וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט. ער האָט ניט קיין מוט, ווי זיין פריינט, זי צו פאַרטשעפּן.

עס איז זונטיק און ס׳שמעקט מיט פרילינג, די בוימער אוים־געפּוצטע אין צוויט (בליעכץ), דער הימל אַ בלויער און ס׳ווילט זיך גערן שפּאַצירן, פאַרברענגען, אָבער ביי די סטודענטן זיינען איצט די עקזאַמענס, טאָר מען די צייט נישט פאַרלירן. מאָרים און דייוויד גייען לאַנגזאַם איבער אושען עוועניו, זיי ריידן ביידע אין איין צייט און איינער דעם צווייטן שלאָגט איבער מיט די נייס: דעם פסח האָבן

ביידע זיך איינגעלאַדנט (פאַרבעטן) צום סדר צו ריסאַ קאַופמאַן. אין קאַלעדזש פראַוועט מען אויך אַ סדר, אָבער דאָס איז עפּעס אַנדערש, דאָ איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט ריסאַס עלטערן און מיט דער משפּחה. איר פאָטער איז אַ שוחט, זיי זיינען פרומע, אַזוי איז אויך זי, אָבער ריסאַ האָט געפּעל'ט ביי אירע עלטערן, אַז זי זאָל קענען אַ היים ברענגען אירע פריינד. דייוויד (דוד'ל) האָט אַנגעפרעגט ביי זיינע עלטערן מר. און מרס. בייקער, זיי האָבן אים דערלויבט, אויך מאָרים האָט געפרעגט ביי זיין טאַנטע, אויך זי האָט אים דערלויבט. ביים שוחט אין הויז זיינען די גרויסע צימערן ליכטיק, אין מיטן עס־צימער שטייט אַ לאַנגער טיש, באַדעקט מיט אַ ווייס־בלענדנדיק טישטוך, ס'פלעמלען די צעצונדענע ליכט, אַלע זיינען יום־טובדיק געקליידט, דער פאָטער מיט זיין גרויער באָרד אַנגעטאָן אינעם קיטל, זיצט אויף אַ ווייס געבעטע בעט, דער ווייַן און דאָס עסן אַזוי געשמאַק. מען דערציילט זיי די ניסים פון מצרים, פאַרוואָס מען עסט מצה. דאָס געזאַנג און אַן אַנגענעמענע קאָמפּאַניע האָט די פריינט ווי פאַרכישופט. שפּעט ביינאַכט זיינען די פריינט געקומען אַ היים. ריסאַ וויל מער ניט זען דייווידן, ער האָט איר דערציילט, אַז זיינע עלטערן זיינען ניט קיין יידן. זי האָט שטאַרק געוויינט, אים פאַרזיכערט, אַז זי האָט אים שטאַרק ליב, אָבער זי וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבן מיט דייווידן, ניט מיט קיינעם. ריסאַ האָט אים געזאָגט, אַז זי איז אַ יידישע טאָכטער, האָט ליב און איז שטאָלץ צו זיין אַ יידישע און געהערן צום יידישן פאָלק. דייוויד איז דערפון, זייער צעבראָכן, ער האָט זיין משפּחה אַלץ דערציילט, אויך ער וויל ניט ווי טאָן זיינע עלטערן.

ער וועט פּרובירן ריסאַן צו פאַרגעסן. גייענדיק אין קאַלעדזש האָט דייוויד דערציילט מאָרים'ן, אַז אים איז פּשוט שווער געוואָרן דאָס לערנען, ווייל ער קאָן ניט ריסאַן פאַרגעסן, ער האָט זי נאָך מער ליב, ווייל אין זיינע אויגן איז זי אַ העלדין. מיט אַמאָל איז די זון באַדעקט געוואָרן מיט שוואַרצע וואָלקענס און אַ רעגן האָט אַנגעהויבן גיסן. זיי זיינען צוגעלאָפן צו אַ גרויסן בוים זיך צו באַשיצן פון רעגן, ערשט אַ מיידל שטייט אויך אונטערן בוים, אין אַ זיידן־זומער קלייד אַ פאַר־נעצטע פון רעגן. מאָרים נעמט פון זיך אַראָפּ זיין דזשעקעט און בעט

איר זי זאָל אָנטאָן זיין דזשעקעט. דאָס מיידל דאַנקט אים אין אַ צעבראָכענעם ענגליש, ווי אַן אויסלענדערין. ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און דער רעגן האָט אויפגעהערט. די זון האָט זיך ווידער צעשיינט. דאָס מיידל גיט צוריק דעם דזשעקעט, גיט איר וויזיט קאַרט צו מאָריס׳ן נעמט אַ טעקסי און פאָרט אַוועק. ביידע פריינט לייענען איבער די וויזיט קאַרט: מיכאל לאַזאַראָוו, — אַ וואָ! זאָגט מאָריס, דאָס איז דאָך דער גביר, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג אָפּגעקויפט דאָס הויז וואו איך וואוין. ביידע צעלאַכן זיך — לאָמיר צוגיין און זעען, ווי עס זעט אויס אַ גביר, אפשר, וועט דאָס אונדז צוניצקומען...

די פריינט האָבן זייער וואָרט געהאַלטן, גאָר אין אַ קורצע צייט, זיינען זיי געקומען זי באַזוכן. מיכאל לאַזאַראָוו, דער פראַנצויזישער גביר האָט געהאַט אַ סך הייזער אין ברוקלין, ווי אויך די גרויסע הויז אויף פלעטבוש עוועניו, וואו מאָריס האָט געוואוינט, דער גביר אַליין האָט געוואוינט אויף פאַרק עוועניו, ווי עס פאַסט פאַר אַזאַ גרויסן גביר. ווען די צוויי פריינט זיינען געקומען זעען די טאָכטער דזשאַנעט לאַזאַראָוו, האָבן זיי באַגעגנט צוויי טיר היטערס (דאָרמענס), וואָס האָבן מיט גרויס כבוד זיי אָנגעוויזן דעם וועג צו דעם גביר׳ס אַפּאַרט־מענט. ווי דערשטוינט זיינען זיי געוואָרן ווען ז׳האָבן דאָרט געטראָפן דאָס מיידל, וועגן וועלכער מאָריס האָט אַזוי לאַנג געחלומט... מיס לאַזאַראָוו, אָדער דזשאַנעט האָט זיי פאָרגעשטעלט: דאָס איז דזשענטל־מען דייוויד און דאָס איז דזשענטלמען מאָריס און דאָס איז מיין שניידערקע אַ דעזיינערין, זי איז געקומען מיר מעסטן אַ קלייד. מאָריס האָט זיינע אויגן ניט געקאָנט אַוועקנעמען פון דער דיזיינערקע און ווען העלען די דעזיינערין האָט זיך געזעגנט, האָבן אויך ביידע פריינט זיך געזעגנט און צוגעזאָגט קומען אַ צווייט מאָל און מיט געגאַנגען באַגלייטן העלענען. די בעקאַנטשאַפט איז געשלאָסן. די פריינט פאַר־ברענגען צוזאַמען אַ סך. דייוויד איז דאַרער געוואָרן. ער זעט ניט מער ריסאָן, זי בייט אירע קלאַסן. אין ברוקלין קאַלעדזש טומלט זיך. קליינע גרופּקעלעך סטודענטן דרייען זיך אַרום אויסער די טויערן מיט פּלאַקאַטן אין די הענט. דאָ פּראָטעסטירט מען, וואָס מען האָט אַ גרופּע סטודענטן אַרויסגעוואָרפן. זיי, די סטודענטן רעוואָלטירן, זיי ווייסן

אַליין נישט פּאַרוואָס, עס איז אַ מאָדע אַזאַ (סטייל) צו סטרייקן. די פּלאַקאַטן שרייען: „מיר פאָדערן אַ גערעכטן משפּט!" נישט איינמאָל קומט צו אַ צוזאַמען שטוים מיט דער פּאָליס, שרייען די סטודענטן: „מיר ווילן ניט קיין פּאָליס!" „אַוועק מיט דער ראַסן פּאָליסי אין אונדזער קאָלעדזש", „נעמט אַרײַן טויזנט שוואַרצע און פּאָרטאָריקאַנער סטודענטן!" מאָרים און דייוויד מישן זיך נישט אין פּאָליטיק, זיי זיינען געקומען לערנען. זיי רעספּעקטירן די פּראָפעסאָרן, דעם „דיען" פון פּאַקולטעט, אָבער די סטודענטן מאַסע רעוואָלטירט. נעבן טויער פון קאָלעדזש איינגאַנג, אויפן אַספּאַלטירטן טראַטואַר, ליגן אויסגעצויגענע היפּים מיט בערד און לאַנגע ניט געשווירענע האָר, זיי האַלטן אויך אַ פּלאַקאַט: „סטודענטן! רעגירונג מיינט טויט!" „מיר פּראָטעסטירן קעגן דעם עסטאַבלישמענט!" פון וואַנען נעמט זיך צו דער יוגענט דער רעוואָלט? ווען איז דאָס געווען אַזאַ הפקרות? נישטאָ קיין צניעות־דיקייט ביי די מענער און פרויען. סעקס פאַרנעמט דעם אויבנאָן. מען פאַרברענגט צעהוליעט. מ'האָט פיינט געקראָגן טאַטע־מאַמע די „אָלד פעשען", די צוריק געשטאַנענע עלטערן, וועלכע פּרעדיקן נאָך אַלץ מענטשלעכקייט. נאָר געלט איז ניט טריפה, דאָס טוט די יוגנט אַ טובה און מען נעמט וואו נאָר ס'לאָזט זיך. די פריינט מאָרים, דייוויד און העלען דיסקוטירן אָפט די פּראָבלעמען. ס'ווילט זיך דער יוגנט עפּעס נייס, כאָטש מאַכן אַזאַ רעוואָלוציע, ווי אין רוסלאַנד. זיי ווייסן ניט דעם ווערט פון דאָלער און אַרבעט. מאָרים דערציילט: די אַדמיניסטראַציע האָט אָפּגעזאָגט אַן אינסטרוקטאָר פון סאָציאָלאָגיע, ווייל דער לערער האָט איינגעפירט אַ רעוואָלוציאָנערן קורס אָן דער גוטהייסונג פון זיין דעפּאַרטמענט, צום סוף זמן האָט ער געהייסן זיינע סטודענטן זאָלן זיך אַליין אויסטיילן זייערע שול־צייכענס, ניט נעמענדיק קיין עקזאַמענס. אַלע האָבן געקראָגן מאַרקס־„איי"... דייוויד, מאָרים און העלען קומען צום באַשלוס, אַז פון די סטודענטן, וואָס רעוואָלטירן, וועלן קיין אָנפירער פון אוניווערסיטעטן ניט אַרויסקומען, מען מוז לערנען וויסנשאַפטלעכע לימודים, רעספּעקטירן די פּראָפעסאָרן און די פירערשאַפט. די פריינט שטייען ניט אָפּ פונעם לעבן אין קאָלעדזש, אָבער זיי האָבן זייערע אייגענע מיינונגען, דערפאַר מישן זיי זיך ניט אין פּאָליטיק.

ניט איינמאָל באַגעגענען זיך דייוויד און ריסאַ, זיי דרייען אַוועק די בליקן איינער פון אַנדערן ניט אַרויסצווייזן די גרויסע ליבע, וואָס ברענט אין זיי און וואָס קאָן זיך נישט לעשן. זיי אַנטלויפן, וואָס שנעלער איינער פון צווייטן, אָבער זיי זיינען צעפרידן ניט צו זיין אַליין. אויך העלען האָט זיך באַקענט מיט ריסאַן. די פריינט נעמען זיך צענויף אין קליינעם באַקוועמען צימערל פון העלענען, וואו די מרס. ראָוז שוואָרץ זעט יעדן צו מיט אַ גוט וואָרט אָדער מיט אַ געשמאַקן מאַכל. ווער ביזטו העלען? האָט איר איינמאָל מאָרים געפרעגט, ווען זיי זיינען געגאַנגען צו אַ געבורטסטאָג-פייערונג אין דייווויד'ס הויז. —
„איך האָב דיר קיין סך ניט צו דערציילן פון מיר, האָט העלען געענט־פערט, מיינע עלטערן געדענק איך ניט, עפּעס אַן אומגליק איז מיט זיי געשען. ווי לאַנג איך געדענק בין איך געווען ביי מיין טאַנטע, זי איז אַלעמאָל געווען קראַנק, אָבער זייער געטריי צו מיר און מיך גוט צוגעזעען. איינמאָל האָט זי מיך געשיקט עפּעס קויפן אַ קלייניקייט, ווען איך בין צוריק געקומען, איז זי שוין געווען טויט. איך האָב געוויינט און זי געבעטן זי זאָל צו מיר ריידען, ווייל איך האָב געמיינט, אַז זי איז עפּעס ברוגז אויף מיר. מענטשן זיינען געקומען, מיך אַוועק־גענומען, מער האָב איך שוין מיין טאַנטע ניט געזעען אַ לעבעדיקע. מיך האָט מען אַריינגעגעבן אין אַ קינדער־היים, פאַר יתומים. איך האָב זיך אויסגעלערנט „דיזייניגנ” און ווען איך האָב אָנגעהויבן פאַרדינען, האָב איך מיר געדונגען אַ צימער, געאַרבעט און געלערנט, אַזוי האָב איך זיך מיט אייך אַלעמען באַקענט און איך בין גליקלעך ניט צו זיין אַליין. איך האָב אַ פרוי, וואָס העלפט מיר אַרוים אין הויז. איך האָב די פרוי, מרס. ראָוז שוואָרץ, ליב ווי אַ מאַמע, אויך זי האָט מיך ליב און איז מיר זייער געטריי”.

און ווער ביסטו, מאָרים? האָט העלען געפרעגט און ביידע האָבן זיך צעלאַכט. אויך מאָרים געדענקט ניט זיינע עלטערן, ער וואוינט ביי אַ טאַנטע, זי איז קראַנק און לעבט נאָר פאַר אים. ער וויל לערנען און קאָנען פאַרדינען. ער וויל חתונה האָבן מיט אַ מיידל, פון וועלכע ער חלומט שוין אַ פּאָר יאָר. מאָרים דערציילט העלענען, ווי ער פלעגט איר אָפּט נאָכשפּירן, ער האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך מיט איר צובאַ־

קענען און ווי דאַנקפּול ער איז צו איר באַקאַנטע דזשאַנעט, וואָס זי האָט זיי באַקענט. העלענס פּנים ווערט באַדעקט מיט אַ וואָלקן פון טרויער און זי זאָגט שטיל: — דזשאַנעט האָסט מיך דערפאַר, וואָס מיר זײַנען געוואָרן פריינט. אַ סך מאָל רופט זי אָפּ די פירמע, וואו איך אַרבעט, אַז נאָר איך זאָל קומען, ווען איך בעט, אַז עמעץ אַנדערש זאָל מיך פאַרבײַטן, קריגט זי זיך און צאָלט מער געלט, אָדער זי שרעקט דעם באַלעבאָס, אַז נאָר איך זאָל קומען, דער אמת איז, אַז איך האָב מורא פאַר איר, זאָגט העלען. דעם לעצטן מאָל — דערציילט ווייטער העלען — האָב איך בײַ איר ניט געוואָלט טרינקען קיין קאַפע, האָט זי מיך פּשוט געצווּנגען, זאָגנדיק, אַז זי וועט אויף מיר אָנריידן, נאָך דער קאַפע בין איך קראַנק געווען אַ פּאָר טעג, איך האָב עס דיר נישט געוואָלט דערציילן. מאַרים נעמט העלענס האַנט און באַדעקט איר מיט קושן, — איך בעט דיך טײַערע, נעם אָן מײַן פאַרבאָט און גיי נישט מער צו איר, פאַרוואָס האָסטו ניט גערופן אַ דאָקטאָר, מען וואָלט אפשר, פעסטגעשטעלט, וואָס אַזעלכעס ס'איז געווען אין דער קאַפע.

מרם. ראָוז שווארץ פילט זיך עפּעס נישט גוט, זי האָט אָבער מורא זיך צו באַקלאָגן, אפשר וועט מען איר אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. די פּיס זײַנען בײַ איר געשוואָלן, קוים וואָס זי שלעפּט זיך. עס איז זונטיק, מען לערנט ניט און מען אַרבעט ניט. העלען האָט פאַרבאָטן מרם. ראָוז אַראָפּצוגיין פון בעט, זי האָט פאַרבעטן אירע פריינט, זיי זאָלן קומען צו איר. העלען זאָגט צו מרם. ראָוז: — דו ביסט מיר אַ מאַמע, מעג (דאַרף) איך פאַר די עפּעס טאָן? ליג איין טאָג אין בעט, וועסט זיך אויסרוען, וועסטו זיך פילן בעסער, מײַנע פריינט קומען הײַנט צו אונדז. העלען האָט איר דערלאַנגט עסן און טרינקען, אויפגעראַמט דעם צימער. פּלוצים האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען, דזשאַנעט האָט גערופן העלען זאָל קומען צו איר. איך קאָן ניט הײַנט קומען, ענטפערט העלען, מײַן „רומעיד" איז קראַנק. עס האָט ניט געהאָלפן. מאַרים איז אַרײַנגעקומען, העלען האָט אים געבעטן צו זיצן מיט פרוי ראָוז. העלען האָט צוגעזאָגט זיך ניט לאַנג זאַמען און ניט ווילנדיק איז זי געגאַנגען. עס איז אַוועק אַ שעה, העלען איז ניט געקומען. עס זײַנען געקומען די אַנדערע פריינט. מאַרים האָט געבעטן אַכטונג געבן אויף ראָוז'ן און

אַליין איז ער אַוועק צו דזשאַנעט. דזשאַנעט האָט אים זייער פריינדלעך באַגעגנט און אים געבעטן זיך אַוועקזעצן. — וואו איז העלען? האָט מאָרים געפרעגט, דזשאַנעט איז געוואָרן צאָרנדיק און אָנגעהויבן היסטעריש שרייען: וואָס האָסטו דערזעען אין דער שניידערין? איך געפעל דיר ניט? מאָרים האָט איר אָפּגעשטופּט און דערזעען העלענען ביים טיש פאַרוואָרפן דעם קאָפּ מיט פאַרגלאַנצטע אויגן, אויפן טיש, אַ טעפּעלע קאַווע... „קאַם-אָן!" האָט מאָרים באַפעלעריש געשריגן צו דזשאַנעטן, ער האָט איר אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און זי צוגעשלעפּט צו איר טעלעפאָן. מאָרים האָט ניט גע'פּטר'ט קיין צייט, אַלץ איז פאַר מאָריסן געוואָרן קלאָר, אַז זיין העלען ראַנגלט זיך מיטן טויט... מאָרים האָט גערופן די פּאָלים און אַן אַמבולאַנס. דזשאַנעט האָט אים געביסן און זיך געריסן פון זיינע הענט, געשפּיגן אים אין פּנים. פּאָלים איז געקומען, און אויך אַן אַמבולאַנס מען האָט העלענען צוגענומען אין האָספּיטאַל און די פּאָלים האָט צוגענומען דזשאַנעטן צוזאַמען מיט דער קאָפּי. די שטוב האָט מען פאַרזיגלט. ווען דזשאַנעטס פאָטער מר. מיכאל לאַזאַראָוו איז אהיים געקומען, האָבן אים שכנים דערציילט, וואָס עס איז געשען אין זיין הויז און וואו זיין טאָכטער געפינט זיך איצט. אַריינקומען צו זיך אין הויז האָט ער ניט געקאָנט, די טיר איז געווען פאַרזיגלט און פּאָלים האָט געהיטן דעם אַריינגאַנג. לאַזאַראָוו איז שוין געווען געוואוינט, אַז זיין טאָכטער קאָן אָפּטאָן אַ סך מיאוסע און נידעריקע זאַכן און אַלעמאָל האָט אים געהאָלפן זיין רייכקייט, דאָס געלט און זיין נאָמען, ער פלעגט באַצאָלן, איינלייגן וועלטן זי ריינצוואַשן. דער פאָטער האָט גוט געוואוסט, אַז זיין טאָכטער דזשאַנעט, זיין בלוט און פלייש, וועט זיך נישט אָפּשטעלן פאַר גאָרניט, אפילו דערהרגענען דעם אייגענעם פאָטער, אַבי צופרידן שטעלן אירע בייזע פאַרלאַנגען. לאַזאַראָוו איז געקומען אין „פּאָלים-סטעישן" צו זען זיין טאָכטער און אפשר זי קאָנען באַפרייען. די פּאָלים האָט זיי געגעבן אַ מעגליכקייט צו רעדן אויג אויף אויג. דזשאַנעט איז געווען זייער אויפגערעגט און היסטעריש, ס'האָט ניט געהאָלפן דעם פאָטער'ס גוטע רייד. זי האָט אויף אים געשריגן, אַז אַלע אין „פּאָלים-סטעישן" זאָלן הערן: — „דו אויסוואורף דו! ווער ביסטו זאָלסט מיך לערנען? אין

מיר פליסט דיין מערדעריש בלוט... צוליב דיר בין איך דאָס, וואָס איך בין!" — דזשאָנעט! טאָכטער מיינע! האָט דער פאָטער זיך געבעטן ביי איר, באַרואיק זיך, וועל איך דיר קאָנען העלפן. עס זיינען געקומען דעטעקטיווס מיט פאַלים און אויפגעפּענט דאָס פאַרזיגלטע הויז פון מיכאל לאַזאַראָוו, מען האָט געזוכט און געפונען און גלייכצייטיק באַוואונדערט, ווי רייך דער פראַנצויז איז. צווישן די דעטעקטיווס איז אויך געווען אַן עלטערער מענטש, אין זיינע הענט האָבן זיך איצט געפונען פּאַפּירן, וואָס האָבן אַמאָל באַלאַנגט צו פרידמאַנען און אויך אַ פּאַספּאָרט אויפן נאָמען מייק גרין. דער דעטעקטיוו האָט אויך געפונען אַן אויסשניט פון אַ ציטונג, אַז מייק גרין איז פאַרברענט געוואָרן... דער אַלטער דעטעקטיוו האָט זיך דערמאַנט אַז קיינער האָט נישט געזעען, אַז מייק גרין איז אַרויס פון פעקטאָרי, זיין קערפּער האָט מען נים געפונען און אויך דעם האַמער, מיט וואָס פרידמאַן איז דערהרגעט געוואָרן האָט מען נים געפונען, נאָר אַ טיר וואָס פירט אין אַ פרעמדן הויף. דער דעטעקטיוו פילט זיך געטראָפן און טיף פאַר־שעמט, וואָס ער, אַ מענטש מיט אַ נאָמען פון אַ פּעאיקן און לאַנג יאָריקער דערפאַרונג, האָט אַ דורכגעלאָזט אַזעלכע פאַקטן. אַלע פּאַפּירן מיט די באַנק־ביכלעך האָט מען פאַרנומען. די טיר צוריק פאַרזיגלט און ווען קיינער האָט נים דערוואַרט, האָט מען מיכאל לאַזאַראָוו, אָדער מייק גרין אַרעסטירט.

ס'האָט לאַנג נים גענומען און אַלע צייטונגען זיינען אַרויס מיט דער נייס, אַז מען האָט געכאַפּט דעם אמת'ן מערדער פון פּאָול שוואַרץ און לואיס פרידמאַן. עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן נאָך געדענקט דעם פּראָצעס פון ראָוז שוואַרץ. ביי גוטע און שלעכטע פריינט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קרעכץ פון רחמנות אויף דער אומ־שולדיקער, אומגליקלעכער פרוי, מען האָט זיך ווי געשעמט איינער פאַרן צווייטן. אין „קאָרט", אויפן קרייץ פאַרהער פון אַלטן דעטעקטיוו, וועלכער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין פאַרן טעות אין פאַרמשפּט'ן די אומשולדיקע פרוי ראָוז שוואַרץ, ער דער הויכקוואַליפיצירטער דעטעקטיוו האָט געבראַכט מייק גרין צו אַ צוזאַמענברוך. אין פול געפּאַקטן זאַל מיט נייגעריקע מענטשן האָט געהערשט אַ טויטע שטיל־

קייט, מייק גרין האָט זיך מודה געווען און דערציילט, אַז ער טאַקע האָט אומגעבראַכט די צוויי פריינט פּאָול און לואיס, ער האָט געפילט אַ דאָרשט נאָך בלוט פאַרגיסונג און דאָס איז ניט געווען צוליב ליבע, נאָר צוליב קנאה, פאַרדאָרבנקייט.

ווען מייק האָט פאַרלאָזן די ברענענדיקע פאַבריק, האָט ער שוין געהאַט דאָס גאַנצע פאַרמעגן, וואָס ער האָט צוגענומען פון פרידמאַנס „סייף", ווי אויך אַ פּאַספּאָרט, וואָס ער האָט פאַר זיך צוגעגרייט, אַז ער איז אַן אויסלענדער. מייק גרין, אָדער מיכאל לאַזאַראָוו איז געקומען קיין פראַנקרייך מיטן רעכטן פוס... שיינע הייזער, פאַרוויילונגען, ער האָט אַפילו געהאַט צוויי פרויען, וועלכע ער האָט דאָמינירט און זיי זיינען פאַר דער צייט געשטאָרבן. איינע פון זיי האָט אים געלאָזן אַ טאָכטער — דזשאַנעט. ער האָט די טאָכטער פאַרגעטערט, געגעבן איר בילדונג, געלערנט שפּראַכן, מוזיק, זי אַריינגעפירט אין פיינע געזעלשאַפטן, געהאַלטן באַדינער. ס'האָט אים גאָרנישט געפעלט, נאָר אַ בענקשאַפט צום לאַנד, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, זיין פריילעכע געזעלשאַפט פון אונטערגרונט האָט אים געפעלט... ער פלעגט אַ סך דערציילן דזשאַנעטן, אַז ער קומט פון אַ „קאַנטרי", וואו עס איז ניט דאָ דאָס גלייכן, נישט ווילנדיק האָט ער צעצונדן אין דעם מיידל אַ פאַנטאַסטיש בילד פונעם גרויסן ניו-יאָרק, עס האָט זי, פונקט ווי דעם טאַטן, געצויגן קיין ניו-יאָרק. אַלץ האָט מייק גרין דערציילט און אויסגערעכנט, אָבער, אַז זיין אייגענע טאָכטער וועט אים אויסגעבן, דערויף האָט ער זיך ניט גערעכנט.

דזשאַנעט האָט געהאַט אַזאַ כאַראַקטער, פונקט ווי איר פאָטער, אַ סאַדיסטקע און אַ דעספּאָטקע, זי האָט אויסגעפירט יעדע זאַך, וואָס זי האָט פאַרטראַכט. איר גאַנץ לעבן האָט זי געגומען נקמה אין איר פאָטער, פאַר אַלע זיינע זינד. מייק גרין האָט געליטן פון זעאונגען, קאָשמאַרע חלומות האָבן אים פאַרפּלאָגט און ער פלעגט שרייען פון שלאָף, די פרויען האָבן מורא געהאַט פאַר אים, אָבער דזשאַנעט האָט אים אַלעמאָל געשראָקן מיט מסר'ען אים. אַלץ האָט זי פון אים צוגענומען און אים פיינט געהאַט מערער ווי אַלעמען אַרום איר. אין „קאָרט-רום" האָט זי אים געשפּיגן אין פּנים און ער האָט פּלוצים

אנגעהויבן לאַכן, זינגען און טאַנצן. דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ער איז משוגע געוואָרן, האָט מען אים פאַרשיקט אין אַ משוגעים הויז. אויך זיין טאָכטער דזשאַנעט, ווייל זי איז נאָך אַ מינדעריעריקע, האָט מען פאַרשיקט אין „רעפאָרם-סקול". דער אַלטער דעטעקטיוו האָט זיך געפילט זייער שולדיק, צוליב דער אומשולדיקער, אומגליקלעכער פרוי, ראָוז שוואַרץ, וועלכע איז פאַרשיקט געוואָרן אויפן אינדזל. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, ניט צו רוען ביז ער וועט אויפזוכן די משפחה און גוט מאַכן פאַר אירע ליידן, מיט עפּעס כאָטש פאַרריכטן דאָס אומרעכט, וואָס איר איז געשען.

## עפּילאָג

העלען איז לאַנג געלעגן קראַנק צווישן לעבן און טויט. דאָקטוירים האָבן אויסגעפּאָמפּט דעם סם פון העלענס קערפּער, וואָס זי האָט אַריינגעזופּט מיט דער קאַפע, וואָס דזשאַנעט האָט איר געצוואונגען צו טרינקען, שטייענדיק איבער איר מיט אַ מעסער אין האַנט אַ צעכעס'טע מיט ווילדע אויגן. ראָוז און די פריינט האָבן ניט פאַרלאָזן דאָס האָס-פּיטאַל, וואו העלען איז געלעגן. זיי האָבן זיך געביטן און טיילמאָל געזעסן אויף די טרעפּ, ווען אין וואָרט-זאַל האָט מען ניט דערלויבט, אַלע זענען געווען אָנגעשטרענגט און אויסגעזען שוואַך און פאַר-פינצטערט.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג, ווען העלען האָט געקענט פאַרלאָזן דאָס האָספּיטאַל. עס איז געגרייט געוואָרן אַ גרויסע סעודה ביי ראָבערט בייקער'ן אין הויז. אַלע פריינט האָבן זיך צוזאַמען גענומען חוץ ריסאַ, דעם שוחט'ס טאָכטער, זי האָט ליב געהאַט דייוויד'ן, אָבער געבליבן אַ יידישע טאָכטער. אויך דער דעטעקטיוו איז געקומען, ער האָט אויסגעפונען ראָוז'ן דורך דער אויפזעערין פון אינדזל, זיי זיינען געקומען מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען און „קענדים". אַלע האָבן זיך געפרייט מיט העלענס געזונט ווערן, מיטן נס, וואָס מען האָט געכאַפּט דעם אמת'ן מערדער פון פּאַול שוואַרץ און לואיס פרידמאַן. דער דעטעקטיוו גראַטולירט ראָוז'ן מיט דער גרויסער סומע געלט, וואָס מען האָט צוגענומען פון מייק גרין און איר געגעבן אַלס פאַרגיטיקונג. ער

ווינטשט איר צו געפינען די קינדער, ווייל פאַר זיי איז אויך דאָ אַ סומע געלט אין באַנק. ער גיט אויך צו זיין טעות, אַז אַן אומרעכט איז צו איר געטאָן געוואָרן, אָבער אין זיין אַרבעט קאָנען געשען „מיסטייקס", ער קאָן ניט בעטן קיין פאַרגעבונג, ניט ער אַליין איז שולדיק, אומ־שטענדן... דער אַלעמאָל שטילער און גוטער ברודער פון מר. בייקער, האָט זיך אויפגעשטעלט און געלאָזט וויסן, אַז אויך ער האָט פאַר ראָוז'ן אַ מתנה. ער איז אַריין אין זיין צימער און געבראַכט אַ בילד: ראָוז מיטן קליינעם יינגעלע ביי דער זייט, אירע הענט אין קייטן געהויבן צום הימל, אונטער דעם בילד אַן אונטערשריפט „די אומ־שולדיקע אין קייטן". אַלע שפּרינגען אויף, עס איז אַ צעטומלקייט, מען איז פאַרבליפט, ווער איז דאָס? ראָוז אָדער העלען??? ראָוז שרייט אויס: מיין קינד! מיין יינגעלע! מיין דוד'ל! און זי פאַלט חלשות. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי נאָך אַלץ געמורמלט: מיין קינד, מיין זונעלע! איך בענק נאָך דיר, מען האָט זי באַרואיקט און איר דערציילט, אַז דער קליינער דוד'ל איז איצט אַ גרויסער און אָט איז ער! מען האָט געבראַכט אַ פּעקעלע מיט זיינע אַלטע קליידער, מוטער און זון נעמען זיך אַרום און קושן זיך און דאָס איז דיין טאָכטער העלען, זאָגט מר. בייקער. מיר האָבן איר נאָכגעפאָלגט און געזעען אַז קיין בייז זאָל צו איר ניט געשען. אַלע זיינען צעפרידן און גלייכצייטיק צעטומעלט: וואָס געשענט דאָ? ראָוז האַלט אַרומגענומען אירע קינדער, זי וויינט און לאַכט, זי איז אַלעם מוחל און דאַנקט און לויבט ג־ט פאַרן חסד, וואָס ער האָט צו איר געטאָן. אַלע באַוואונדערן די גלייכגילטיקייט פון דייוויד'ן. ער איז דאַר און בלאַס און קיין שמייכל קומט ניט אויף זיינע ליפּן, ער טראַכט פון ריסאַ'ן, נאָך וועלכע ער הערט ניט אויף צו בענקן. ראָבערט בייקער שטעלט זיך אויף און בעט אַלעמען זיך זעצן. ער וויל נאָך עפּעס זאָגן. ער רעדט שטיל דורך טרערן: מיינע טייערע! איך ווייס ווי יעדער פון אונדז פילט היינט, דאָך ווייס קיינער ניט, וואָס איך לעב איצט אַ דורך פאַרא שרעקלעכע טראַגעדיע, אויב איר, מיינע ליבע, וועט מיך ניט אויסהערן, וועל איך כאַפּן אַ נערוון צוזאַמענברוך.

אַלע זיינען מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, יעדער האָט געטראַכט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן לעבן און טויט, אפילו דייוויד האָט דערזען טרערן

אין זײַן פֿאָטערס אויגן, איז ער צוגעגאַנגען צום פֿאָטער און אים אַ
גלעט געטאָן איבער דער פּלײצע און אים געבעטן זיך באַרואיקן,
ראָבערט האָט אַ שמײכל געטאָן און געדאַנקט זײַן זון. — ווי איר זעט
מיך, האָט ראָבערט בײקער געזאָגט, בין איך גאָרניט דער פֿאַרוועמען
איר קענט מיך... איך אַלײן קום פֿון אַ קלײן שטעטל אין פּוילן, מײַן
נאָמען איז זלמן גיטעלעס, מײַן פֿאָטער איז געווען אַ רבי און אַ
חזן, איך בין געווען זײַן משורר, מיך האָט געצויגן צו גרויסקייט. צוליב
מײַן שײנער שטימע, האָב איך פֿאַרלאָזן מײַן היים, מײַן גלויבן, מײַן
רעליגיע, איך האָב צעבראָכן די הערצער פֿון מײַנע טײַערסטע און
התונה געהאַט מיט אַ ניט יידיש מיידל אין אַ קלויסטער. איך האָב
געזינדיקט פֿאַר ג־ט און איך האָב געוואוסט אַז ער וועט מיר נישט
מוחל זײַן. אַלע מײַנע טײַערסטע זײַנען אומגעקומען דורך די מערדערי־
שע דײַטשן. מײַן מוטער איז געשטאָרבן פֿון עגמת נפש. איך מיט מײַן
ווײַב זײַנען לעבן געבליבן און פֿאַרפֿאָרן קײן אַמעריקע. איך ווײס
ניט פֿאַרוואָס ג־ט האָט מיר געהאָלפֿן. איך האָב אָפּגעזוכט מײַן אײנ־
אײנציקן געבליבענעם ברודער שעיה און אים צו זיך געבראַכט. ער
וואוינט מיט מיר און מיט מײַן משפּחה, אָבער זײַנען צווישן זיך פֿרעמד,
ווײַל ער איז געבליבן אַ ייד און ער איז ווי אַ דערמאָנונג וועגן מײַן
געפֿאַלנקייט. ג־ט האָט סײַ־ווי מיט מיר געטאָן אַ חסד... ער האָט מיר
צוגעשיקט אַ זון אַ פֿרעמדן, אָבער אַן אײגענעם. מיר איך און מײַן ליבע
פֿרוי האָבן אים דערצויגן, מיר פֿאַרגעטערן אים, ער האָט נאָך קײנמאָל
נישט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס מײַן ליבער ברודער שעיה פֿירט זיך אויף
אַזוי אויסטערליש. נישט ער רעדט מיט אונדז, ניט ער עסט מיט אונדז.
דײוויד'ן האָט ער זײער ליבט געהאַט, ער האָט אָבער דעם קינד
קײנמאָל ניט דערציילט אַז ער איז אַ ייד, ווײַל קײנער האָט אויף דעם
ניט געפֿרעגט. מיר האָבן אים דערצויגן אָן אַ רעליגיע, נאָר ווי אַ גוטן
מענטש, מיר זײַנען געווען צופֿרידן, וואָס ער חברט זיך מיט יידישע
פֿרײַנט. ביז נישט לאַנג האָב איך געטראַכט, אַז ג־ט וועט מיר קײנמאָל
ניט פֿאַרגעבן מײַנע זינד, איך האָב געוואוסט, אַז דײוויד האָט ליב אַ
יידיש מיידל. האָב איך מיר געמאַכט אַ סימן אויב אונדזער זון וועט
אונדז פֿאַרלאָזן, איז אַ סימן, אַז ג־ט וויל אונדז ניט קענען, אויב דער

זון בלייבט מיט אונדז וועל איך תשובה טאָן און ווערן אַ בעל תשובה. איך בין אַוועק צו אַ גרויסן רב אין ניו־יאָרק, איך האָב אים אַלץ דערציילט וועגן זיך, וועגן מיין צעבראָכן לעבן, וועגן מיין אמת׳ער הרטה, האָט ער מיר געגעבן אַן עצה: מיין פרוי זאָל זיך מגייר זיין, איך זאָל בייטן מיין וואוינפּלאַץ, זיך צוריק אָנרופן מיט מיין אמת׳ן יידישן נאָמען און אָפּהיטן אַלע יידישע דינים. תשובה טאָן איז קיינמאָל ניט צו שפּעט. מיין פרוי האָט מיר אַלעמאָל מיטגעפילט און איז געווען גרייט אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן, איך האָב מיט איר געלערנט די יידישע דינים. לעצטן יאָר בין איך און מיין פרוי געפאָרן קיין ישראל, געקומען צו אַ רב מיט אַ בריוו פון ניו־יאָרקער רב, ער האָט אונדז זייער פריינדלעך אויפגענומען און געהאָלפן קויפן אַ הויז אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. ראָוז טייערע! — זאָגט זלמן גיטעלעס (ראָבערט בייקער), דיין און אונדזער דוד האָט ליב אַ יידיש מיידל אַ שוחט׳ס אַ טאָכטער זי האָט אים אויך ליב, אָבער זי איז געטריי צו איר פאָלק און עלטערן זי וויל ניט קיין גוי און דוד האָט אונדז ניט געוואָלט ווי טאָן און ווערן אַ ייד... דאָס האָט ג־ט געטאָן אַז איך זאָל זען ווי פאַר־דאָרבן איך בין געווען, ווען מיינע עלטערן האָבן געוויינט פאַר מיר מיט בלוטיקע טרערן, אַז איך זאָל זיך אומקערן. גיי דוד׳ל, זון מיינער, זאָגט זלמן, — מיר האָבן דאָך דיך דערצויגן. אונדזער ליבע צו דיר איז שטאַרק. מיר וועלן דיך נישט פאַרגעסן און דו אונדז אויך ניט, גיי און זאָג דיין מיידל, אַז דו ביסט אַ ייד און ביסט ווערט צו זיין איר מאַן. אַלע פאַרזאַמלטע האָבן געווישט זייערע אויגן פאַר רחמנות צו זלמן גיטעלעס, וועלכער איז געשטאַנען מיט פאַרטרערטע אויגן.

זלמן האָט אויסגעצויגן זיינע ביידע הענט צו זיין ברודער שעיה, וועלכער איז געשטאַנען און געווישט זיינע אויגן. ביידע ברידער האָבן זיך צוריקגעפונען, זיי זיינען געפאַלן איינער דעם אַנדערן אויף די אַקסלען און זיך צוגעדריקט איינער צום צווייטן. ביידע האָבן געוויינט אויפן קול, ווי קליינע קינדער. זלמן האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעריסן פון זיין ברודער און מיט אַ שטיל קול געבעטן: — אויב זיינע פריינט פאַרדאַמען אים ניט, בעט ער מען זאָל אים טאָן דעם כבוד און מיט פאָרן מיט דער ליבער ראָוז און אירע קינדער קיין ישראל, וואו ער וועט

קאָנען בײַזײַן זײַערע חתונות, די הוצאות וועט ער צאָלן, ער האָט געבראַכט גענוג געלט פון דער צײַט, ווען ער איז געווען אַ זינגער. אַלע האָבן געשמייכלט און געגעבן אים די האַנט, נאָר דוד איז צו צום פאָטער און האָט אים אַ קוש געטאָן און שנעל אַרויס פון הויז, אַלע האָבן פאַרשטאַנען.

דוד האָט ניט אויפגעהערט צו שרײַען: איך בין אַ ייִד! אַ ייִד! און ריסאַ וועט זײַן מײַנע.

